## ARTICLE. VI.

[1] All Debts contracted and Engagements entered into, before the Adoption of this Constitution, shall be as valid against the United States under this Constitution, as under the Confederation.

[2] This Constitution, and the Laws of the United States which shall be made in Pursuance thereof; and all Treaties made, or which shall be made, under the Authority of the United States, shall be the supreme Law of the Land; and the Judges in every State shall be bound thereby, any Thing in the Constitution or Laws of any State to the Contrary notwithstanding.

[3] The Senators and Representatives before mentioned, and the Members of the several State Legislatures, and all executive and judicial Officers, both of the United States and of the several States, shall be bound by Oath or Affirmation, to support this Constitution; but no religious Test shall ever be required as a Qualification to any Office or public Trust under the United States.

## ARTICLE. VII.

[1] The Ratification of the Conventions of nine States, shall be sufficient for the Establishment of this Constitution between the States so ratifying the Same.

DONE in Convention by the Unanimous Consent of the States present the Seventeenth Day of September in the Year of our Lord one thousand seven hundred and Eighty seven and of the Independance of the United States of America the Twelfth **In Witness** whereof We have hereunto subscribed our Names,

G$^{o}$: WASHINGTON — *Presidt.*
*and deputy from Virginia*

The Word, "the", being interlined between the seventh and eighth Lines of the first Page, The Word "Thirty" being partly written on an Erazure in the fifteenth Line of the first Page, The Words "is tried" being interlined between the thirty second and thirty third Lines of the first Page and the Word "the" being interlined between the forty third and forty fourth Lines of the second Page.

[NOTE BY PRINTER. — The interlined and rewritten words, mentioned in the above explanation, are in this edition, printed in their proper places in the text.]

Attest WILLIAM JACKSON *Secretary*

## ארטיקעל VI

[1] אַלע שולדען און פערפּפליכטונגען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען איידער דיזע קאָנסטיטוציאָן ווערט אָנגענומען זאָלען בלייבען אין דער זעלביגער קראַפט געגען דיא פעראייניגטע שטאַאטען אונטער דיזער קאָנסטיטוציאָן, וויא אונטער דער קאָנפעדעראַציע.

[2] דיזע קאָנסטיטוציאָן און דיא געזעצע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, וועלכע וועלען לויט איהר געמאַכט ווערן, און אַלע טראַקטאַטען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אָדער וואָס וועלן געמאַכט ווערן מיט פרעמדע פעלקער אונטער דער רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, זאָלען זיין דאָס העכסטע געזעץ פון לאַנד; און דיא ריכטער אין יעדען שטאַאט זאָלען זיין דערצו געבונדען, ניט קוקענדיג אויף קיין קאָנסטיטוציאָן און קיינע געזעצע פון וועלכען עס איז שטאַאט געגען דעם.

[3] דיא סענאַטאָרען און פערטרעטער וואָס זיינען דערמאָנט אויבען און דיא מיטגליעדער פון דיא לעגיסלאַטורען אין דיא פערשיעדענע שטאַאטען און אַלע עקזעקוטיווע און געריכטליכע בעאַמטע, סיי פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען און סיי פון דיא בעזונדערע שטאַאטען, זאָלען דורך אַ שבועה אָדער עהרענוואָרט זיין געבונדען צו אונטערשטיצען דיזע קאָנסטיטוציאָן; אָבער קיין שום פערהער אין רעליגיאָן זאָל קיין מאָל ניט געפאָדערט ווערן אַלס אַן אייגענשאַפט פאַר וועלכען עס איז אַמט אָדער עפענטליכע שטעלע אונטער דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

## ארטיקעל VII

[1] דיא בעשטעטיגונג אויף דיא קאָנווענציאָנען פון ניין שטאַאטען זאָל זיין גענוגענד צו שטעלען אין קראַפט דיזע קאָנסטיטוציאָן צווישען דיא שטאַאטען וואָס וועלן איהר גוטהייסען.

אַזוי איז געמאַכט געוואָרען אויף אַ קאָנווענציאָן מיט דעם איינשטימיגען בעשלוס פון דיא אַנוועזענדע שטאַאטען דעם 17טען סעפּטעמבער, אין דעם יאָהר 1887, און אין דעם צוועלפטען יאָהר פון דער אונאַבהענגיגקייט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון אַמעריקאַ. אַלס עדות דערפון האָבען מיר דאָ אונטערגעשריבען אונזערע נעמען,

דזשאָרדזש וואַשינגטאָן

פּרעזידענט און פערטרעטער פון ווירדזשיניא.

בעשטעטיגט וויליאַם דזשעקסאָן, סעקרעטער.

צו דיא געזעצע, אַרכיוו-פּאַפּיערען און געריכטליכע פערהאַנדלונגען פון יעדען אַנדער שטאַאט; און דער קאָנגרעס קען דורך אַלגעמיינע געזעצע בעשטימען וואָס פאַר בעווייזע אַזעלכע געזעצע, אַרכיוו-פּאַפּיערען און געריכטליכע פערהאַנדלונגען זאָלען דאַרפען האָבען און וויא זיי זאָלען ווירקען.

אַבשניט 2. [1] דיא בירגער פון יעדען שטאַאט זאָלען זיין בערעכטיגט צו אַלע פּריווילעגיען און פריוויהייטען וואָס עס געניסען דיא בירגער פון אַנדערע' שטאַאטען. 1)

[2] איינער וואָס איז אָנגעקלאָגט אין וועלכען עס איז שטאַאט אין פעררעטה אָדער אין וועלכען אַנדערן גרעסערן אָדער קלענערן פערברעכען, און ער אַנטלויפט פון גערעכטיגקייט און מען געפינט איהם אין אַן אַנדער שטאַאט, זאָל אויף דער פאָדערונג פון דער עקזעקוטיווער מאַכט פון דעם שטאַאט, פון וואַנען ער איז אַנטלאָפען, אויסגעליפערט ווערן, כדי מען זאָל איהם אַוועקפיהרען אין דעם שטאַאט וועלכער האָט דאָס רעכט צו פּראָצעסירען איהם פאַר'ן פערברעכען.

[3] [קיינער וואָס דאַרף דיענען אַלס קנעכט אָדער טהאָן געצוואונגענע אַרבייט אין אַ שטאַאט, וואו דאָס איז געזעצליך ערלויבט, און ער אַנטלויפט אין אַ צווייטען שטאַאט, זאָל ניט בעפרייט ווערן פון זיין קנעכטשאַפט אָדער געצוואונגענע אַרבייט, צוליב דעם וואָס אין דעם צווייטען שטאַאט איז דאָס ניט געזעצליך, און מען זאָל איהם אויסליפערן אויף'ן פערלאַנג פון דעם צד, וועמען ער דאַרף דיענען אָדער פאַר וועמען ער דאַרף טהאָן דיא אַרבייט] 2)

אַבשניט 3. [1] דער קאָנגרעס קען אַריינגעהמען נייע שטאַאטען אין דיזען בונד; נור קיין נייער שטאַאט זאָל ניט געמאַכט ווערן אין דעם אָרט וואָס געהערט צו אַן אַנדער שטאַאט; אויך זאָל ניט געמאַכט ווערן אַ שטאַאט דורך דער פעראייניגונג פון צוויי אָדער מעהרערע שטאַאטען, אָדער פון טיילען פון שטאַאטען, אָהן דער צו-שטימונג פון דיא געזעץ-געבער פון דיא שטאַאטען, וועמען דאָס איז נוגע, וויא אויך פון דעם קאָנגרעס.

[2] דער קאָנגרעס זאָל האָבען דיא מאַכט צו טהאָן וויא ער פערשטעהט און מאַכען אַלע נויטיגע כללים און פעראָרדנונגען אין בעצוג צו טעריטאָריעס אָדער אַנדער אייגענטהום וואָס בעלאַנגט צו דיא פעראייניגטע שטאַאטען; און קיין זאַך אין דיזער קאָנסטיטוציאָן זאָל ניט אויסגעליגט ווערן צום שאַדען פון דיא רעכטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען אָדער פון וועלכען בעזונדערן שטאַאט.

אַבשניט 4. [1] דיא פעראייניגטע שטאַאטען זאָל גאַראַנטירען יעדען שטאַאט אין דיזען בונד אַ רעפּובליקאַנישע פאָרם פון רעגיערונג, און זאָל בעשיצען יעדען פון דיא שטאַאטען געגען אַ שונא וואָס בעפאַלט פון אויסען, און אויף דעם פערלאַנג פון דער לעגיסלאַטור אָדער פון דעם עקזעקוטיוו (אויב דיא לעגיסלאַטור קען ניט צוזאַמען-גערופען ווערן) געגען אינערליכע אונרוהען.

## אַרטיקעל V

[1] דער קאָנגרעס זאָל, ווען נור צוויי דריטעל פון ביידע הייזער וועלן עס געפינען פאַר נויטיג, פאָרשלאָגען צו מאַכען ענדערונגען צו דיזער קאָנסטיטוציאָן, אָדער, אויף דעם פערלאַנג פון דיא לעגיסלאַטורען פון צוויי דריטעל פון דיא פער-שיעדענע שטאַאטען אַ קאָנוועניציאָן מיט'ן צוועק פאָרצושלאָגען ענדערונגען, וועלכע זאָלען אין יעדען פאַל האָבען אַזאַ קראַפט פאַר אַלע אַבזיכטען און צוועקען וויא זיי זאָלען זיין אַ טייל פון דיזער קאָנסטיטוציאָן, ווען דיא לעגיסלאַטורען פון דריי פיערטעל פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען וועלן זיי גוטהייסען, אָדער ווען מען וועט זיי ראַטיפיצירען אויף קאָנווענציאָנען אין דריי פיערטעל פון דיא פערשיעדענע שטאַאטען, און דער קאָנגרעס זאָל בעשטימען אויף וועלכען פון דיא צוויי אופנים זאָל דיא ראַטיפיקאַציאָן צוגעהן; מיט דעם תנאי אַז [קיין ענדערונג וואָס וועט געמאַכט ווערן פאַר'ן יאָהר 1808 זאָל פאַר קיין פאַל ניט בעריהרען דיא ערשטע און פיערטע פאַראַגראַפען אין דעם נוינטען אַבשניט פון דעם ערשטען אַרטיקעל; און אַז] 3) קיין שטאַאט זאָל, אָהן זיין צושטימונג, ניט פערלירען זיינע גלייכע שטים-רעכט אין דעם סענאַט.

---

1) דיא פונקטען זיינען פערגרעסערט דורך ענדערונג XIV.
2) דער פונקט איז פערביטען דורך ענדערונג XIII.
3) דער פונקט האָט געהאַט אַ צייטליכען כאַראַקטער.

the Congress may by general Laws prescribe the Manner in which such Acts, Records and Proceedings shall be proved, and the Effect thereof.

SECTION. 2. [1] The Citizens of each State shall be entitled to all Privileges and Immunities of Citizens in the several States.[1]

[2] A Person charged in any State with Treason, Felony, or other Crime, who shall flee from Justice, and be found in another State, shall on Demand of the executive Authority of the State from which he fled, be delivered up, to be removed to the State having Jurisdiction of the Crime.

[3] [No Person held to Service or Labour in one State, under the Laws thereof, escaping into another, shall, in Consequence of any Law or Regulation therein, be discharged from such Service or Labour, but shall be delivered up on Claim of the Party to whom such Service or Labour may be due.] [2]

SECTION. 3. [1] New States may be admitted by the Congress into this Union; but no new State shall be formed or erected within the Jurisdiction of any other State; nor any State be formed by the Junction of two or more States, or Parts of States, without the Consent of the Legislatures of the States concerned as well as of the Congress.

[2] The Congress shall have Power to dispose of and make all needful Rules and Regulations respecting the Territory or other Property belonging to the United States; and nothing in this Constitution shall be so construed as to Prejudice any Claims of the United States, or of any particular State.

SECTION. 4. [1] The United States shall guarantee to every State in this Union a Republican Form of Government, and shall protect each of them against Invasion; and on Application of the Legislature, or of the Executive (when the Legislature cannot be convened) against domestic Violence.

## ARTICLE. V.

[1] The Congress, whenever two thirds of both Houses shall deem it necessary, shall propose Amendments to this Constitution, or, on the Application of the Legislatures of two thirds of the several States, shall call a Convention for proposing Amendments, which, in either Case, shall be valid to all Intents and Purposes, as Part of this Constitution, when ratified by the Legislatures of three fourths of the several States, or by Conventions in three fourths thereof, as the one or the other Mode of Ratification may be proposed by the Congress; Provided that [no Amendment which may be made prior to the Year One thousand eight hundred and eight shall in any Manner affect the first and fourth Clauses in the Ninth Section of the first Article; and that] [3] no State, without its Consent, shall be deprived of it's equal Suffrage in the Senate.

[1] Provisions extended by Amendment XIV.
[2] Superseded by Amendment XIII.
[3] Temporary in its nature.

## ARTICLE. III.

SECTION. 1. [1] The judicial Power of the United States, shall be vested in one supreme Court, and in such inferior Courts as the Congress may from time to time ordain and establish. The Judges, both of the supreme and inferior Courts, shall hold their Offices during good Behaviour, and shall, at stated Times, receive for their Services, a Compensation, which shall not be diminished during their continuance in Office.

SECTION. 2. [1] The judicial Power shall extend to all cases, in Law and Equity, arising under this Constitution, the Laws of the United States, and Treaties made, or which shall be made, under their Authority; — to all Cases affecting Ambassadors, other public Ministers and Consuls; — to all Cases of admiralty and maritime Jurisdiction; — to Controversies to which the United States shall be a Party; — to Controversies between two or more States; — between a State and Citizens of another State;[1] between Citizens of different States, — between Citizens of the same State claiming Lands under Grants of different States, and between a State, or the Citizens thereof, and foreign States, Citizens or Subjects.

[2] In all Cases affecting Ambassadors, other public Ministers and Consuls, and those in which a State shall be Party, the supreme Court shall have original Jurisdiction. In all the other Cases before mentioned, the supreme Court shall have appellate Jurisdiction, both as to Law and Fact, with such Exceptions, and under such regulations as the Congress shall make.

[3] The Trial of all Crimes, except in Cases of Impeachment, shall be by Jury; and such Trial shall be held in the State where the said Crimes shall have been committed; but when not committed within any State, the Trial shall be at such Place or Places as the Congress may by Law have directed.

SECTION. 3. [1] Treason against the United States, shall consist only in levying War against them, or in adhering to their Enemies, giving them Aid and Comfort. No Person shall be convicted of Treason unless on the Testimony of two Witnesses to the same overt Act, or on Confession in open Court.

[2] The Congress shall have Power to declare the Punishment of Treason, but no Attainder of Treason shall work Corruption of Blood, or Forfeiture except during the Life of the Person attainted.

## ARTICLE. IV.

SECTION. 1. [1] Full Faith and Credit shall be given in each State to the public Acts, Records, and judicial Proceedings of every other State. And

[1] Modified by Amendment XI.

## אַרטיקעל III

אַבשניט 1. [1] דיא ריכטערליכע מאַכט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען זאָל בעשטעהן אין איין העכסטען געריכט און אין אַזעלכע קלענערע געריכטען, וועלכע דער קאָנגרעס קען פון צייט צו צייט בעשטימען און גרינדען. דיא ריכטער, סיי פון דעם העכסטען געריכט און סיי פון דיא קלענערע געריכטען, זאָלען האַלטען זייער אַמט כל זמן זייער אויפפיהרונג איז גוט, און זיי זאָלען אין בעשטימטע צייטען בעקומען פאַר זייערע לייסטונגען אַ בעלוינונג, וועלכע זאָל ניט פערקלענערט ווערן דורך דער צייט וואָס זיי האַלטען אָן זייער אַמט.

אַבשניט 2. [1] דיא געריכטליכע מאַכט זאָל זיך בעציהען אויף אַלע זאַכען אין געזעץ און גערעכטיגקייט וואָס קומען אונטער דיזער קאָנסטיטוציאָן, דיא געזעצע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, און דיא טראַקטאַטען וואָס זיינען שוין געשלאָסען אָדער וועלן געשלאָסען ווערן מיט אַנדערע פעלקער אונטער זייער מאַכט; — אויף אַלע פעלע וואָס האָבען צו טהאָן מיט געזאַנדטע, באָטשאַפטער, קאָנסולען; — אויף אַלע פעלע וואָס זיינען נוגע פלאָטען-בעאַמטע און מאַרין יוסטיץ; — אויף שטרייטיגקייטען אין וועלכע דיא פעראייניגטע שטאַאטען איז איינער פון דיא צדדים; — אויף שטרייטיגקייטען צווישען צוויי אָדער מעהרערע שטאַאטען; — צווישען אַ שטאַאט און דיא בירגער פון אַן אַנדער שטאַאט, 1) צווישען דיא בירגער פון פערשיעדענע שטאַאטען, צווישען דיא בירגער פון איין שטאַאט, ווען זיי האָבען טענות אויף לאַנד וואָס איז זיי געשיינקט געוואָרען פון פערשיעדענע שטאַאטען, און צווישען אַ שטאַאט, אָדער דיא בירגער פון אַ שטאַאט און פרעמדע מדינות, בירגער אָדער אונטערטהאַנען פון דיא פרעמדע מדינות.

[2] אין אַלע זאַכען וואָס זיינען נוגע געזאַנדטע, באָטשאַפטער און קאָנסולען, וויא אויך אין פעלע וואו אַ שטאַאט איז איינער פון דיא צדדים, זאָל דאָס העכסטע געריכט האָבען דיא גאַנצע געזעצליכע מאַכט אין דעם פּראָצעס פון אָנהויב ביז׳ן סוף. אין דיא אַלע אַנדערע פעלע, וועלכע זיינען אויבען דערמאָנט, זאָל דאָס העכסטע געריכט זיין נור דאָס געריכט, צו וועלכען מען זאָל אַפּעלירען, סיי וועגען געזעץ און סיי וועגען פאַקטען, מיט אַזעלכע אויסנאַהמען און אונטער אַזעלכע רעגעלען, וויא דער קאָנגרעס וועט בעשטימען.

[3] דער פּראָצעס פאַר אַלע פערברעכענס, אויסער ווען בעאַמטע ווערן אָנגעקלאָגט אין שלעכטער אַדמיניסטראַציאָן, זאָל פאָרקומען פאַר אַ געריכט פון געשוואָרענע; און אַזאַ פּראָצעס זאָל פאָרקומען אין דעם שטאַאט וואו דיא פערברעכענס זיינען בעגאַנגען געוואָרען; אָבער ווען זיי זיינען בעגאַנגען געוואָרען אין קיינע פון דיא שטאַאטען, זאָל דער פּראָצעס פאָרקומען אין אַזאַ אָרט, אָדער אַזעלכע ערטער, וועלכע דער קאָנגרעס וועט בעשטימען דורך געזעץ.

אַבשניט 3. [1] הויך-פערראַטה געגען דיא פעראייניגטע שטאַאטען זאָל נור בעשטעהן אין אָנרייצען אַ מלחמה געגען זיי, אָדער אין צושטעהן צו זייערע פיינד און אין געבען זיי הילף און בעקוועמליכקייט. קיין פּערזאָן זאָל ניט פעראורטיילט ווערן אויף דער קלאַגע פון פערראַטה, סיידען צוויי צייגען זאָגען עדות אויף דיזער אָפענער טהאַט, אָדער ווען דיא פּערזאָן איז זיך אַליין מודה אין אַן אָפענעם געריכט.

[2] דער קאָנגרעס זאָל האָבען דיא מאַכט צו בעשטימען דיא שטראָף פאַר הויך-פערראַטה, אָבער קיין פעראורטיילונג צוליב הויך-פערראַטה זאָל זיך ניט אָברופען אויף דער פאַמיליע און יורשים פון דעם פעראורטיילטען, דאָס הייסט, מען זאָל ניט אַוועקרויבען זיינע גיטער פון זיינע יורשים, און מען זאָל אויך ניט קאָנפיסקירען זיין פערמעגען, אויסער פאַר דער צייט וואָס דער פעראורטיילטער לעבט.

## אַרטיקעל IV

אַבשניט 1. [1] פולען גלויבען און צוטרויען זאָל מען אין יעדען שטאַאט געבען

---

1) איבערגעמאַכט פון דער ענדערונג XI.

[7] דער פּרעזידענט זאָל צו בעשטימטע צייטען קריגען פאַר זיינע דיענסטע אַ געהאַלט, וועלכער זאָל ניט פערגרעסערט און ניט פערקלענערט ווערן דורך דער צייט, פאַר וועלכער ער איז ערוועהלט געוואָרען, און אונטער דער צייט זאָל ער ניט קריגען קיין אַנדער בעלוינונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, וויא אויך ניט פון קיין בעזונדער שטאַאט.

[8] איידער ער טרעט אַריין אין זיין אַמט זאָל ער געבען דיא פאָלגענדע שבועה אָדער פערזיכערונג: — "איך שווער (אָדער פערזיכער) הייליג, אַז איך וועל טריי ערפילען דעם אַמט פון פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, און וועל מיט מיינע בעסטע קרעפטען אָבהיטען, בעשיצען און פערטיידיגען דיא קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען".

אַבשניט 2. [1] דער פּרעזידענט זאָל זיין דער אויבער-קאָמאַנדיר פון דער אַרמעע און פלאָטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, און פון דער מיליץ פון דיא בעזונדערע שטאַאטען, ווען זיא ווערט גערופען אין ווירקליכען דיענסט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען; ער קען פאָדערן אַ מיינונג שריפטליך פון דעם הויפּט בעאַמטען אין יעדען עקזעקוטיווען דעפּאַרטמענט וועגען יעדען ענין וואָס איז נוגע דיא פפליכטען פון זיין אַמט, און ער זאָל האָבען דיא מאַכט צו פערשיבען בעשטראָפונגען און בעגנאַדיגען פאַר פערברעכענס געגען דיא פעראייניגטע שטאַאטען, אויסער אין פעלע ווען הויכע בעאַמטע ווערן בעשולדיגט פון רעפּרעזענטאַנטען הויז אין שלעכטער אַדמיניסטראַציאָן און זיי ווערן געפונען שולדיג פון סענאַט.*)

[2] ער זאָל האָבען דיא מאַכט צו שליסען טראַקטאַטען אויף דעם ראַטה און מיט דער צושטימונג פון דעם סענאַט, בתנאי אַז צוויי דריטעל פערזאַמעלטע סענאַטאָרען שטימען איין דערצו; און ער זאָל אויף דעם ראַטה און מיט דער צושטימונג פון דעם סענאַט ערנענען געזאַנדטע, באָטשאַפטער, קאָנסולען, ריכטער פון דעם העכסטען געריכט און אַלע אַנדערע בעאַמטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, וועגען וועמעס אָנשטעלונג דאָ ווערט ניט בעזאָרגט און וועלכע וועט ווערן בעשטימט דורך געזעץ; אָבער דער קאָנגרעס, אויב ער געפינט עס פאַר רעכט, קען דורך געזעץ איבערגעבען דיא מאַכט אָנצושטעלען אַזעלכע קלענערע בעאַמטע דעם פּרעזידענט אַליין, דיא געריכטס-הייזער, אָדער דיא אויבער-בעאַמטע פון דיא רעגיערונגס-אָבטיילונגען.

[3] דער פּרעזידענט זאָל האָבען דיא מאַכט אָנצושטעלען דערוויילע בעאַמטע אויף אַלע ערטער וואָס ווערן ליידיג אין דער צייט וואָס דער סענאַט האָט ניט קיין זיצונג, און דער טערמין פון אַזעלכע ערנענונגען זאָל זיך ענדיגען ביים סוף פון דער נעקסטער זיצונג.

אַבשניט 3. [1] ער זאָל פון צייט צו צייט געבען דעם קאָנגרעס אַ בעריכט וועגען דעם צושטאַנד פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען און רעקאָמענדירען צו בעטראַכטען אַזעלכע זאַכען וואָס ער וועט געפינען פאַר נויטיג און ניצליך; אין אויסערגעוואוינליכע פעלע קען ער צוזאַמענרופען ביידע הייזער אָדער יעדע פון זיי, און אין פאַל זיי קענען ניט איינשטימען צווישען זיך אין בעצוג אויף פערטאַגונג, קען ער זיי אָבלייגען אויף אַזאַ צייט, וויא ער וועט געפינען פאַר פּאַסענד; ער זאָל אויפנעהמען געזאַנדטע און אַנדערע באָטשאַפטער; ער זאָל השגחה געבען אַז דיא געזעצע זאָלען טריי דורכגעפיהרט ווערן, און ער זאָל אָנשטעלען אַלע בעאַמטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

אַבשניט 4. [1] דער פּרעזידענט, וויים-פּרעזידענט און אַלע ציוויל-בעאַמטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען זאָלען ווערן פון זייער אַמט, ווען זיי ווערן אָנגעקלאָגט און מען געפינט זיי שולדיג אין פערראַטה, שוחד אָדער אַנדערע גרויסע פערברעכענס און שלעכטע אויפפיהרונג.

*) דאָס הייסט "אימפּיטשמענט" איז אַמעריקאַ.

[7] The President shall, at stated Times, receive for his Services, a Compensation, which shall neither be encreased nor diminished during the Period for which he shall have been elected, and he shall not receive within that Period any other Emolument from the United States, or any of them.

[8] Before he enter on the Execution of his Office, he shall take the following Oath or Affirmation: — "I do solemnly swear (or affirm) that I will faithfully execute the Office of President of the United States, and will to the best of my Ability, preserve, protect and defend the Constitution of the United States."

SECTION. 2. [1] The President shall be Commander in Chief of the Army and Navy of the United States, and of the Militia of the several States, when called into the actual Service of the United States; he may require the Opinion, in writing, of the principal Officer in each of the executive Departments, upon any Subject relating to the Duties of their respective Offices, and he shall have Power to grant Reprieves and Pardons for Offences against the United States, except in Cases of Impeachment.

[2] He shall have Power, by and with the Advice and Consent of the Senate, to make Treaties, provided two thirds of the Senators present concur; and he shall nominate, and by and with the Advice and Consent of the Senate, shall appoint Ambassadors, other public Ministers and Consuls, Judges of the supreme Court, and all other Officers of the United States, whose Appointments are not herein otherwise provided for, and which shall be established by Law: but the Congress may by Law vest the Appointment of such inferior Officers, as they think proper, in the President alone, in the Courts of Law, or in the Heads of Departments.

[3] The President shall have Power to fill up all Vacancies that may happen during the Recess of the Senate, by granting Commissions which shall expire at the End of their next Session.

SECTION. 3. [1] He shall from time to time give to the Congress Information of the State of the Union, and recommend to their Consideration such Measures as he shall judge necessary and expedient; he may, on extraordinary Occasions, convene both Houses, or either of them, and in Case of Disagreement between them, with Respect to the Time of Adjournment, he may adjourn them to such Time as he shall think proper; he shall receive Ambassadors and other public Ministers; he shall take Care that the Laws be faithfully executed, and shall Commission all the Officers of the United States.

SECTION. 4. [1] The President, Vice President and all civil Officers of the United States, shall be removed from Office on Impeachment for, and Conviction of, Treason, Bribery, or other high Crimes and Misdemeanors.

and Representatives to which the State may be entitled in the Congress: but no Senator or Representative, or Person holding an Office of Trust or Profit under the United States, shall be appointed an Elector.

[3] [The Electors shall meet in their respective States, and vote by Ballot for two Persons, of whom one at least shall not be an Inhabitant of the same State with themselves. And they shall make a List of all the Persons voted for, and of the Number of Votes for each; which List they shall sign and certify, and transmit sealed to the Seat of the Government of the United States, directed to the President of the Senate. The President of the Senate shall, in the Presence of the Senate and House of Representatives, open all the Certificates, and the Votes shall then be counted. The Person having the greatest Number of Votes shall be the President, if such Number be a Majority of the whole Number of Electors appointed; and if there be more than one who have such Majority, and have an equal Number of Votes, then the House of Representatives shall immediately chuse by Ballot one of them for President; and if no Person have a Majority, then from the five highest on the List the said House shall in like Manner chuse the President. But in chusing the President, the Votes shall be taken by States, the Representation from each State having one Vote; A quorum for this Purpose shall consist of a Member or Members from two thirds of the States, and a Majority of all the States shall be necessary to a Choice. In every Case, after the Choice of the President, the Person having the greatest Number of Votes of the Electors shall be the Vice President. But if there should remain two or more who have equal Votes, the Senate shall chuse from them by Ballot the Vice President.] [1]

[4] The Congress may determine the Time of chusing the Electors, and the Day on which they shall give their Votes; which Day shall be the same throughout the United States.

[5] No Person except a natural born Citizen, or a Citizen of the United States, at the time of the Adoption of this Constitution, shall be eligible to the Office of President; neither shall any Person be eligible to that Office who shall not have attained to the Age of thirty five Years, and been fourteen Years a Resident within the United States.

[6] In Case of the Removal of the President from Office, or of his Death, Resignation, or Inability to discharge the Powers and Duties of the said Office, the Same shall devolve on the Vice President, and the Congress may by Law provide for the Case of Removal, Death, Resignation or Inability, both of the President and Vice President, declaring what Officer shall then act as President, and such Officer shall act accordingly, until the Disability be removed, or a President shall be elected.

[1] This clause has been superseded by Amendment XII.

יעדען וועט בעשטימען, אַזאַ צאָהל עלעקטאָרס וואָס זאָל זיין גלייך מיט דער צאָהל סענאַטאָרען און רעפּרעזענטאַנטען, וועלכע דער שטאַאט איז בערעכטיגט צו האָבען אין קאָנגרעס; אָבער קיין סענאַטאָר אָדער פערטרעטער אָדער פּערזאָן, וועלכער האָט אַ פער־טרויליכע אָדער איינטרעגליכע רעגיערונגס שטעלע אונטער דיא פעראייניגטע שטאַאטען, טאָר ניט ערנאַנט ווערן אַלס עלעקטאָר.

[3] [דיא עלעקטאָרס זאָלען זיך פערזאַמלען אין זייערע בעזונדערע שטאַאטען און שטימען דורך אַ שטים-צעטעל פאַר צוויי פּערזאָנען, פון וועלכע איינער לכל הפּחות זאָל ניט זיין קיין איינוואָהנער פון דעם זעלבען שטאַאט מיט זיי; און זיי זאָלען אויסמאַכען אַ ליסטע פון אַלע פּערזאָנען, פאַר וועלכע מען האָט געשטימט און פון דער צאָהל שטימען וואָס יעדער האָט געקראָגען, און זיי זאָלען דיזע ליסטע אונטערשרייבען און בעשטעטיגען און אַוועקשיקען אַ פערזיעגעלטע צו דעם אָרט, וואו דיא רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען זיצט, אַדרעסירט צום פּרעזידענט פון דעם סענאַט. דער פּרעזידענט פון דעם סענאַט זאָל אין דער אַנוועזענהייט פון דעם סענאַט און רעפּרע־זענטאַנטען הויז עפענען אַלע בשטעטיגטע ליסטען און דאַן זאָל מען דיא שטימען אי־בערצעהלען. דיא פּערזאָן, וועלכע האָט דיא גרעסטע צאָהל שטימען, זאָל זיין דער פּרעזידענט, אויב דיזע צאָהל איז דיא מעהרהייט פון דער גאַנצער צאָהל ערנאַנטע עלעקטאָרס; און אויב מעהר וויא איין פּערזאָן האָבען אַזאַ מעהרהייט און זיי האָבען אַ גלייכע צאָהל שטימען, דאַן זאָל דאָס רעפּרעזענטאַנטען הויז גלייך ערוועהלען דורך אַ באַלאָטירונג איינעם פון זיי פאַר פּרעזידענט; און ווען קיינער קריגט ניט קיין מעהרהייט, דאַן זאָל דאָס רעפּרעזענטאַנטען הויז וועהלען פון דיא פינף וואָס האָבען דיא מעהרסטע שטימען אויף דער ליסטע דעם פּרעזידענט אויף דעם זעלביגען אופן. אָבער ביים וועהלען דעם פּרעזידענט זאָלען דיא שטימען גענומען ווערן נאָך דיא שטאַאטען, און אַלע פערטרעטער פון איין שטאַאט זאָלען האָבען צוזאַמען איין שטימע. דיא געזעצליכע צאָהל פערטרעטער וואָס דאַרפען זיין פערזאַמעלט פאַר דיזען צוועק זאָל בעשטעהן פון אַ מיטגליעד אָדער מיטגליעדער פון צוויי דריטעל שטאַאטען, און אַ מעהרהייט פון אַלע שטאַאטען זאָל זיין נויטיג פאַר אַזאַ וואַהל. אין יעדען פאַל, נאָכדעם וויא דער פּרעזידענט איז ערוועהלט, זאָל דיא פּערזאָן וואָס האָט דיא גרעסטע צאָהל שטימען פון דיא עלעקטאָרס זיין דער וויס-פּרעזידענט. אָבער אויב עס בלייבען צוויי אָדער מעהר פּערזאָנען וואָס האָבען אַ גלייכע צאָהל שטימען זאָל דער סענאַט פון זיי אויסוועהלען דורך אַ שטים-צעטעל דעם וויס-פּרעזידענט.] 1)

[4] דער קאָנגרעס קען בעשטימען דיא צייט, ווען צו ערוועהלען דיא עלעקטאָרס און דעם טאָג ווען זיי זאָלען אָבגעבען זייערע שטימען, און דער טאָג זאָל זיין דער זעל־ביגער אין אַלע שטאַאטען.

[5] קיינער, אויסער אַ געבאָרענער בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, אָדער, ווער עס איז געווען אַ בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען צו דער צייט ווען דיזע קאָנסטיטוציאָן איז אָנגענומען געוואָרען, זאָל ניט קענען האַלטען דעם אַמט פון פּרע־זידענט; אויך זאָל קיינער געוועהלט ווערן צו דיזען אַמט, ווען ער איז נאָך ניט אַלט פינף און דרייסיג יאָהר און ווען ער האָט ניט געוואָהנט פיערצעהן יאָהר אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

[6] אין פאַל ווען דער פּרעזידענט ווערט אַראָבגעזעצט פון זיין אַמט אָדער ער שטאַרבט, רעזיגנירט אָדער ער איז ניט אים שטאַנד צו ערפילען דיא פּפליכטען פון זיין אַמט, זאָל דאָס אַמט איבערגעהן צום וויס-פּרעזידענט, און אין פאַל ווען דער פּרעזידענט און דער וויס-פּרעזידענט ווערן אַראָבגעזעצט אָדער שטאַרבען, רעזיגנירען אָדער זיי ביידע זיינען ניט אים שטאַנד צו ערפילען דיא פּפליכטען, קען דער קאָנגרעס דורך געזעץ בעשטימען, וועלכער בעאַמטער זאָל פערנעהמען דעם אָרט פון פּרעזידענט, און דיזער בעאַמטער זאָל זיין אין דיזען אַמט, ביז זיי וועלן ווידער ווערן פעהיג אָדער ביז אַ פּרעזידענט וועט ווערן ערוועהלט.

1) דיזער פּאַראַגראַף איז פערביטען געוואָרען מיט דער ענדערונג XII.

[4] קיין קאָפּ-שטייער אָדער אַן אַנדער דירעקטער שטייער זאָל אַרויפגעליגט ווערן, אויסער נאָך דער פּראָפּאָרציע פון דער בעפעלקערונג וואָס דאַרף געצעהלט ווערן וויא עס איז דאָ אויבען געזאָגט.

[5] קיין שטייער אָדער צאָל זאָל מען אַרויפליגען אויף זאַכען וואָס מען פיהרט אַריין פון וועלכען עס איז שטאַאט.

[6] מען זאָל ניט מאַכען קיין שום פעראָרדנונג סיי אין האַנדעל און סיי אין דעם אָבצאָל ביי דיא האַפענס, וואָס זאָל געבען אַ פאָרצוג איין שטאַאט איבער דעם צוויי-טען; אויך זאָלען דיא שיפען וואָס געהען פון איין שטאַאט אין דעם צווייטען, ניט זיין פערפפליכטעט אַריינצוקומען, צו בעריכטען, אָנצוגעבען דיא סחורה אָדער צאָהלען שטייער אין אַ צווייטען שטאַאט.

[7] קיין געלד זאָל מען ניט נעהמען פון דער רעגיערונגס קאַסע, סיידען דאָס ווערט פריהער בעשטימט דורך געזעץ; און אַ רעגעלמעסיגער חשבון פון אַלע הכנסות און הוצאות פון דעם קהל'שען געלד זאָל פערעפענטליכט ווערן פון צייט צו צייט.

[8] דיא פעראייניגטע שטאַאטען זאָל ניט געבען קיינעם קיין שום אַדעל-טיטעל און קיין פּערזאָן וואָס האָט אַן איינטרעגליכע אָדער פערטרויליכע רעגיערונגס-שטעלע אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען זאָל אָהן דער צושטימונג פון קאָנגרעס ניט אָננעהמען קיין שום מתנה, בעלוינונג, אַמט אָדער טיטעל פון אַ קעניג, פּרינץ אָדער פרעמדער רעגיערונג.1)

אַ ב ש נ י ט 10. [1] קיין שטאַאט זאָל ניט אַריין אין אירגענד וועלכען אָבמאַך, בונד, פעראייניגונג; געבען ערלויבניס פּריוואַט מענשען אָנצוגרייפען פרעמדע שיפען; פּרעגען געלד; אַרויסגעבען קרעדיט פּאַפּיערען; צאָהלען חובות מיט עפּעס אַנדערס אַ חוץ גאָלד און זילבער; דורכפיהרען אַ געזעץ צו בעשטראָפען אַ שולדיגען מיט שענדען זיין פאַמיליע, מאַכען אַ נייעם געזעץ נאָכדעם וויא איינער האָט עפּעס אָבגעטהאָן כדי צו בעשטראָפען איהם דערפאַר, אָדער מאַכען אַ געזעץ וואָס זאָל ברעכען דיא פער-פּפליכטונגען פון קאָנטראַקטען, אָדער געבען אַן אַדעל-טיטעל.

[2] קיין שטאַאט זאָל אָהן דער צושטימונג פון קאָנגרעס ניט אַרויפליגען קיין צאָל און שטייער אויף אַריינגעפיהרטע און אַרויסגעפיהרטע סחורות, סיידען דאָס זאָל זיין לחלוטין נויטיג אום אויסצופיהרען דיא אינספּעקציאָנס-געזעצע; און דיא ריינע הכנסה פון אַלע שטייערען און צאָל, וואָס אַ שטאַאט ליגט אַרויף אויף אַריינגעפיהרטע און אַרויסגעפיהרטע סחורות, זאָל זיין פאַר דעם געברויך פון דער רעגיערונגס קאַסע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען; און אַלע אַזעלכע געזעצע זאָלען דורכגעזעהן און קאָנטראָלירט ווערן פון דעם קאָנגרעס.

[3] קיין שטאַאט זאָל אָהן דער צושטימונג פון דעם קאָנגרעס ניט אַרויפליגען קיין שיפס-שטייער, האַלטען חיל אָדער קריעגס-שיפען אין דער צייט פון פריעדען, שליסען אַן אָבמאַך אָדער פערטראַג מיט אַן אַנדער שטאַאט אָדער מיט אַ פרעמדע מאַכט, אָדער מאַכען אַ מלחמה, סיידען אַ שונא האָט זיך שוין אַריינגעריסען אָדער דער שטאַאט שטעהט אין אַן אונפערמיידליכער געפאַהר וואָס ערלויבט ניט צו וואַרטען.2)

## אַרטיקעל II

אַ ב ש נ י ט 1. [1] דיא מאַכט אויסצופיהרען דיא געזעצע זאָל זיין אין דיא הענד פון דעם פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון אַמעריקאַ. ער זאָל האַלטען זיין אַמט אין דעם משך פון פיער יאָהר, און, צוזאַמען מיט'ן וויס-פּרעזידענט, וועלכער ווערט ערוועהלט פאַר דעם זעלביגען משך, זאָל ער ערוועהלט ווערן וויא פאָלגט:

[2] יעדער שטאַאט זאָל ערנענען, לויט דעם אופן וויא דער לעגיסלאַטור פון

---

1) דיא פערזענליכע רעכטע וואָס ווערן אויסגערעכענט אין אבשניט 9 זיינען פערגרעסערט געווארען דורך דיא ענדערונגען וואס זיינען געמאכט געווארען אין דער קאנסטיטוציאן. זעה ענדערונגען I—X.

2) דיא פונקטען פון אבשניט 10 זיינען איבערגעמאכט און פערגרעסערט געווארען לויט דיא ענדערונגען XIII—XV.

[4] No Capitation, or other direct, Tax shall be laid, unless in Proportion to the Census or Enumeration herein before directed to be taken.

[5] No Tax or Duty shall be laid on Articles exported from any State.

[6] No Preference shall be given by any Regulation of Commerce or Revenue to the Ports of one State over those of another: nor shall Vessels bound to, or from, one State, be obliged to enter, clear, or pay Duties in another.

[7] No Money shall be drawn from the Treasury, but in Consequence of Appropriations made by Law; and a regular Statement and Account of the Receipts and Expenditures of all public Money shall be published from time to time.

[8] No Title of Nobility shall be granted by the United States: And no Person holding any Office of Profit or Trust under them, shall, without the Consent of the Congress, accept of any present, Emolument, Office, or Title, of any kind whatever, from any King, Prince, or foreign State.[1]

SECTION. 10. [1] No State shall enter into any Treaty, Alliance, or Confederation; grant Letters of Marque and Reprisal; coin Money; emit Bills of Credit; make any Thing but gold and silver Coin a Tender in Payment of Debts; pass any Bill of Attainder, ex post facto Law, or Law impairing the Obligation of Contracts, or grant any Title of Nobility.

[2] No State shall, without the Consent of the Congress, lay any Imposts or Duties on Imports or Exports, except what may be absolutely necessary for executing it's inspection Laws: and the net Produce of all Duties and Imposts, laid by any State on Imports or Exports, shall be for the Use of the Treasury of the United States; and all such Laws shall be subject to the Revision and Controul of the Congress.

[3] No State shall, without the Consent of Congress, lay any Duty of Tonnage, keep Troops, or Ships of War in time of Peace, enter into any Agreement or Compact with another State, or with a foreign Power, or engage in War, unless actually invaded, or in such imminent Danger as will not admit of delay.[2]

## ARTICLE. II.

SECTION. 1. [1] The executive Power shall be vested in a President of the United States of America. He shall hold his Office during the Term of four Years, and, together with the Vice President, chosen for the same Term, be elected, as follows

[2] Each State shall appoint, in such Manner as the Legislature thereof may direct, a Number of Electors, equal to the whole Number of Senators

[1] The personal rights enumerated in Section 9, have been added to, and extended by, Amendments I.-X.

[2] The provisions of Section 10 have been modified and extended by Amendments XIII.-XV.

[7] To establish Post Offices and post Roads;

[8] To promote the Progress of Science and useful Arts, by securing for limited Times to Authors and Inventors the exclusive Right to their respective Writings and Discoveries;

[9] To constitute Tribunals inferior to the supreme Court;

[10] To define and punish Piracies and Felonies committed on the high Seas, and Offences against the Law of Nations;

[11] To declare War, grant Letters of Marque and Reprisal, and make Rules concerning Captures on Land and Water;

[12] To raise and support Armies, but no Appropriation of Money to that Use shall be for a longer Term than two Years;

[13] To provide and maintain a Navy;

[14] To make Rules for the Government and Regulation of the land and naval Forces;

[15] To provide for calling forth the Militia to execute the Laws of the Union, suppress Insurrections and repel Invasions;

[16] To provide for organizing, arming, and disciplining, the Militia, and for governing such Part of them as may be employed in the Service of the United States, reserving to the States respectively, the Appointment of the Officers, and the Authority of training the Militia according to the discipline prescribed by Congress;

[17] To exercise exclusive Legislation in all Cases whatsoever, over such District (not exceeding ten Miles square) as may, by Cession of particular States, and the Acceptance of Congress, become the Seat of the Government of the United States, and to exercise like Authority over all Places purchased by the Consent of the Legislature of the State in which the Same shall be, for the Erection of Forts, Magazines, Arsenals, dock-Yards, and other needful Buildings; — And

[18] To make all Laws which shall be necessary and proper for carrying into Execution the foregoing Powers, and all other Powers vested by this Constitution in the Government of the United States, or in any Department or Officer thereof.

SECTION. 9. [1] [The Migration or Importation of such Persons as any of the States now existing shall think proper to admit, shall not be prohibited by the Congress prior to the Year one thousand eight hundred and eight, but a Tax or duty may be imposed on such Importation, not exceeding ten dollars for each Person.] [1]

[2] The Privilege of the Writ of Habeas Corpus shall not be suspended, unless when in Cases of Rebellion or Invasion the public Safety may require it.

[3] No Bill of Attainder or ex post facto Law shall be passed.

[1] A temporary clause no longer in force.

[7] צו גרינדען פּאָסט אַמטען און מאַכען וועגען פאַר דער פּאָסט;

[8] צו העלפען ענטוויקלען וויסענשאַפט און נוצליכע קונסט דערמיט, וואָס דיא פערפאַסערס און ערפינדער זאָלען אויף אַ געוויסער צייט זיין געזיכערט מיט'ן אויסשליסליכען רעכט אויף זייערע פערפאַסונגען און ערפינדונגען;

[9] איינצוריכטען געריכטס-הייזער וואָס זאָלען שטעהן אונטער דעם העכסטען געריכט;

[10] צו ענטשיידען און בעשטראָפען פאַר רויבעריי און פערברעכען אויף'ן ים און פאַר פערברעכען געגען פעלקער-רעכט;

[11] צו ערקלערן קריעג און צו געבען ערלויבניס פּריוואַט מענשען אָנצוגרייפען שיפען פון דעם שונא און מאַכען כללים וועגען פאַנגען מענשען און זאַכען אויף לאַנד און וואַסער;

[12] צוזאַמענשטעלען און אויסהאַלטען אַרמעען, נור קיין סומע געלד זאָל ניט בעשטימט ווערן פאַר דיזען צוועק אויף אַ לייגערן משך וויא צוויי יאָהר:

[13] צו שאַפען און אויסהאַלטען אַ פלאָטע;

[14] צו מאַכען געזעצע וויא צו רעגולירען דיא חיל אויף לאַנד און ים;

[15] צו בעזאָרגען אַז מען זאָל אַרויסרופען דיא מיליץ אום אויסצופיהרען דיא געזעצע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, צו דערשטיקען אויפשטענדע און צו פערטרייבען דעם שונא וואָס בעפאַלט דאָס לאַנד;

[16] צו בעזאָרגען אַז מען זאָל אָרגאַניזירען, בעוואַפענען און מוסטירען דיא מיליץ און האָבען צו זאָגען איבער יענע טיילען חיל וואָס שטעהן אין דיענסט ביי דיא פעראייניגטע שטאַאטען, אָבער דאָס רעכט בלייבט ביי יעדען שטאַאט אָנצושטעלען אָפיציערען און מוסטירען איהר מיליץ לויט דער דיסציפלין וואָס דער קאָנגרעס בעשטימט;

[17] צו אויסאיבען דיא אויסשליסליכע געזעץ-געבונג אין אַלע מעגליכע פעלע פאַר אַזאַ דיסטריקט (ניט גרעסער וויא צעהן קוואַדראַט מייל), וואָס געוויסע שטאַאטען וועלען אָבטרעטען און דער קאָנגרעס וועט אָננעהמען אַלס זיץ-אָרט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, און אויך צו האָבען אַזאַ מאַכט איבער אַלע ערטער, וועלכע ווערן אָבגעקויפט מיט דער צושטימונג פון דעם לעגיסלאַטור פון יענעם שטאַאט, אין וועלכען דיא דאָזיגע ערטער ליגען, צו ערריכטען פעסטונגען, מאַגאַזינען, אַרסענאַלען, שיפס-ווערפטען און אַנדערע נויטיגע געביידען; — און

[18] צו מאַכען אַלע געזעצע וועלכע זיינען נויטיג און פאָדערן זיך אום אויסצופיהרען דיא מאַכט וואָס ווערט איבען דערמאָנט און יעדע אַנדערע מאַכט וואָס ווערט פון דיזער קאָנסטיטוציאָן געגעבען צו דער רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, אָדער צו וועלכער עס איז אָבטיילונג אָדער בעאַמטען פון דיזער רעגיערונג.

אַבשניט 9. [1] [דיא איינוואַנדערונג אָדער אַריינפיהרונג פון אַזעלכע מענשען, וואָס אירגענד וועלכער פון דיא איצטיגע עקזיסטירענדע שטאַאטען וויל אַריינלאָזען, זאָל ניט פערבאָטען ווערן פון דעם קאָנגרעס פאַר דעם יאָהר 1808, אָבער אַ שטייער אָדער צאָל קען אַרויפגעלייגט ווערן אויף אַזעלכע אַריינגעבראַכטע מענשען, נור דער שטייער זאָל ניט זיין העכער וויא צעהן דאָלער פון יעדע פערזאָן]. 1)

[2] דאָס פּריווילעגיום פון דעם האַבעאַס קאָרפּוס אַקט*) זאָל ניט צוגענומען ווערן, סיידען דיא זיכערהייט פון פאָלק פאָדערט עס אין דער צייט פון אַן אויפשטאַנד אָדער ווען אַ שונא רייסט זיך אַריין אין לאַנד.

[3] עס זאָל ניט דורכגעפיהרט ווערן קיין געזעץ וואָס זאָל בעשטראָפען אַ מענשען פאַר הויכפערראַטה מיט שענדונג פון דער פאַמיליע און עס זאָל ניט דורכגעפיהרט ווערן קיין געזעץ צו בעשטראָפען פאַר אַ פערברעכען וואָס איז בעגאַנגען געוואָרען פריהער און וואָס איז פריהער ניט געווען קרימינאַל.

1) דיזער פּונקט איז גיט מעהר איז קראַפט.

*) האבעאס קארפוס מיינט דאס מען זאל ניט טארען האלטען ארעטירט א פערזאן אהן א פערהער וועגען דער קלאגע.

איינִיגטע שטאַאטען זאָל נִיט זיין קיין מיטגליעד אין קיינע פון ביידע הייזער דורך דער צייט פון זיין אַמט.

אַבשניט 7. [1] אַלע פּראָיעקטען צו שאַפען הכנסה פאַר דער רעגיערונג זאָלען געמאַכט ווערן אין דעם רעפּרעזענטאַנטען הויז; נור דער סענאַט קען פאָרשלאָגען אָדער איינגעהן צו מאַכען ענדערונגען וויא מיט אַנדערע פּראָיעקטען.

[2] יעדער פּראָיעקט וואָס געהט דורך דאָס רעפּרעזענטאַנטען הויז און דעם סענאַט זאָל איידער ער ווערט אַ געזעץ, פאָרגעלייגט ווערן פאַר'ן פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. אויב ער גיט זיין הסכמה זאָל ער איהם אונטערשרייבען, און אויב נִיט זאָל ער איהם צוריקשיקען מיט זיינע איינווענדונגען צו דעם הויז, וואו ער איז צוערשט גע-מאַכט געוואָרען, און דאָס הויז זאָל אַריינפיהרען דיא איינווענדונגען באריכות אין דעם פּראָטאָקאָל און זאָל זיך אויף דאָס ניי בעראַטהען דאַריבער. אויב צוויי דריטעל פון דעם הויז שטימען איין דורכצופיהרען דעם פּראָיעקט נאָך אַ צווייטער איבערלייגונג, זאָל מען איהם שיקען מיט דיא איינווענדונגען אין צווייטען הויז, וועלכעס זאָל איהם אויך פון דאָס ניי בעשפּרעכען, און אויב צוויי דריטעל פון דעם הויז שטימען נאָכדעם פאַר איהם, זאָל ער ווערן אַ געזעץ. נור אין אַלע אַזעלכע פעלע זאָלען דיא שטימען פון ביידע הייזער בעשלאָסען ווערן דורך יאָ און ניין, און דיא נעמען פון דיא פּערזאָנען וואָס שטימען פאַר אָדער געגען דעם פּראָיעקט זאָלען פערשריבען ווערן אין דעם בוך פון יעדען הויז. אויב דער פּרעזידענט שיקט נִיט צוריק אַ פּראָיעקט אין דעם פערלויף פון צעהן טעג (אויסגענומען זונטאַגס) נאָכדעם וויא ער איז איהם צוגעשטעלט געוואָרען, זאָל דער פּראָ-יעקט ווערן אַ געזעץ אַזוי וויא ער וואָלט איהם אונטערגעשריבען, סיידען דער קאָנגרעס פּערטאַגט זיך אונטער דער צייט און שטערט דערמיט דעם פּרעזידענט צוריקצושיקען דעם פּראָיעקט, און אין אַזאַ פאַל זאָל ער נִיט ווערן קיין געזעץ.

[3] יעדע פעראָרדנונג, יעדער בעשלוס אָדער יעדע אַבשטימונג פאַר וועלכע עס קען זיין נויטיג דיא צושטימונג פון דעם סענאַט און ר'עפּרעזענטאַנטען הויז (אויסער וועגען אַ פראַגע פון פערטאַגונג) זאָל פאָרגעלייגט ווערן פאַר'ן פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען; און איידער עס טרעט אַריין אין קראַפט דאַרף עס האָבען זיין צושטימונג, און אויב ער גיט נִיט זיין צושטימונג, דאַרף עס ווידער אַמאָל דורכגעהן אין דעם סענאַט און רעפּרעזענטאַנטען הויז מיט דער צושטימונג פון צוויי דריטעל מיט-גליעדער פון יעדען הויז, לויט דיא זעלביגע כללים און בעגרענצונגען, וועלכע זיינען געגעבען פאַר געזעץ-פּראָיעקטען.

אַבשניט 8. [1] דער קאָנגרעס זאָל האָבען דיא מאַכט אַרויפצולייגען און איינ-צומאָהנען טאַקסעס, צאָל, שטייערן און אַקציז צו בעצאָהלען דיא חובות און צו זאָרגען פאַר דער אַלגעמיינער פערטיידיגונג און וואוילשטאַנד פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, נור אַלע צאָלען, שטייערן און אַקציזען זאָלען זיין דיא זעלביגע אומעדום אין דיא פער-איינִיגטע שטאַאטען;

[2] צו לייהען געלד אויפ'ן קרעדיט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען;

[3] צו רעגולירען דעם האַנדעל מיט פרעמדע נאַציאָנען וויא אויך צווישען דיא פעראייניגטע שטאַאטען און מיט דיא אינדיאַנער שבטים;

[4] איינצופיהרען אַ גלייכען געזעץ פאַר אויסלענדער צו ווערן בירגער און גלייכע געזעצע וועגען באַנקראָטען אומעדום אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען;

[5] צו פּרעגען געלד און רעגולירען זיין ווערטה וויא אויך דעם ווערטה פון אויס-לענדישע געלד און פעסטצוזעצען אַ מוסטער פאַר וואָג און מאָס;

[6] צו בעשטימען אַ שטראָף פאַר מאַכען פאַלשע שטאַאטס-פּאַפּיערען און פאַלשע געלד פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען;

States, which shall have been created, or the Emoluments whereof shall have been encreased during such time; and no Person holding any Office under the United States, shall be a Member of either House during his Continuance in Office.

SECTION. 7. [1] All Bills for raising Revenue shall originate in the House of Representatives; but the Senate may propose or concur with Amendments as on other Bills.

[2] Every Bill which shall have passed the House of Representatives and the Senate, shall, before it become a Law, be presented to the President of the United States; if he approve he shall sign it, but if not he shall return it, with his Objections to that House in which it shall have originated, who shall enter the Objections at large on their Journal, and proceed to reconsider it. If after such Reconsideration two thirds of that House shall agree to pass the Bill, it shall be sent, together with the Objections, to the other House, by which it shall likewise be reconsidered, and if approved by two thirds of that House, it shall become a Law. But in all such Cases the Votes of both Houses shall be determined by yeas and Nays, and the Names of the Persons voting for and against the Bill shall be entered on the Journal of each House respectively. If any Bill shall not be returned by the President within ten Days (Sundays excepted) after it shall have been presented to him, the Same shall be a Law, in like Manner as if he had signed it, unless the Congress by their Adjournment prevent its Return, in which Case it shall not be a Law.

[3] Every Order, Resolution, or Vote to which the Concurrence of the Senate and House of Representatives may be necessary (except on a question of Adjournment) shall be presented to the President of the United States; and before the same shall take Effect, shall be approved by him, or being disapproved by him, shall be repassed by two thirds of the Senate and House of Representatives, according to the Rules and Limitations prescribed in the Case of a Bill.

SECTION. 8. [1] The Congress shall have Power To lay and collect Taxes, Duties, Imposts and Excises, to pay the Debts and provide for the common Defence and general Welfare of the United States; but all Duties, Imposts and Excises shall be uniform throughout the United States;

[2] To borrow Money on the credit of the United States;

[3] To regulate Commerce with foreign Nations, and among the several States, and with the Indian Tribes;

[4] To establish an uniform Rule of Naturalization, and uniform Laws on the subject of Bankruptcies throughout the United States;

[5] To coin Money, regulate the Value thereof, and of foreign Coin, and fix the Standard of Weights and Measures;

[6] To provide for the Punishment of counterfeiting the Securities and current Coin of the United States;

no Person shall be convicted without the Concurrence of two thirds of the Members present.

[7] Judgment in Cases of Impeachment shall not extend further than to removal from Office, and disqualification to hold and enjoy any Office of honor, Trust or Profit under the United States: but the Party convicted shall nevertheless be liable and subject to Indictment, Trial, Judgment and Punishment, according to Law.

SECTION. 4. [1] The Times, Places and Manner of holding Elections for Senators and Representatives, shall be prescribed in each State by the Legislature thereof; but the Congress may at any time by Law make or alter such Regulations, except as to the Places of chusing Senators.

[2] The Congress shall assemble at least once in every Year, and such Meeting shall be on the first Monday in December, unless they shall by Law appoint a different Day.

SECTION. 5. [1] Each House shall be the Judge of the Elections, Returns and Qualifications of its own Members, and a Majority of each shall constitute a Quorum to do Business; but a smaller Number may adjourn from day to day, and may be authorized to compel the Attendance of absent Members, in such Manner, and under such Penalties as each House may provide.

[2] Each House may determine the Rules of its Proceedings, punish its Members for disorderly Behaviour, and, with the Concurrence of two thirds, expel a Member.

[3] Each House shall keep a Journal of its Proceedings, and from time to time publish the same, excepting such Parts as may in their Judgment require Secrecy; and the Yeas and Nays of the Members of either House on any question shall, at the Desire of one fifth of those Present, be entered on the Journal.

[4] Neither House, during the Session of Congress, shall, without the Consent of the other, adjourn for more than three days, nor to any other Place than that in which the two Houses shall be sitting.

SECTION. 6. [1] The Senators and Representatives shall receive a Compensation[1] for their Services, to be ascertained by Law, and paid out of the Treasury of the United States. They shall in all Cases, except Treason, Felony and Breach of the Peace, be privileged from Arrest during their Attendance at the Session of their respective Houses, and in going to and returning from the same; and for any Speech or Debate in either House, they shall not be questioned in any other Place.

[2] No Senator or Representative shall, during the Time for which he was elected, be appointed to any civil Office under the Authority of the United

[1] At present (1893) this is "$ 5000 per annum, with $ 125 annual allowance for stationery and newspapers, and a mileage allowance of twenty cents per mile of travel each way from their homes at each annual session."

פון דעם העכסטען געריכט זיין פּאָרזיצענדער און קיין פּערזאָן זאָל ניט ווערן פּעראורטיילט אָהן דער צושטימונג פון צוויי דריטעל פון דיא אַנוועזענדע מיטגליעדער.

[7] דיא פעראורטיילונג פון אַ בעאַמטען וואָס איז געפונען געוואָרען שולדיג, זאָל ניט געהן ווייטער וויא אָראָבזעצען איהם פון זיין אַמט, און ער זאָל מעהר ניט ראוי זיין צו פערנעהמען קיין עהרען-שטעלע, קיין פערטרויטע שטעלע און קיין איינטרעגליכע שטעלע אונטער דער רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. אָבער פון דעסטוועגען קען מען דיא פּערזאָן וואָס איז געפונען געוואָרען שולדיג אָנקלאָגען, משפּט׳ן, פעראורטיילען און בעשטראָפען לויט דעם געזעץ.

אַבשניט 4. [1] דיא צייט, דער פּלאַץ און דער אופן צו וועהלען סענאַטאָרען און רעפּרעזענטאַנטען זאָלען בעשטימט ווערן אין יעדען שטאַאט פון דער לעגיסלאַטור. נור דער קאָנגרעס קען צו יעדער צייט דורך געזעץ ענדערן דיזע בעשטימונגען, אויסער וואָס אַנבעטרעפט דיא ערטער, וואו דיא סענאַטאָרען דאַרפען געוועהלט ווערן.

[2] דער קאָנגרעס זאָל זיך פערזאַמלען לכל הפחות איין מאָל אַ יאָהר, און דיא פערזאַמלונג זאָל זיין דעם ערשטען מאָנטאַג אין דעם חודש דעצעמבער, סיידען עס זאָל דורך געזעץ בעשטימט ווערן אַן אַנדער טאָג.

אַבשניט 5. [1] יעדעס הויז זאָל האָבען צו זאָגען אויף דיא וואַהלען, וואַהלרעזולטאַטען און וואַהל איינענשאַפטען פון איהרע אייגענע מיטגליעדער, און אַ מאַיאָריטעט פון יעדען הויז איז גענוג צו טהאָן זיין אַרבייט; נור ווען דיא צאָהל מיטגליעדער איז אַ קלענערע, קען זיך דיא פערזאַמלונג פערטאַגען פון איין טאָג אויף׳ן צווייטען און בעפאָלמעכטיגט זיין צו צווינגען דיא אַבוועזענדע מיטגליעדער צו קומען, אויף אַזאַ אַרט און אונטער אַזאַ שטראָף וויא יעדעס הויז וועט בעשטימען.

[2] יעדעס הויז קען אויסאַרבייטען זיינע אייגענע כללים, וויא זיך צו פיהרען, וויא צו בעשטראָפען דיא מיטגליעדער פאַר שלעכטע אויפפיהרונג, און מיט דער צושטימונג פון צוויי דריטעל קען עס אויסשליסען אַ מיטגליעד.

[3] יעדעס הויז זאָל פיהרען אַ טעגליכען פּראָטאָקאָל איבער זיינע פערהאַנדלונגען און פון צייט צו צייט פערעפענטליכען עס, אויסער אַזעלכע טיילען וואָס דאַרפען לויט דער מיינונג פון דיא מיטגליעדער געהאַלטען ווערן אין געהיים. און דיא שטימען דאַפיר און דיא שטימען דאַגעגען פון דיא מיטגליעדער פון יעדען הויז איבער יעדער פראַגע זאָלען אויף דעם פערלאַנג פון איין פינפטעל פון דיא אַנוועזענדע מיטגליעדער פערצייכענט ווערן אין דעם פּראָטאָקאָל.

[4] קיין הויז זאָל דורך דער צייט וואָס דער קאָנגרעס זיצט ניט פערטאַגען דיא פערזאַמלונג אויף מעהר וויא דריי טעג אָדער איבערציהען זיך אויף אַן אַנדער פּלאַץ וויא דער, וואו ביידע הייזער האַלטען זייערע זיצונגען, אָהן דער צושטימונג פון דעם צווייטען הויז.

אַבשניט 6. [1] דיא סענאַטאָרען און רעפּרעזענטאַנטען זאָלען קריגען אַ בעלוינונג1) פאַר זייער אַרבייט, און דיא בעלוינונג זאָל בעשטימט ווערן דורך׳ן געזעץ און אויסגעצאָהלט ווערן פון דער קאַסע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. זיי זאָלען אין אַלע פעלע, אויסער פעררעטה, פערברעכען און פריעדענס-שטערונג, זיין בעוואָרענט פון אַרעסט דורך דער צייט וואָס זיי זיינען ביי דער זיצונג פון זייערע הייזער אָדער ווען זיי געהן אַהין און קומען פון דאָרטען; און פאַר קיין רעדע אָדער דעבאַטע זאָל מען פון זיי ניט פאָדערן קיין רעכנונג אין קיין אַנדער אָרט.

[2] קיין סענאַטאָר און קיין רעפּרעזענטאַנט זאָל פאַר דער צייט וואָס ער איז ערוועהלט געוואָרען ניט ווערן אָנגעשטעלט אויף קיין אַנדער בירגערליכען אַמט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען וואָס איז ניי געשאַפען געוואָרען אדער וואָס דער געהאַלט דערפון איז געהעכערט געוואָרען דורך דער צייט; און קיינער וואָס האָט אַן אַמט פון דיא פער-

1) איצט (1911) זיינען דיא שכירות 7,500 דאָלער אַ יאָהר; אַ חוץ דעם קריגען זיי צו 125 דאָלער אויף שרייב-מאַטעריאַל און צייטונגען און אויף רייזע קאָסטען צוואַנציג סענט פון מייל פאַר פאָהרען צו דער יעהרליכער זיצונג הין און צוריק.

צו דער צאָהל פרייע פערזאָנען, אַריינרעכענענדיג אויך יענע וואָס דאַרפען דיענען אַ געוויסען משך יאָהרען, און אויסשליסענדיג אינדיאַנער, וועלכע צאָהלען ניט קיין שטייער, זאָל מען צוגעבען דריי פינפטעל פון אַלע אַנדערע פערזאָנען].1) דיא איצטיגע צעהלונג זאָל געמאַכט ווערען אין דעם משך פון דריי יאָהר נאָך דער ערשטער פערזאַמלונג פון דעם קאָנגרעס פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, און נאָכדעם יעדע צעהן יאָהר, אויף אַזאַ אופן וויא דאָס געזעץ וועט בעשטימען. דיא צאָהל פון דיא פערטרעטער זאָל זיין ניט מעהר וויא איינער פאַר יעדע דרייסיג טויזענד, אָבער יעדער שטאַאט זאָל האָבען לכל הפּחות איין פערטרעטער; [און ביז וואַנען דיא צעהלונג וועט געמאַכט ווערן זאָל דער שטאַאט ניו העמשיר האָבען אַ רעכט אויסצואוועהלען דריי, דער שטאַאט מאַסאַ-טשוזעטס אַכט, ראָוד אײלענד און דיא פּלאַנטאַציעס פון פּראָווידענס איינעם, קאָנעטיקוט פינף, ניו יאָרק זעקס, ניו דזשוירזי פיער, פּענסילווייניאַ אַכט, דעלאַווער איינעם, מערילענד זעקס, ווירדזשיניאַ צעהן, נאָרד קעראָליינאַ פינף, זיד קעראָליינאַ פינף און דזשאָרדזשיאַ דריי].

[4] ווען עס ווערט לעדיג דער אָרט פון אַ פערטרעטער פון וועלכען עס איז שטאַאט זאָל דיא רעגיערונג פון יענעם שטאַאט מאַכען אַ נייע וואַהל אויסצופילען דעם לע-דיגען אָרט.

[5] דאָס רעפּרעזענטאַנטען הויז זאָל אויסקלייבען זיין פּאָרזיצענדען (ספּיקער)2) און אַנדערע בעאַמטע און אַליין האָבען דאָס אויסשליסליכע רעכט זוי אַנצוקלאָגען.

אַ ב ש נ י ט 3. [1] דער סענאַט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען זאָל בעשטעהן פון צוויי סענאַטאָרען פון יעדען שטאַאט, וועלכע זאָלען געוועהלט ווערן פון דעם שטאַאט לעגיסלאַטור אויף זעקס יאָהר, און יעדער סענאַטאָר זאָל האָבען איין שטימע.

[2] גלייך וויא זיי וועלן זיך פערזאַמלען נאָך דער ערשטער וואַהל זאָלען זיי איינגעטיילט ווערן אַזוי גלייך וויא מעגליך אין דריי קלאַסען. דיא פּלעצער פון דיא סענאַטאָרען פון דער ערשטער קלאַסע זאָלען ווערן לעדיג ביי דעם סוף פון דעם צווייטען יאָהר; פון דער צווייטער קלאַסע ביים סוף פון דיזַם פיערטען יאָהר און פון דער דריטער קלאַסע ביים סוף פון דעם זעקסטען יאָהר, אַזוי אַז איין דריטעל זאָל מען ערוועהלען אַלע צוויי יאָהר: און אויב פּלעצער ווערן לעדיג דורך רעזיגנירען אָדער אויף אַן אַנדער אָרט אין דער צייט ווען דער לעגיסלאַטור פון אַ שטאַאט האָט ניט קיין זיצונג, קען דיא עקזעקוטיווע פון דעם בעטרעפענדען שטאַאט פּאָרלויפיג אַנשטעלען אַ סענאַטאָר ביז דער נעכסטער פערזאַמלונג פון דעם לעגיסלאַטור, וועלכע זאָל דאַן אויספילען דיא לעדיגע ערטער.

[3] קיינער זאָל ניט ווערן סענאַטאָר איידער ער ווערט אַלט דרייסיג יאָהר און איידער ער איז געוועזן ניין יאָהר אַ בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען און סיידען ער איז ביי דער צייט פון דער ערוועהלונג אַן איינוואָהנער פון דעם שטאַאט, פון וועלכען ער ווערט ערוועהלט.

[4] דער וויים-פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען זאָל זיין פּאָרזיצענדער אין סענאַט, נור ער זאָל קיין שטימע ניט האָבען, סיידען ווען דיא שטימען זיינען גלייך צוטיילט.

[5] דער סענאַט זאָל אויסקלייבען זיינע אַנדערע בעאַמטע און אויך אַ פּאָרזיצענדען פאַר דער צייט וואָס דער וויים-פּרעזידענט איז ניטאָ, אָדער ווען ער פערטרעט דיא שטעלע פון דעם פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

[6] דער סענאַט אַליין זאָל האָבען דיא פולע מאַכט צו משפּט'ן, ווען עס ווערן גע-מאַכט בעשולדיגונגען געגען בעאַמטע. ווען דיא סענאַטאָרען זיינען פערזאַמעלט צו דיזען צוועק דאַרפען זיי זיין אונטער אַ שבועה אָדער געבען זייער וואָרט. ווען עס דאַרף געמשפּט ווערן דער פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, זאָל דער אויבער-ריכטער

1) אנשטאט דעם זאַץ אין איינשליסונגס-צייכענס גילטען איצט דיא 13טע און 14טע ענדערונגען.
2) דער ספּיקער איז אימער איינער פון דיא רעפּרעזענטאַנטען, דיא אַנדערע בעאַמטע ניט.

Years, and excluding Indians not taxed, three fifths of all other Persons].[1] The actual Enumeration shall be made within three Years after the first Meeting of the Congress of the United States, and within every subsequent Term of ten Years, in such Manner as they shall by Law direct. The Number of Representatives shall not exceed one for every thirty Thousand, but each State shall have at Least one Representative; [and until such enumeration shall be made, the State of New Hampshire shall be entitled to chuse three, Massachusetts eight, Rhode-Island and Providence Plantations one, Connecticut five, New-York six, New Jersey four, Pennsylvania eight, Delaware one, Maryland six, Virginia ten, North Carolina five, South Carolina five, and Georgia three.]

[4] When vacancies happen in the Representation from any State, the Executive Authority thereof shall issue Writs of Election to fill such Vacancies.

[5] The House of Representatives shall chuse their Speaker[2] and other Officers; and shall have the sole Power of Impeachment.

SECTION. 3. [1] The Senate of the United States shall be composed of two Senators from each State, chosen by the Legislature thereof, for six Years; and each Senator shall have one Vote.

[2] Immediately after they shall be assembled in Consequence of the first Election, they shall be divided as equally as may be into three Classes. The Seats of the Senators of the first Class shall be vacated at the Expiration of the second Year, of the second Class at the Expiration of the fourth Year, and of the third Class at the Expiration of the sixth Year, so that one third may be chosen every second Year; and if Vacancies happen by Resignation, or otherwise, during the Recess of the Legislature of any State, the Executive thereof may make temporary Appointments until the next Meeting of the Legislature, which shall then fill such Vacancies.

[3] No Person shall be a Senator who shall not have attained to the Age of thirty Years, and been nine Years a Citizen of the United States, and who shall not, when elected, be an Inhabitant of that State for which he shall be chosen.

[4] The Vice President of the United States shall be President of the Senate, but shall have no Vote, unless they be equally divided.

[5] The Senate shall chuse their other Officers, and also a President pro tempore, in the Absence of the Vice President, or when he shall exercise the Office of President of the United States.

[6] The Senate shall have the sole Power to try all Impeachments. When sitting for that Purpose, they shall be on Oath or Affirmation. When the President of the United States is tried, the Chief Justice shall preside: And

[1] The clause in brackets has been superseded by the thirteenth and fourteenth amendments.

[2] The Speaker is always one of the representatives, the other officers are not.

# Appendix II.

# [THE CONSTITUTION OF THE UNITED STATES OF AMERICA.][1]

We the People of the United States, in Order to form a more perfect Union, establish Justice, insure domestic Tranquility, provide for the common defence, promote the general Welfare, and secure the Blessings of Liberty to ourselves and our Posterity, do ordain and establish this Constitution for the United States of America.

## ARTICLE. I.

Section. 1. All legislative Powers herein granted shall be vested in a Congress of the United States, which shall consist of a Senate and House of Representatives.

Section. 2. [1] The House of Representatives shall be composed of Members chosen every second Year by the People of the several States, and the Electors in each State shall have the Qualifications requisite for Electors of the most numerous Branch of the State Legislature.

[2] No Person shall be a Representative who shall not have attained to the Age of twenty five Years, and been seven Years a Citizen of the United States, and who shall not, when elected, be an Inhabitant of that State in which he shall be chosen.

[3] Representatives and direct Taxes shall be apportioned among the several States which may be included within this Union, according to their respective Numbers,[2] [which shall be determined by adding to the whole Number of free Persons, including those bound to Service for a Term of

[1] This text of the Constitution has been printed from the copy issued by the United States Department of State which bears the indorsement, "Compared with the original in the Department of State, April 13, 1891, and found to be correct." Those parts of the document in brackets [] are not in the original, or have been modified or superseded by amendments, or were temporary in their character.

[2] The apportionment under the census of 1910 is one representative to every 211,877.

# ביילאַגע II

## [דיא קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון אַמעריקאַ][1]

מיר, דאָס פאָלק פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, אום צו מאַכען אַ פאָלקאָמענערן בונד, איינפיהרען גערעכטיגקייט, בעוואָרענען דיא רוהיגקייט פון לאַנד, זאָרגען פאַר דער אַלגעמיינער פערטיידיגונג, פערגרעסערן דעם וואוילשטאַנד פון אַלע בירגער און געווינען דיא ברכה פון פרייהייט פאַר זיך און פאַר אונזערע קינדער נאָך אונז, פיהרען איין און בעשטימען דיזע קאָנסטיטוציאָן פאַר דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון אַמעריקאַ.

### אַרטיקעל I

אַבשניט 1. דיא גאַנצע געזעץ-געבענדע מאַכט, וואָס ווערט דאָ געגעבען זאָל זיין ביים קאָנגרעס פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, וועלכער זאָל בעשטעהן פון אַ סענאַט און רעפּרעזענטאַנטען הויז.

אַבשניט 2. [1] דאָס רעפּרעזענטאַנטען הויז זאָל זיין צוזאַמענגעשטעלט פון מיטגליעדער, וועלכע ווערן יעדען צווייטען יאָהר געוועהלט פון דעם פאָלק פון דיא פערשיעדענע שטאַאטען, און דיא וועהלער אין יעדען שטאַאט זאָלען האָבען דיא אייגענ-שאַפטען וואָס ווערן געפאָדערט פון וועהלער פאַר דער גרעסטער אבטיילונג פון זייער שטאַאט לעגיסלאַטור.

[2] קיינער קען ניט ווערן אַ פערטרעטער אוידער ער ווערט אַלט פינף און צוואַנציג יאָהר, און אוידער ער איז געווען זיבען יאָהר אַ בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, און סיידען ער איז, ווען ער ווערט ערוועהלט, אַן איינוואָהנער אין דעם שטאַאט, אין וועלכען מען וועהלט איהם אויס.

[3] פערטרעטער און דירעקטע שטייערן זאָלען בעשטימט און איינגעטיילט ווערן צווישען דיא פערשיעדענע שטאַאטען, וואָס זיינען אַריינגענומען אין דיזען בונד, לויט דער צאָהל פון זייער בעפעלקערונג,[2] [דיא צאָהל זאָל בעשטימט ווערן אויף אַזאַ אופן:

1) דיזער טעקסט פון דער קאָנסטיטוציאָן איז גענומען פון אַ קאָפּיע וועלכע דאָס מיניסטע-ריום פון אויסערן פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָט אַרויסגעלאָזט און וועלכע האָט אויף זיך דיא פאָלגענדע בעמערקונג: "פערגליכען מיט'ן אָריגינאַל אין דעם מיניסטעריום פון אויסערן דעם 13טען אַפּריל, 1891, און געפונען ריכטיג". יענע טיילען אין דעם דאָקומענט וואָס זיינען אין איינשליסונגס-צייכענס, וויא דיא [] זיינען אין דעם אָריגינאַל ניטאָ, אָדער זיי זיינען געענדערט געוואָרען אָדער זיי האָבען נור געהאַט אַ צייטליכע בעדייטונג.

2) נאָך דעם צענזוס פון 1910 קומט אויס איין פערטרעטער אויף יעדע 211,877 פּערזאָן.

און מיר האָבען זיי בעשוואָרען מיט דיא באַנדען פון אונזער געמיינשאַפטליכער פער־וואַנדשאַפט ניט צו דערלאָזען אַזעלכע אונרעכטען, וועלכע וועלען סוף כל סוף צורייסען אונזערע פערבינדונגען און פריינדליכע בעציהונגען. זיי זיינען אויך געווען טויב צו דער שטימע פון גערעכטיגקייט און בלוט־פערוואַנדשאַפט. מיר מוזען דאַריבער זיך בויגען פאַר דער נויטווענדיגקייט און ערקלערען אונזער אָבזונדערונג, אונזער סע־פּאַראַציאָן, און האַלטען זיי וויא דעם איבריגען טייל פון דער מענשהייט — פיינד אין קריעג און פריינד אין פריעדען.

מיר די פערטרעטער פון די פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא, וועלכע זיינען פערזאַמעלט אין דעם אַלגעמיינעם קאָנגרעס, אַפּעלירענדיג צום העכסטען ריכטער פון דער וועלט פאַר דער אויפריכטיגקייט פון אונזערע אַבזיכטען, ערקלערען און מאַכען פייערליך בעקאַנט אין דעם נאָמען און מיט דער בעפאָלמעכטיגונג פון דעם גוטען פאָלק פון דיזע קאָלאָניעס, אַז דיזע פעראייניגטע קאָלאָניעס זיינען, און לויט רעכט דאַרפען זיין, פרייע און אונאַבהענגיגע שטאַאטען; אַז זיי זיינען בעפרייט פון אַלע פליכטען און טרייהיט צו דער ענגלישער קרוין און אַז אַלע פּאָליטישע בעציהונגען צווישען זיי און גרויס בריטאַניען זיינען און דאַרפען זיין אין גאַנצען אָבגעשניטען; און אַלס פרייע און אונאַבהענגיגע שטאַאטען האָבען זיי דיא פולע מאַכט צו ערקלערען קריעג, שליכען פריעדען, מאַכען פערבינדונגען מיט אנדערע מדינות, איינריכטען האַנ־דעל און טהאָן אַלע אַנדערע זאַכען וואָס אונאַבהענגיגע שטאַאטען האָבען דאָס רעכט צו טהאָן. און מיט אַ שטאַרקען בטחון אויף דער הילף פון דער געטליכער השגחה, פערפּפליכטען מיר זיך איינע דיא אַנדערע צו שטיצען דיזע ערקלערונג מיט אונזערע לעבענס, מיט אונזערע פערמעגענס און מיט אונזער הייליגער עהרע.

דזשאָן הענקאָק.

**ניו העמשיר.**
דזשאָזייא בארטלעט,
וויליאם וויפּל,
מעטהיו טארנטאָן.

**מאַסאַטשוזעטס בעי.**
סאַמועל עדעמס,
דזשאָן עדעמס,
ראָבערט טריט פּעין,
עלברידזש גערי.

**ראָוד איילענד.**
סטיפען האָפּקינס,
וויליאם עלערי.

**קאָנעטיקוט.**
ראָדזשער שערמאַן,
סאַמועל האַנטינגטאָן,
וויליאם וויליאַמס,
אָליווער וואָלקאָט.

**ניו יאָרק.**
וויליאם פלאָיד,
פיליפּ ליווינגסטאָן,
פראַנסיס לואיס,
לואיס מאָריס.

**ניו דזשוירזי.**
ריטשארד סטאָקטאָן,
דזשאָן וויטערספּון,
פראַנסיס האָפּקינסאָן,
דזשאָן האַרט,
אייבראַהעם קלאַרק.

**פּענסילווייניאַ.**
ראָבערט מאָריס,
בענדזשאַמין ראַש,
בענדזשאַמין פראַנקלין,
דזשאָן מאָרטאָן,
דזשאָרדזש קלאַימער,
דזשיימס סמיטה,
דזשאָרדזש טעילאָר,
דזשיימס ווילסאָן,
דזשאָרדזש ראָס.

**דעלאַווער.**
סיזער ראָדני,
דזשאָרדזש ריד,
טאָמאַס מעקין.

**מערילענד.**
סאַמועל טשעיס,
וויליאם פּעקא,
טאָמאַס סטאָן,
טשאַרלס קעראָל פון קעראָל־טאָן.

**ווירדזשיניאַ.**
דזשאָרדזש וואַיטה,
ריטשארד הענרי לי,
טאָמאַס דזשעפערסאָן,
בענדזשאַמין העריסאָן,
טאָמאַס נעלסאָן (איינגערער),
פראַנסיס לאַיטפוט לי,
קאַרטער ברעקסטאָן.

**נאָרד קעראָליינאַ.**
וויליאם הופּער,
דזשאָזעף יוהז.
דזשאָן פּען.

**זיד קעראָליינאַ.**
עדוואַרד ראַטלעדזש,
טאָמאַס העיוואַרד (איינגע־רער),
טאָמאַס לינטש (איינגערער),
אַרטור מידעלטאָן.

**דזשאָרדזשיאַ.**
באַטען גווינעט,
ליימאַן האָל,
דזשאָרדזש וואַלטאָן.

our common kindred to disavow these usurpations, which, would inevitably interrupt our connections and correspondence. They too have been deaf to the voice of justice and of consanguinity. We must, therefore, acquiesce in the necessity, which denounces our Separation, and hold them, as we hold the rest of mankind, Enemies in War, in Peace Friends.

We, therefore, the Representatives of the united States of America, in General Congress, Assembled, appealing to the Supreme Judge of the world for the rectitude of our intentions, do, in the Name, and by Authority of the good People of these Colonies, solemnly publish and declare, That these United Colonies are, and of Right ought to be Free and Independent States; that they are Absolved from all Allegiance to the British Crown, and that all political connection between them and the State of Great Britain, is and ought to be totally dissolved; and that as Free and Independent States, they have full Power to levy War, conclude Peace, contract Alliances, establish Commerce, and to do all other Acts and Things which Independent States may of right do. And for the support of this Declaration, with a firm reliance on the Protection of Divine Providence, we mutually pledge to each other our Lives, our Fortunes and our sacred Honor.

JOHN HANCOCK.

NEW HAMPSHIRE.

Josiah Bartlett,
Wm. Whipple,
Matthew Thornton.

MASSACHUSETTS BAY.

Saml. Adams,
John Adams,
Robt. Treat Paine,
Elbridge Gerry.

RHODE ISLAND.

Step. Hopkins,
William Ellery.

CONNECTICUT.

Roger Sherman,
Sam'el Huntington,
Wm. Williams,
Oliver Wolcott.

NEW YORK.

Wm. Floyd,
Phil. Livingston,
Frans. Lewis,
Lewis Morris.

NEW JERSEY.

Richd. Stockton,
Jno. Witherspoon,
Fras. Hopkinson,
John Hart,
Abra. Clark.

PENNSYLVANIA.

Robt. Morris,
Benjamin Rush,
Benja. Franklin,
John Morton,
Geo Clymer,
Jas. Smith,
Geo. Taylor,
James Wilson,
Geo. Ross.

DELAWARE.

Cæsar Rodney,
Geo. Read,
Tho. M'Kean.

MARYLAND.

Samuel Chase,
Wm. Paca,
Thos. Stone,
Charles Carroll of Carrollton.

VIRGINIA.

George Wythe,
Richard Henry Lee,
Th. Jefferson,
Benja. Harrison,
Thos. Nelson, jr.,
Francis Lightfoot Lee,
Carter Braxton.

NORTH CAROLINA.

Wm. Hooper,
Joseph Hewes,
John Penn.

SOUTH CAROLINA.

Edward Rutledge,
Thos. Heyward, Junr.,
Thomas Lynch, Junr.,
Arthur Middleton.

GEORGIA.

Button Gwinnett,
Lyman Hall,
Geo. Walton.

He has combined with others to subject us to a jurisdiction foreign to our constitution, and unacknowledged by our laws; giving his Assent to their Acts of pretended Legislation:

For quartering large bodies of armed troops among us:

For protecting them, by a mock Trial, from Punishment for any Murders which they should commit on the Inhabitants of these States:

For cutting off our Trade with all parts of the world:

For imposing taxes on us without our Consent:

For depriving us in many cases, of the benefits of Trial by Jury:

For transporting us beyond Seas to be tried for pretended offences:

For abolishing the free System of English Laws in a neighbouring Province, establishing therein an Arbitrary government, and enlarging its Boundaries so as to render it at once an example and fit instrument for introducing the same absolute rule into these Colonies:

For taking away our Charters, abolishing our most valuable Laws, and altering fundamentally the Forms of our Governments:

For suspending our own Legislatures, and declaring themselves invested with Power to legislate for us in all cases whatsoever.

He has abdicated Government here, by declaring us out of his Protection and waging War against us.

He has plundered our seas, ravaged our Coasts, burnt our towns, and destroyed the lives of our people.

He is at this time transporting large armies of foreign mercenaries to compleat the works of death, desolation and tyranny, already begun with circumstances of Cruelty & perfidy scarcely paralleled in the most barbarous ages, and totally unworthy the Head of a civilized nation.

He has constrained our fellow Citizens taken Captive on the high Seas to bear Arms against their Country, to become the executioners of their friends and Brethren, or to fall themselves by their Hands.

He has excited domestic insurrections amongst us, and has endeavoured to bring on the inhabitants of our frontiers, the merciless Indian Savages, whose known rule of warfare, is an undistinguished destruction of all ages, sexes and conditions.

In every stage of these Oppressions We have Petitioned for Redress in the most humble terms: Our repeated Petitions have been answered only by repeated injury. A Prince, whose character is thus marked by every act which may define a Tyrant, is unfit to be the ruler of a free People.

Nor have We been wanting in attention to our Brittish brethren. We have warned them from time to time of attempts by their legislature to extend an unwarrantable jurisdiction over us. We have reminded them of the circumstances of our emigration and settlement here. We have appealed to their native justice and magnanimity, and we have conjured them by the ties of

געזעצליכע מאַכט וואָס איז פרעמד אונזער קאָנסטיטוציע און וואָס אונזערע געזעצע אַנערקענען ניט, און האָט געגעבען זיין צושטימונג צו דיא פאָלגענדע תקנות וואָס זיינען כלומרשט געמאַכט געוואָרען אין אַ פאָרם פון געזעץ-געבונג:

צו איינקוואַרטירען ביי אונז גרויסע מחנות בעוואַפענטע חיל;

צו בעשיצען דיא חיל פון שטראָף, ווען זיי בעגעהן אַ מאָרד געגען דיא איינוואָהנער פון דיזע שטאַאטען, דורך אַ משפט וואָס ווערט געמאַכט נור לפנים וועגען;

אָבצושניידען אונזער האַנדעל פון אַלע טיילען וועלט;

אַרויפצולייגען אויף אונז שטייערן אָהן אונזער צושטימונג;

אַוועקצונעהמען פון אונז אין פיעלע פעלע אונזער רעכט צו האָבען געריכטס-געשוואָרענע אין אַ משפט;

צו פערשיקען אונז איבער ימים און דאָרטען משפט'ן אונז פאַר אויסגעטראַכטע פערברעכענס;

אָבצושאַפען דאָס פרייע סיסטעם פון ענגלישע געזעצע אין אַ נאַכבאַר-פראָווינץ, איינצוריכטען דאָרטען אַ דעספאָטישע רעגיערונג און צו פערשטאַרקען איהר מאַכט אַזוי, אַז זיא זאָל צוגלייך דיענען אַלס בוישפיעל און גוטער מיטעל איינצופיהרען דיא זעלביגע דעספאָטישע רעגיערונג אין דיזע קאָלאָניעס;

אַוועקצונעהמען אונזערע טשאַרטערס, אָבצושאַפען אונזערע טייערסטע געזעצע און אומצוענדערן דיא פאָרמען פון אונזער רעגיערונג ביז'ן סאַמע גרונד;

אָבצושאַפען אונזערע אייגענע געזעץ-געבענדע קערפערשאַפטען און צו נעהמען פאַר זיך אַליין דיא מאַכט צו שאַפען פאַר אונז געזעצע פאַר אַלצדינג.

ער האָט זיך אליין אָבגעזאָגט פון זיין רעגיערונג דאָ דערמיט וואָס ער האָט ערקלערט אַז מיר זיינען מעהר ניט אונטער זיין שוץ און וואָס ער האָט אָנגעהויבען פיהרען אַ מלחמה געגען אונז.

ער האָט געראַבעוועט אונזערע ימים, געפּלינדערט אונזערע ים-ברעגעס, געברענט אונזערע שטעט און אומגעבראַכט דיא לעבענס פון אונזער פאָלק.

ער שיקט איצט גרויסע אַרמעען פון פרעמדע געדונגענע סאָלדאַטען צו פערענדיגען דיא אַרבייט פון טויט, פערוויסטונג און טיראַנייַ וואָס איז שוין אָנגעהויבען מיט אַזאַ גרויזאַמקייט און פאַלשקייט וואָס האָט כמעט קיין גלייכען ניט אין דיא ווילדעסטע צייטען און וואָס פאַסען דורכאויס ניט פאַר'ן הויפט פון אַ ציוויליזירטען פאָלק.

ער האָט געצוואונגען אונזערע מיט-בירגער, וועלכע ער האָט גענומען געפאַנגען אויף'ן מיטען ים, צו ברויכען געוועהר געגען זייער פאָטערלאַנד, צו ווערן דיא תליונים פון זייערע אייגענע פריינדע און ברידער, אָדער אַליין צו פאַלען דורך זייערע הענד.

ער האָט אויפגערייצט אויפשטענדע ביי אונז אין דיא קאָלאָניעס און געזוכט אָנצושיקען אויף דיא איינוואָהנער פון אונזערע גרענעצען דיא ווילדע אינדיאַנער, וועלכע וויסען ניט פון קיין רחמנות און וועמעס כלל אין מלחמות איז צו פערטיליגען פון גרויס ביז קליין, פון אַלט ביז יונג, אָהן אַן אונטערשיעד פון געשלעכט און שטאַנד.

ביי יעדע שטופע פון דיזע אונטערדריקונגען האָבען מיר מיט גרויס עניוות געבעטען גערעכטיגקייט, אָבער אויף אונזערע פיעלע בקשות האָט ער נור געענטפערט מיט פיעלע נייע אונרעכטען. אַ פרינץ, מיט אַזאַ כאַראַקטער וואָס בעצייכענט מיט יעדער האַנדלונג דעם אמת'ן טיראַן, איז ניט פאַסענד צו זיין דער הערשער פון אַ פרייען פאָלק.

אויך האָבען מיר ניט פערפעהלט צו מאַכען אויפמערקזאַם אויף דעם אונזערע ענגלישע ברידער. מיר האָבען זיי פון צייט צו צייט געוואָרענט וועגען דער שטרעבונג פון זייער געזעץ-געבונג צו פערשפרייטען איבער אונז אַ קאָנטראָלירענדע מאַכט, צו וועלכער זיי האָבען ניט געהאַט קיין רעכט. מיר האָבען זיי דערמאָנט פאַר וואָס מיר האָבען אַהערצו איינגעוואַנדערט און פאַר וואָס מיר האָבען זיך דאָ בעזעצט. מיר האָבען אַפּעלירט צו זייער אוינגעבאָרענעם געפיהל פון גערעכטיגקייט און צו זייער גרויסמוטה,

דיא פאָרם פון אַ רעגיערונג, מיט וועלכער זיא איז געוואוינט. נור ווען אַ לאַנגע רייהע מיסהאַנדלונגען און גוואַלד-טהאַטען ווייזען קלאָר אַרויס אַ כונה, אַז דיא רעגיערונג שטרעבט צו ווערן אַן אונבעגרענצטע דעספּאָטישע מלוכה, האָט דיא מענשהייט אַ רעכט און עס איז איהר פּפליכט אַרונטערצוװאַרפען אַזאַ רעגיערונג, און בעזאָרגען נייע שיצער פאַר איהר צוקונפטיגער זיכערהייט. — אַזוי האָבען געדולדיג געליטען דיא קאָלאָניעס און אַזוי זיינען זיי איצט געצוואונגען צו ענדערן דאָס פריהערדיגע סיסטעם פון זייער רעגיערונג. דיא געשיכטע פון דעם איצטיגען קעניג פון גרויס בריטאַניען איז אַ געשיכטע פון עולות און גוואַלד-טהאַטען, וואָס ווידערהאָלען זיך איינע נאָך דיא אַנדערע און וואָס האָבען דעם איינציגען צוועק איינצוריכטען אַ פאָלשטענדיגע טיראַניי איבער דיזע שטאַאטען. צו דערווייזען עס זאָלען זיינע מעשים רעדען פאַר דער גערעכטער וועלט.

ער האָט זיך ענטזאַגט צו געבען זיין צושטימונג צו דיא ניצליכסטע געזעצע וואָס זיינען נויטיג פאַר'ן וואוילשטאַנד פון פאָלק.

ער האָט פערבאָטען זיינע גובערנאַטאָרען אין דיא קאָלאָניעס דורכצופיהרען געזעצע, וועלכע האָבען זיך געפאָדערט גלייך און זיינען געווען פון דרינגענדער וויכ-טיגקייט, סיידען מען האָט מיט דער דורכפיהרונג פון זייזע געזעצע געוואַרט ביז פון איהם וועט אָנקומען אַ צושטימונג; און בשעת מען האָט דאָ געוואַרט האָט ער אין גאַנצען פערנאַכלעסיגט צו שענקען זיי זיין אויפמערקזאַמקייט.

ער האָט ניט געלאָזט דורכפיהרען געזעצע פאַר דער בעקוועמליכקייט פון דער בעפעלקערונג פון גרויסע פּראָווינצען, סיידען דיא בעפעלקערונג זאָל זיך אָבזאָגען פון דעם רעכט צו האָבען פערטרעטער אין דער לעגיסלאַטור, אַ רעכט וואָס איז אונ-שעצבאַר פאַר אַ פאָלק און וואָס איז נור אַ שרעק פאַר טיראַנען.

ער האָט צוזאַמענגערופען געזעץ-געבענדע קערפּערשאַפטען אין אונגעוואוינליכע, אונבעקוועמע פּלעצער, ווייט פון זייערע אַרכיוועו, מיט דעם איינציגען צוועק צו בעלאַסטיגען זיי, כדי זיי זאָלען טהאָן וויא ער וויל.

ער האָט צוטריבען איין רעפּרעזענטאַנטען הויז נאָך'ן צווייטען, ווייל זיי זיינען געשטאַנען שטאָל און אייזען פאַר דיא רעכטע פון פאָלק און ניט געלאָזט איהם אָנגרייפען זיי.

ער האָט ניט געלאָזט, אַ לאַנגע צייט נאָכדעם וויא ער האָט צוטריבען דיא פאָלקס-פערטרעטער, אויסצואוועהלען אַנדערע; דערמיט האָט זיך דיא געזעץ-געבענדע מאַכט, וואָס קען ניט ווערן פערניכטעט, צוריקגעקעהרט צום פאָלק. דערווייל איז דיא מדינה געווען אונבעשיצט געגען אַלע געפאַהרען פון דרויסען און פון אונרוהען אינוועניג.

ער האָט געזוכט צו שטערען דיא פערגרעסערונג פון דער בעפעלקערונג פון דיזע שטאַאטען; פאַר דעם צוועק האָט ער געמאַכט שוועריגקייטען אין דיא געזעצע אז פרעמדע זאָלען קענען ווערן בירגער; ער האָט ניט געלאָזט דורכגעהן אַנדערע געזעצע וואָס זאָלען ערמוטהיגען דיא איינוואַנדערונג אַהער און ער האָט שווערער געמאַכט דיא בעדינגונגען צו ערווערבען גרונד-אייגענטום.

ער האָט געמאַכט שוועריגקייטען דער אַדמיניסטראַציע פון גערעכטיגקייט דערמיט וואָס ער האָט ניט געגעבען זיין צושטימונג צו געזעצע איינצופיהרען געריכטען.

ער האָט דיא ריכטער געמאַכט אָבהענגיג אָן זיין אייגענעם ווילען דערמיט וואָס ער האָט זיי געהאַלטען אין זייער אַמט אַזוי לאַנג וויא ער האָט געוואָלט און האָט זיי געצאָהלט אַזעלכע שכירות וויא איהם איז געווען געפעלען.

ער האָט געשאַפען אַ סך נייע שטעלען און געשיקט אַהער מחנות בעאַמטע צו פּלאָגען אונזער בעפעלקערונג און אויסצוזויגען זייער בלוט.

ער האָט אין צייט פון פריעדען געהאַלטען ביי אונז שטענדיגע אַרמעען אָהן דער צושטימונג פון אונזערע געזעץ-געבער.

ער האָט געוואָלט מאַכען דיא מיליטער אונאָבהענגיג און העכער פון דער בירגערליכער מאַכט.

ער האָט זיך פעראייניגט מיט אַנדערע צו אונטערוואַרפען אונז אונטער אַזאַ

evinces a design to reduce them under absolute Despotism, it is their right, it is their duty, to throw off such Government, and to provide new Guards for their future security. — Such has been the patient sufferance of these Colonies; and such is now the necessity which constrains them to alter their former Systems of Government. The history of the present King of Great Britain is a history of repeated injuries and usurpations, all having in direct object the establishment of an absolute Tyranny over these States. To prove this, let Facts be submitted to a candid world.

He has refused his Assent to Laws, the most wholesome and necessary for the public good.

He has forbidden his Governors to pass Laws of immediate and pressing importance, unless suspended in their operation till his Assent should be obtained; and when so suspended, he has utterly neglected to attend to them.

He has refused to pass other Laws for the accommodation of large districts of people, unless those people would relinquish the right of Representation in the Legislature, a right inestimable to them and formidable to tyrants only.

He has called together legislative bodies at places unusual, uncomfortable, and distant from the depository of their Public Records, for the sole purpose of fatiguing them into compliance with his measures.

He has dissolved Representative Houses repeatedly, for opposing with manly firmness his invasions on the rights of the people.

He has refused for a long time, after such dissolutions, to cause others to be elected; whereby the Legislative Powers, incapable of Annihilation, have returned to the People at large for their exercise; the State remaining in the mean time exposed to all the dangers of invasion from without, and convulsions within.

He has endeavoured to prevent the population of these States; for that purpose obstructing the Laws for Naturalization of Foreigners; refusing to pass others to encourage their migration hither, and raising the conditions of new Appropriations of Lands.

He has obstructed the Administration of Justice, by refusing his Assent to Laws for establishing Judiciary Powers.

He has made Judges dependent on his Will alone, for the tenure of their offices, and the amount and payment of their salaries.

He has erected a multitude of New Offices, and sent hither swarms of Officers to harrass our People, and eat out their substance.

He has kept among us, in times of peace, Standing Armies without the Consent of our legislature.

He has affected to render the Military independent of and superior to the Civil Power.

# APPENDIX I.

## THE DECLARATION OF INDEPENDENCE.[1]

IN CONGRESS, JULY 4, 1776.

### THE UNANIMOUS DECLARATION OF THE THIRTEEN UNITED STATES OF AMERICA.

WHEN in the Course of human events, it becomes necessary for one people to dissolve the political bands which have connected them with another, and to assume among the Powers of the earth, the separate and equal station to which the Laws of Nature and of Nature's God entitle them, a decent respect to the opinions of mankind requires that they should declare the causes which impel them to the separation.

We hold these truths to be self-evident, that all men are created equal, that they are endowed by their Creator with certain unalienable Rights, that among these are Life, Liberty and the pursuit of Happiness. That to secure these rights, Governments are instituted among Men, deriving their just powers from the consent of the governed, That whenever any Form of Government becomes destructive of these ends, it is the Right of the People to alter or to abolish it, and to institute new Government, laying its foundation on such principles and organizing its powers in such form, as to them shall seem most likely to effect their Safety and Happiness. Prudence, indeed will dictate that Governments long established should not be changed for light and transient causes; and accordingly all experience hath shown, that mankind are more disposed to suffer, while evils are sufferable, than to right themselves by abolishing the forms to which they are accustomed. But when a long train of abuses and usurpations, pursuing invariably the same Object

[1] The original copy of the Declaration of Independence, which was signed at Philadelphia, is kept at the Department of State, Washington, District of Columbia. The writing is much faded, and some of the signatures have nearly disappeared.

The arrangement of paragraphs here adopted follows the copy in the Journals of Congress, printed by John Dunlap, which agrees with Jefferson's original draft. No names of states appear in the original, though the names from each state are together, except that the signature of Matthew Thornton, New Hampshire, follows that of Oliver Wolcott, Massachusetts.

# בײלאַגע I



## די אונאבהענגיגקײטס ערקלערונג *)

**אויף'ן קאָנגרעס, דעם 4טען יולי, 1776.**

## די אײנשטימיגע ערקלערונג פון די דרײצעהן פעראײניגטע שטאַאטען פון אַמעריקאַ.

װען אין דעם לויף פון מענשליכע פּאַסירונגען װערט נױטיג פאַר אײן פאָלק צו צו־ױסען די פּאָליטישע באַנדען, װעלכע האָבען זײ פערבונדען מיט אַן אַנדערן, און אַנצונעהמען צװישען די מעכטע פון דער װעלט אַ בעזונדערע און גלײכע שטעלונג, צו װעלכער די געזעצען פון דער נאַטור און פון גאָט פון דער נאַטור גיבען זײ אַ רעכט, פאָדערט דער אַנשטענדיגער רעספּעקט פאַר דער מײנונג פון דער מענשהײט אַז זײ זאָלען ערקלערען די אורזאַכען װאָס האָבען זײ געצװאונגען אַזױ צו האַנדלען.

מיר האַלטען דיזע װאַרהײטען פאַר זעלבסט-פערשטענדליך, אַז אַלע מענשען זײנען בעשאַפען גלײך, אַז זײער שעפּער האָט זײ געגעבען געװיסע רעכטע װאָס מען קען ניט אַװעקנעהמען, אַז אונטער דיזע רעכטע זײנען לעבען, פרײהײט און דאָס שטרעבען נאָך גליק. אום צו זיכערן דיזע רעכטע זײנען צװישען מענשען אײנגעריכטעט רע־גיערונגען, װעלכע קריגען זײער מאַכט דורך דער צושטימונג פון די רעגיערטע; און װען נור אירגענד װעלכע אַרט רעגיערונג װערט שעדליך פאַר דיזען צװעק, האָט דאָס פאָלק אַ רעכט צו ענדערן איהר, אָדער אָבשאַפען איהר און אײנצואָרדנען אַ נײע רעגיערונג און לעגען איהר פונדאַמענט ױיף אַזעלכע פּרינציפּען און אָרגאַניזירען איהר מאַכט אויף אַזאַ אופן, װיא זײ װעט שײנען צו זײן בעסער פאַר זײער זיכערהײט און גליק. אמת, דער שכל זאָגט אונטער, אַז לאַנג אײנגעריכטעטע רעגיערונגען זאָל מען ניט אומענדערן צוליב לײכטע און איבערגעהענדע אורזאַכען; און די פּראַקטיק האָט טאַקע געװיזען אַז די מענשהײט איז מעהר גענײגט צו לײדען, כל זמן די צרות זײנען צו דערלײדען, אײדער אָבצורעכענען זיך דערמיט װאָס זיא װעט אָבשאַפען

---

*) די ערשטע קאָפּיע פון דער אונאבהענגיגקײטס ערקלערונג, װעלכע מען האט אונטער־געשרי־ײן אין פילאַדעלפיא, װערט געהאלטען אין ז.ם שטאַאטס דעפּאַרטמענט אין װאַשינגטאָן, דיסטריקט אָװ קאָלאמביאַ. דער כתב א ז זעהר מטושטש, אבגעקראַכען, און עטליכע אונטער־שריפטען זײנען שוין כמעט פערשװאונדען.

די אײנאָרדנונג אין פּאַראַגראַפען, װיא דאָ איז געמאַכט איז לױט אַ קאָפּיע פון די זשורנאַלען פון קאָנגרעס, געדרוקט פון דזשאָן דאַנלעפּ, און שטימט מיט'ן אָריגינאַל װאָס דזשעפערסאָן האט אױסגעאַרבײט. אין דעם אָריגינאַל זײנען ניטאָ די נעמען פון די שטאַאטען, הגם די נעמען פון די אונטערגעשריבענע געהען פון יעדען שטאַאט צוזאַמען, אױסער װאָס די אונטערשריפט פון מעטהיו טאָרנטאָן, פון ניו העמשיר, קומט נאָך אָליװער װאָלקאָט פון מאַסאַטשוזעטס.

רענדע קאָלאָניעס, זייענדיג א טייל פון דער בריטישער אימפעריע. נאָכדעם האָבען מיר אויסגעקעמפּפט אונזער אונאבהענגיגקייט און מיר האָבען זיך אוועקגעלאָזען אויף א קאריערע פון ענטוויקלונג אלס א זעלבסטשטענדיגע נאציאָן. בעת דער פאָלגענדער פעריאָדע פון א יאהרהונדערט און א פיערטעל האָבען גרויסע ערפינדונגען און ענטדעקונגען "איבערגעמאכט דיא וועלט". ציוויליזאציאָן האָט מעהר פאָרטשריטע געמאכט בעת דיזער צייט וויא אין אלע פריהערדיגע בעוואוסטע פעריאָדען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. אלס א נאציאָן האָבען מיר פיעל בייגעשטייערט צו דיזען וואונדערבארען פאָרטשריט. אָבער מעהר וויא אלעס האָט אונזער לאנד בעוויזען דער גאנצער וועלט, דאָס דיא העכסטע ערריכונגען פאר דער מענשהייט זיינען מעגליך אין א לאנד פון פרייהייט און גלייכהייט פאר אלעמען — אין א לאנד וואו דער אידעאל איז א "רעגיערונג פון דאָס פאָלק דורך דאָס פאָלק, פאר דאָס פאָלק".

pendence, we started on our career of development as a nation. During this period of a century and a quarter, great inventions and discoveries have "made the world over." Civilization has made greater advance during that time than in all the previous recorded ages in the history of mankind. As a nation, we have contributed much to this wonderful progress, but above all our country has shown the world that the greatest achievements for mankind are possible in a land of freedom and equal opportunity for all — in a country whose ideal is a "government of the people, by the people, for the people."

to the commerce of the world on August 20, 1914. The Panama-Pacific International Exposition, which was held in San Francisco, Cal., to celebrate the completion of the great waterway, was opened on the 20th of February, 1915, and closed on December 4th of that year, after having been visited by more than 18,000,000 people. The San Diego Panama-California International Exposition, which was held in the same year at San Diego, Cal., remained open for the following year.

**The "War Taxes"**

509. **New Taxes on Account of the World's War.** The great war which broke out in the Old World in the beginning of August, 1914, materially influenced the internal condition of the United States. One of its immediate effects was a further reduction in the revenues which the Government derived from the custom duties on imported articles, added to the diminution which was caused by the new Tariff act (Sect. 505). To remedy this, the Congress adopted "An Act to Increase the Internal Revenue" (approved October 22, 1914,) which raised the excise tax on beer, and added a new tax on wines, and a long list of other special taxes, which are popularly known as "War Taxes." The new dangers which the war brought for all sea-going vessels induced Congress to authorize (by an act approved September 2, 1914,) a Bureau of War Risk Insurance to insure American ships and their cargoes against the risks of war. This bureau is operated under the supervision of the Treasury Department in Washington.

**A History of Growth and Achievement**

510. **Conclusion.**—The foregoing pages have traced the growth and development of our country from its discovery by Columbus to its present position of pre-eminence among the leading nations of the world. By the middle of the 18th century, from a few trading posts and isolated settlements planted early in the 17th century by various nations of Europe, we had grown into a group of thirteen self-governing colonies, forming a part of the British Empire. Then having won our inde-

פעברואר, 1915, און האָט זיך פּערמאכט דעם 4טען דעצעמבער אין דעם זעלבען יאָהר. איבער 18,000,000 מענשען האָבען בעזוכט דיא דאָזיגע אויסשטעלונג. דיא סאַן דיעגאָ פּאַנאמא־קאַליפאָרניא אינטערנאַציאָנאַלע אויסשטעלונג, וואָס איז געמאכט געוואָרען אין דעם זעלביגען יאָהר אין סאַן דיעגאָ, קאַליפאָרניא, איז געבליבען אָפען פאַר'ן קומענדען יאָהר.

509. **נייע שטייערען צוליעב דער וועלט־מלחמה.** די גרויסע מלחמה וואָס האָט אויסגעבראָכען אין דער אַלטער וועלט אָנהויב אויגוסט, 1914, האָט שטארק געטראָפען דעם אינערליכען צושטאנד פון דיא פּעראייניגטע שטאטען. דער ערשטער פּועל יוצא דערפון איז געווען, וואָס עס איז ווייטער געפאַלען דיא הכנסה פון דער רעגיערונג פון דעם אָבצאָהל אויף דער טאַמאָזשנע פון אימפּאָרטירטע זאכען. דיא דאָזיגע הכנסה איז שוין פריהער פיעל פערקלענערט געוואָרען דורך דעם נייען טאריף (זעה פּאראגראף 505). צו העלפען דעם דאָזיגען צושטאנד, האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אַן אַקט צו פערגרעסערען דיא הכנסה, וואָס ווערט געשאַפען אין לאנד גופא. דער דאָזיגער אַקט איז גוט געהייסען געוואָרען דעם 22טען אָקטאָבער, 1914, און האָט אויפגעהויבען דעם אַקציז אויף ביער, מוסיף געווען א נייען שטייער אויף וויין און געשאַפען א לאנגע ליסטע פון אנדערע ספּעציעלע שטייערען, וועלכע זיינען אַלגעמיין בעקאנט אַלס "מלחמה שטייערען". דיא נייע סכנות וואָס דיא מלחמה האָט געבראַכט פאַר אַלע ים שיפען האָבען בעוועגט דעם קאָנגרעס צו בעפאָלמעכטיגען (דער געזעץ איז גוט געהייסען געוואָרען דעם 2טען סעפּטעמבער, 1914) א קריעגס־שאָדען־פערזיכערונגס ביוראָ און די דאָזיגע ביוראָ אסעקורירט אַמע־ריקאַנער שיפען און דיא משאות וואָס זיי פיהרען אין פאַל מיט זיי טרעפט זיך עפּעס צוליעב דער מלחמה. דיא דאָזיגע ביוראָ ארבייט אונטער דער השגחה פון דעם פינאנץ דעפּאַרטמענט אין וואשינגטאָן.

510. **שלום.** — אין דיא פאָרהערגעהענדע בלעטער פון דיזען בוך איז בעשריבען געוואָרען דער וואוקס און דיא ענטוויקלונג פון אונזער לאנד, פון דעם מאָמענט וואָס זיא איז ענטדעקט געוואָרען פון קאָלאָמבוס ביז איהר יעצ־טיגע שטופע פון גרויסקייט צווישען דיא הויפּט נאַציאָנען פון דער וועלט. אָנפאַנגענדיג מיט עטליכע האנדעלס סטאַציאָנען און צוואָרפענע קאָלאָניעס וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרען אין אָנפאַנג זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט פון פערשיעדענע נאַציאָנען אין איירופּא, זיינען מיר ביז'ן מיטען פון אכצעהנ־טען יאָהרהונדערט אויסגעוואקסען צו א גרופּע פון דרייצעהן זעלבסט־רעגיע־

באנק איז אויפגעפאדערט צו נעהמען אקציעס אין דער פעדעראל רעזערוו באנק פון איהר דיסטריקט, און צוליעב דעם צוועק איז דאס גאנצע לאנד איינגעטהיילט געווארען אין צוועלף פעדעראלע רעזערוו דיסטריקטען. די סיסטעם איז אונטער דער השגחה פון א צענטראלען קאלעגיום אין וואשינגטאן, וועלכער בעשטעהט פון זיבען מיטגליעדער (אריינגערעכענט דעם פינאנץ מיניסטער און דעם פינאנץ קאנטראלער). דער דאזיגער קאלעגיום איז בעוואוסט אלס פעדעראל רעזערוו באָרד. די נייע באנקען האבען זיך געעפענט דעם 16טען נאָוועמבער 1914, און די סיסטעם האט פיעל בייגעטראגען צו פערבעסערען דעם צושטאנד פון מסחור דורך צענטראליזירען די רעזערווען, פעסטער מאכען דעם קרעדיט און בעסער צופאסען די באנקען צו די פאדערונגען פון דעם אויסלענדישען האנדעל.

507. **די זיבעצעהנטע ענדערונג.** די זיבעצעהנטע ענדערונג אין דער קאנסטיטוציע פון די פעראייניגטע שטאאטען בעשטימענדיג אז די וואהלען פון סענאטארען פאר'ן סענאט פון די פעראייניגטע שטאאטען זאלען זיין דורך א דירעקטער אבשטימונג פון פאלק איז אנגענומען געווארען פון דער נויטיגער צאהל שטאאטען באלד נאך דער זעכצעהנטער ענדערונג וואס איז דערמאנט אין פאראגראף 505 און איז פראקלאמירט געווארען אלס געזעץ דעם 31טען מאי, 1913. דערמיט איז דערוויזען געווארען אז די שוועריגקייטען צו מאכען ענדערונגען אין דער קאנסטיטוציע זיינען נים אזעלכע, וואס מען קען נים בייקומען, און אז דאס פאלק קען ענדערן די פונדאמענטאלע געזעצען פון דעם לאנד, ווען נאר א גרויסע מאיאריטעט נאך א רייפען ישוב הדעת האט בעשלאסען אזוי צו טהאן.

508. **דער פאנאמא קאנאל און די אויסשטעלונג צו פייערען זיין ערעפנונג.** — דער פאנאמא קאנאל וואס די רעגיערונג פון די פעראייניגטע שטאאטען האט זיך אונטערגענומען צו בויען נאכדעם וויא די פראנצויזישע אונטערנעהמער האבען זיך פון איהם אבגעטרייסעלט (זעה פאראגראף 478 און 487), איז פארטיג געווארען אין דעם משך פון ניין יאהר. דאס ערשטע וואסער איז אריין אין די שלייזען פון גאטין דעם 26טען סעפטעמבער, 1913, און איז אפיציעל געעפענט געווארען פאר'ן האנדעל פון דער וועלט דעם 20טען אויגוסט, 1914. די פאנאמא-פאסיפיק - אינטערנאציאנאלע אויסשטעלונג וואס איז געמאכט געווארען אין סאן פראנציסקא, קאליפארניא, צו פייערען די פערפערטיגונג פון דעם גרויסען וואסערוועג, האט זיך געעפענט דעם 20טען

The Federal Reserve Banks

**506. The Federal Reserve Banks.** The extra session of the Sixty-third Congress lasted until the beginning of the regular session in December, 1913, and in that month President Wilson approved the most important piece of financial legislation which was enacted in the United States in this generation. It is known as the Federal Reserve Act, which organized the National banks in a co-operative system, each bank being required to become a stockholder in the Federal Reserve bank of its district, the country having been divided for that purpose into twelve Federal Reserve districts. The system is under the supervision of a central board in Washington, which consists of seven members (including the Secretary of the Treasury and the Comptroller of the Currency) and is known as the Federal Reserve Board. The new banks were opened November 16, 1914, and the system by centralizing reserves, stabilizing credits and providing a better banking machinery for the needs of foreign commerce, has contributed much to the improvement of the business conditions.

The Seventeenth Amendment

**507. The Seventeenth Amendment.** The Seventeenth Amendment to the Constitution of the United States, providing for the election of United States Senators by direct vote of the people, was adopted by the requisite number of States shortly after the amendment mentioned in Sect. 505, and was declared in force May 31, 1913. It was then demonstrated that the difficulties in the way of amending the Constitution are not insurmountable, and that the people can change the Organic Law of the country whenever a large majority after mature consideration has decreed that it shall be done.

Opening of the Panama Canal

**508. The Panama Canal and the Expositions to Celebrate its Opening.** The construction of the Panama Canal, which was undertaken by the Government of the United States after its abandonment by its French originators (Sects. 478 and 487), was completed in about nine years. The first water entered the canal locks at Gatun on September 26, 1913, and it was formally opened

(former President of Princeton University) for President, and Governor Thomas R. Marshall of Indiana for Vice-President.

The Electoral vote of 1912

In the election Taft and Butler (the latter as a substitute for Vice-President Sherman who died October 30, 1912,) received only eight electoral votes, although their popular vote amounted to nearly three and a half millions. Roosevelt and Johnson, who received over four million votes, obtained 88 electoral votes; while Wilson and Marshall who received less votes than were given to Mr. Bryan four years before had the remaining 435 electoral votes, the largest number ever received by any candidate for the Presidency.

The New Tariff and the income Tax

505. **The New Tariff, the Income Tax and the 16th Amendment to the United States Constitution.** Following the example of his predecessor, (Sect. 495) President Wilson also, shortly after his inauguration, summoned Congress in extra session for the purposes of revising the tariff. The new law, which is popularly known as the Underwood Tariff Law, was approved by the President October 3, 1913, and under it the custom duties on numerous articles imported from other countries were lowered or abolished altogether, in accordance with the principles of the Democratic party. A sixteenth amendment to the Constitution of the United States having been adopted by the requisite number of States, declaring that "The Congress shall have power to lay and collect taxes on incomes, from whatever source derived, without apportionment among the several States and without regard to any census or enumeration," Congress was therewith enabled to include an Income Tax in the new system of taxation. It imposes a normal tax of one per cent. on all incomes above $4,000 for married persons ($3,000 for unmarried) and a graduated surtax which begins with incomes of over $20,000 and rises by degree to an additional six per cent. tax on incomes over $500,000.

עלעקטאָר שטימען, און דאָס איז דיא גרעסטע צאָהל עלעקטאָר שטימען, וואָס א קאנדידאט פאר פּרעזידענט האָט ווען געקריגען.

**505. דער נייער טאריף, הכנסה־שטייער און דיא זעכצעהנטע ענדערונג אין דער קאָנסטיטוציע פון דיא פעראייניגטע שטאטען.** פאָלגענדיג דעם ביישפּיעל פון זיין פארגענגער (זעה פּאראגראף 495) האָט אויך פּרעזידענט ווילסאָן קירצליך נאָך זיין איינשווערונג צונויפגערופען דעם קאָנגרעס אין א ספּעציעלער זיצונג מיט'ן צוועק צו רעווידירען דעם טאריף. דער נייער געזעץ, וועלכער איז אלגעמיין בעקאנט אלס דער "אָנדערוואוד טאריף געזעץ", איז גוט געהייסען געוואָרען פון דעם פּרעזידענט דעם 3טען אָקטאָבער 1913, און אונטער איהם איז דיא אבצאָהלונג אויף א סך זאכען, וואָס ווערען אימפּאָרטירט פון אנדערע לענדער, קלענער אָדער אין גאנצען אבגעשאפט געוואָרען, לויט דיא פּרינציפּען פון דער דעמאָקראטישער פּארטיע. א זעכצעהנטע ענדערונג אין דער קאָנסטיטוציע פון דיא פעראייניגטע שטאטען, נאכדעם וויא זיא איז אָנגענומען געוואָרען פון דער נויטיגער צאָהל שטאטען, ערקלערט, אז "דער קאָנגרעס זאָל האָבען דיא מאכט ארויפצולעגען און איינצומאָנען שטייערן אויף הכנסות, פון וואָס פאר א קוואל זיי קומען, אָהן א שום גלייכמעסיגע פערטהיילונג צווישען דיא פערשיעדענע שטאטען און אָהן א שום שייכות צו וועלכען עס איז צענזוס אָדער ציילונג". דער קאָנגרעס האָט דורך דעם געקריגען דיא מעגליכקייט איינצושליסען דעם הכנסה שטייער אין דער נייער סיסטעם פון אבצאָהלונג. עס לעגט ארויף א רעגעלמעסיגען שטייער פון איין פּראָצענט אויף אלע הכנסות איבער 4000 דאָלאר פאר פערהייראטע מענשען (איבער 3000 דאָלאר פאר אונפערהייראטע) און אן עקסטרא שטייער, וואָס וואקסט שטופּענווייז און פאנגט זיך אָן פון הכנסות איבער 20,000 דאָלאר ביז עס דערגרייכט צו א שטייער צושלאָג פון זעקס פּראָצענט פון הכנסות איבער 500,000 דאָלאר.

**506. דיא פעדעראלע רעזערוו באנקען.** דיא ספּעציעלע זיצונג פון דעם דריי און זעכציגסטען קאָנגרעס האָט געדויערט ביז'ן אָנהויב פון דער רעגולערער זיצונג אין דעצעמבער 1913, און אין דעם מאָנאט האָט פּרעזידענט ווילסאָן געגעבען זיין הסכמה אויף דער וויכטיגסטער שטיק פינאנץ געזעצגעבונג, וואָס איז דורכגעפיהרט געוואָרען אין דיא פעראייניגטע שטאטען אין דיזען דור. דאָס איז בעוואוסט אלס דער פעדעראלער רעזערוו געזעץ, וועלכער האָט ארגאניזירט דיא נאציאָנאלע באנקען אין א קאָאָפּעראטיווער סיסטעם. יעדע

בער צייט האָט פּרעזידענט טאפט בעפאָהלען דעם געזאנדטען אין פעטערבורג צו גיבען דער רוסישער רעגיערונג דיא יעהרליכע קינדיגונג, וועלכע פאָדערט זיך, לויט דיא בעדינגונגען פון דעם אָבמאַך, פאר דער אָבברעכונג. דיעזע האנד־לונג איז באלד גוט געהייסען געוואָרען פון ביידע הייזער פון קאָנגרעס, וואָס מיינט, אז דער אלטער אָבמאַך וועט אויסגעהן צו ענדע יאָהר 1912, ווערהענד צווישען דיא ביידע רעגיערונגען געהן איצטער אָן פערהאנדלונגען וועגען א נייעם אָבמאַך וואָס זאָל פערנעהמען זיין פּלאַץ.

504. **פּרעזידענט וואהלען** (1912). דער ערפאָלג פון דער דעמאָ־קראטישער פארטיע אין דעם צווישען־טערמין ביי דיא קאָנגרעס וואהלען וואָס זיינען אָבגעהאלטען געוואָרען פון 8־טען נאָוועמבער, 1910, (זעה פּאראגראף 499) האָט פּאָראויסגעוויזען, אז דיא דעמאָקראטען וועלען אין צוויי יאָהר ארום צוריקגעווינען זייער מאכט. א שפאלטונג אין דיא רייהען פון דער רעפּובליקאנער פארטיי האָט געהאָלפען אין דער זעלביגער ריכטונג און האָט געמאכט דעם וואהל־קאמפף פון דעם יאָהר 1912 פאר איינעם פון דיא אויסער־געוועהנליכסטע אין דער געשיכטע פון אמעריקאנער פאליטיק. די רעפּובליקאנער האָבען ווידער אמאָל נאָמינירט פּרעזידענט וויליאם ה. טאפט און וויצע־פּרעזידענט דזשיימס ס. שערמאן. נאָר א גרויסער טהייל פון זייער פארטיע איז ארויסגעטראָטען פון דער אלטער אָרגאניזאציע און געהאָלפען גרינדען דיא פּראָגרעסיווע פארטיע, וועלכע האָט נאָמינירט דעם געוועזענעם פּרעזידענט טהיאדאר רוזוועלט פאר פּרעזידענט און דעם גובערנאטאר היירעם וו. דזשאהנסאן פון קאליפארניע פאר וויצע פּרעזידענט. דיא דעמאָקראטען האָבען נאָמינירט גובערנאטאר וואודראָו ווילסאָן פון ניו דזשוירזי (געוועזענעם פּרע־זידענט פון פּרינסטאָן אוניווערזיטעט) פאר פּרעזידענט און גובערנאטאָר טהאָמעס ר. מארשאל פון אינדיאנא פאר וויצע פּרעזידענט.

ביי דיא וואהלען האָבען טאפט און באטלער (דער לעצטער איז ארויס־געשטעלט געוואָרען אויפ'ן פּלאַץ פון וויצע פּרעזידענט שערמאן, וועלכער איז געשטאָרבען דעם 30טען אָקטאָבער, 1912) געקריגען בלויז אכט שטימען פון דיא עלעקטאָרס הגם דיא אלגעמיינע שטימען האָבען דערגרייכט צו א קיימא לן פון פיערטהאלבען מיליאָן. רוזוועלט און דזשאהנסאָן וועלכע האָבען געקריגען איבער פיער מיליאָן שטימען האָבען געהאט 88 עלעקטאָר שטימען; בשעת ווילסאָן און מארשאל, וועלכע האָבען געקריגען וועניגער שטימען, וויא מר. ברייען האָט געהאט מיט פיער יאָהר צוריק, האָבען בעקומען דיא איבעריגע 435

Legislatures passed Resolutions requesting Congress and the Administration to abrogate the Treaty, and finally, in December, 1911, the House of Representatives adopted a resolution to the same effect, with only one dissenting vote. About the same time President Taft instructed our ambassador in St. Petersburg to give to the Russian Government the year's notice which is required by the terms of the Treaty, for its abrogation. This action was promptly approved by both houses of Congress, which means that the old agreement was terminated with the end of the year 1912, while negotiations for a new Treaty to take its place are now carried on by the two governments.

**Presidential election of 1912**

504. **Presidential Election** (1912). The success of the Democratic party in the mid-term Congressional election which was held on November 8, 1910, (Sect. 499) foreshadowed the return of the Democrats to power two years later. A division in the ranks of the Republican party helped in the same direction, and made the campaign of the year 1912 one of the most extraordinary in the history of American politics. The Republicans renominated President William H. Taft and Vice-President James S. Sherman. But a large portion of their party seceded from the old organization and assisted in the founding of the Progressive party, which nominated former President Theodore Roosevelt for the Presidency and Governor Hiram W. Johnson of California for the Vice-Presidency. The Democrats nominated Governor Woodrow Wilson of New Jersey



WOODROW WILSON

largely abate this evil. This law, together with the Civil Service Act (see sect. 395) and the Ballot Reform Act (see sect. 421), may be considered a series of measures adopted to improve the public service, that is, to make the officials represent the interests of all, which is the ideal of a republic.

**503. Agreement of 1832 with Russia Terminated.**— The Treaty of Trade and Commerce with Russia, which was concluded between the two governments in 1832, was a subject of controversy for several decades. Russia persisted in discriminating against American citizens of the Jewish faith, and against others who are under special disadvantage according to its internal laws or customs, and all protests and representations by the American Government against what it considered a violation of the spirit, if not of the letter of the treaty, proved of no avail. A diplomatic correspondence between the two governments about this subject, was carried on for more than forty years, while numerous Resolutions, calling for equal treatment of all American citizens or for the abrogation of the Treaty, were introduced and sometimes passed in one or the other house of Congress, since the first Resolution to that effect was introduced by Samuel S. Cox in the House of Representatives in 1879.

Abrogation of the Treaty With Russia.

The increase in the number of American citizens of Jewish birth and extraction, the betterment of facilities for trade and travel, and the expansion of American commerce, made this question more pressing every succeeding year, as the number of those who chafed under their inability to enter Russia freely as American citizens, became constantly larger. Finally the American-Jewish Committee, the Jewish press and other Jewish representatives and their friends began an agitation for the abrogation of the Treaty which was supported by the American press with practical unanimity. Numerous State

גופא. דיא דורכפיהרונג פון דיזען געזעץ וועט פיעל פערמינדערן דיזען איבעל. דיזער געזעץ צוזאמען מיט'ן געזעץ וועגען "סיוויל סוירוויס" (זעה פאראגראף 395) און דעם געזעץ וועגען רעפאָרמירען דעם שטים־צעטעל (זעה פאראגראף 421) קען בעטראכט ווערן אלס א רייהע פון שריטע צו פערבעסערן דיא לייסטונגען פון דער רעגיערונג, דאָס הייסט, צו מאכען דיא בעאמטע פערטרעטען דיא אינטערעסען פון אַלעמען — א זאך וואָס איז דאָס אידעאַל פון א רעפובליק.

503. **דער אָבמאַך מיט רוסלאַנד פון 1832 געענדיגט.** — דער האנדעלס־אָבמאַך מיט רוסלאַנד, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען דיא צוויי רעגיערונגען אין 1832, איז פאר פיעלע יאָהרען געווען דיא אורזאכע פון שטרייטיגקייטען. רוסלאַנד האָט מיט עקשנות אָנגעהאַלטען דיא בעגרענצונגען געגען דיא אמעריקאַנער אידישע בירגער און געגען אנדערע וואָס געפינען זיך אין אַן אויסנאהמס־לאַגע לויט דיא רוסישע געזעצע און טראַדיציעס, און אַלע פראָטעסטען פון דער אמעריקאַנער רעגיערונג געגען דעם וואָס איז בעטראַכט געוואָרען אַלס פערלעצונג פון דעם גייסט אָדער פון דעם בוכשטעבליכען זין פון דעם אָבמאַך, האָבען גאָר ניט געהאָלפען. א דיפּלאָמאַטישער בריעף־וועקסעל צווישען ביידע רעגיערונגען וועגען דעם ענין איז אָנגעגאַנגען פאר איבער פיערציג יאָהר, וועהרענד א גרויסע צאָהל רעזאָלוציאָנען, וואָס האָבען געפאָדערט גלייכע בעהאנדלונג פון אַלע אמעריקאַנער בירגער אָדער דאָס אָבברעכען פון דעם אָבמאַך, זיינען, זינט דער ערשטער רעזאָלוציאָן פון סאַמועל ס. קאָקס אין יאָהר 1879 אין דעם האוז אוו רעפּרעזענטייטיווס, אריינגעבראכט געוואָרען און אָפטמאָל דורכגעגאַנגען אין איינעם אָדער אין צווייטען הויז פון קאָנגרעס.

דיא פערגרעסערונג פון דער צאָהל אמעריקאַנער בירגער פון אידישער אָבשטאַמונג, די פערבעסערטע מעגליכקייטען פון האנדלען און רייזען און דיא אויסברייטונג פון דעם אמעריקאַנער האנדעל האָבען דיזע פראגע מיט יעדען יאָהר געמאכט אַלץ דרינגענדער, ווייל אַלץ מעהר מענשען האָבען געליטען דערפון וואָס זיי קענען ניט פריי אריינקומען אין רוסלאַנד אַלס אמעריקאַנער בירגער. ענדליך האָבען דיא "אמעריקאַן דזשואיש קאָמיטע", דיא אידישע פרעסע און אנדערע אידישע פערטרעטער און זייערע פריינד אָנגעהויבען אַן אַגיטאַציאָן וועגען דער אָבברעכונג פון דעם אָבמאַך און דיא אַגיטאַציאָן איז איינשטימיג אונטערשטיצט געוואָרען פון דער אמעריקאַנער פרעסע. פיעלע שטאַאַט־לעגיסלאַטורען האָבען אָנגענומען רעזאָלוציאָנען אויפפאָדערנדיג דעם קאָנגרעס און דיא רעגיערונג אָבצוברעכען דעם אָבמאַך, און ענדליך, אין דעצעמבער 1911, האָט דיא האוז אוו רעפּרעזענטייטיווס בלויז מיט איין שטימע געגען אָנגענומען א רעזאָלוציאָן אין איינקלאַנג מיט דיזער פאָדערונג. אונגעפעהר אין דערזעל־

דאס פאלק אין קענעדע האט אבער אם ענדע ניט צוגעשטימט צו דיזען אבמאך. אין דיא וואהלען, וואס זיינען פארגעקומען אין הערבסט פון יאהר 1911, האט דאס קענעדער פאלק מיט א גרויסער מאיאריטעט ניעדער־געשטימט דיא ליבעראלע פארטיי, וועלכע האט פערהאנדעלט וועגען דעם אב־מאך. אין דיזע אויפרעגענדע וואהלען איז דער קאנסערוואטיווער פארטיי געלונגען איינצוריידען דער מאיאריטעט פון דיא בירגער, אז דאס אננעהמען פון דעם רעסיפראסיטעט־אבמאך וואלט געווען דער ערשטער שריט צו דער אנעקסירונג פון קענעדע צו דיא פעראייניגטע שטאאטען. אויס טרייהייט צו דער בריטישער אימפעריע האט דאס פאלק איבערגעגעבען דורך זייערע שטי־מען דיא רעגיערונגס־מאכט צו דער קאנסערוואטיווער פארטיי, וואס האט גע־הייסען, אז דער פלאן וועגען א געגענזייטיגען האנדעלס־אבמאך איז דורכגעפאלען.

דיזע האנדלונג פון קענעדע האט פאר קיין פאל ניט בעריהרט אונזערע פריינדליכע בעציהונגען צו דיעזען לאנד. אונזער האנדעל מיט אונזער שכנה אין דער נארד האט זיך זייט דאן פערגרעסערט, ניט אכטענדיג אויף דעם דורכ־פאל פון דיא פערהאנדלונגען וועגען א פרייערען האנדעל.

502. פערעפענטליכונג פון וואהל־קאמפף געלדער. — אין אגוסט, 1911, איז דורך אן אונפארטייאישע אבשטימונג אנגענומען געווארען דער ביל וועגען פערעפענטליכען אלע וואהל־קאמפף געלדער. דיזער געזעץ בעשטימט דאס א קאנדידאט פאר קאנגרעס און פאר פרעזידענט מוז פערעפענטליכען דיא סומע געלד וואס ער האט אויסגעגעבען אין זיין וואהל־קאמפף. ער מוז אויך אנגעבען דיא נעמען פון פערזאנען אדער קארפאראציאנען פון וועלכע ער האט בעקומען בייטרעגע. ער מוז אויך געבען א פולע רעכנונג פון זיינע אויסגאבען בעת דעם וואהל־קאמפף. דיא סומע וואס מעג אויסגעגעבען ווערן איז בע־שריינקט צו 5000 דאלער פאר א קאנגרעסמאן און 7500 דאלער פאר א סענא־טאר פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. פארטייען און קאמיטעען וואס פער־וואלטען א וואהל־קאמפף מוזען אויף דעם זעלבען אופן וויא דיא קאנדידאטען געבען רעכנונג פון דיא געלדער וואס זיי האבען אויסגעגעבען.

דיזער געזעץ איז אנגענומען געווארען, ווייל איבער'ן גאנצען לאנד האט זיך פערברייטעט דיא מיינונג דאס צופיעל געלד ווערט אויסגעגעבען צו בע־איינפלוסען וועהלער אויף א געזעצליכען און אונגעזעצליכען אופן אין זייער אויסוואהל פון בעאמטע און געזעץ־מאכער. מען גלויבט אז פערזאנען און קארפאראציאנען וואס גיבען פיעל געלד צו העלפען אויסקלייבען א קאנדידאט פאר א געוויסען אמט האבען דערנאך צופיעל איינפלוס אויף דער פארטיי וואס האט דעם בעאמטען אויסגעקליבען, אדער אויף דעם אויסגעקליבענעם בעאמטען

The people of Canada failed to ratify this agreement. At an election held in the fall of 1911 the Canadian people defeated the Liberal Party which negotiated the agreement. In that exciting campaign the Conservative Party seemingly succeeded in persuading the majority of the voters that the acceptance of the Reciprocity Agreement would prove the first step towards the annexation of Canada to the United States. The people voted the Conservatives into power, which meant the end of the Reciprocity plan.

This action on the part of Canada has not in the least affected our friendly relations with that country. Our trade with our northern neighbor has increased since then, notwithstanding the failure of the agreement for freer trade.

Campaign Funds Publicity.

502. **Publicity of Campaign Fund Contributions.**—In August 1911, the Campaign Publicity Fund Bill was passed by a non-partisan vote. This law provides that a candidate for election to Congress and to the Presidency must make public the amount of money he spent in his campaign for election. He must also give the names of persons or corporations from whom he received contributions. He must likewise give a full account of his expenditures during the campaign. The amount he can spend is limited to $5,000 for a Congressman, and $7,500 for a United States Senator. Parties and committees managing campaigns must account for the funds they spent in the same way as the candidates.

This law was passed in response to a widespread public opinion that too much money is being spent to influence the voters legitimately and illegitimately in their choice of officials and legislators. There is a feeling that individuals and corporations who contribute much money to help in the election of a candidate for office may have influence with the party that elected the candidate or with the chosen official. The passage of this law will

relations with other nations. The principle of a protective tariff and the policy of a tariff for revenue both implies "reciprocity," that is an arrangement by which our country should remit or lower duties on certain articles, according as the country from which these articles come likewise remits or lowers its duties on certain other articles imported into that country by our merchants.

A New Treaty Negotiated.

Although accepted as a principle, few if any steps have hitherto been taken to carry this policy into practice. The necessity and mutual advantage of such conditions of reciprocal trade agreements with Canada have long been felt. In 1854 such an arrangement was made and was in force till 1866. In January 1911, President Taft entered into an informal agreement with the Canadian government by which reciprocity between these two countries would be established. By this agreement both countries reduced or repealed many duties on food stuffs products coming from one country into the other. The United States lowered and repealed some duties on products of the forest coming from Canada, while Canada lowered many duties on machinery and farm implements exported by us to Canada. To carry this agreement into legal effect, bills embodying these provisions were immediately introduced into Congress and into the Dominion Parliament at Ottawa.

Accepted by Congress at a Special Session.

The 61st Congress adjourned on March 4, 1911, without passing the Canadian Reciprocity Bill. The President called the new Congress in extra session to consider the same question. The bill passed and was signed by the President on July 26, 1911. The passage of this bill by Congress was considered a non-partisan achievement. A Republican President urged its adoption, and a Democratic House of Representatives passed it. In the Senate and in the House its adoption was favored and opposed by both Republicans and Democrats.

פערהעלטניסע צו אנדערע נאציאָנען. אי דער פּרינציפּ פון א שוץ טאריף אי דיא טאקטיק פון א טאריף בלויז פאר הכנסה שליסט אין זיך איין "רעסיפּראָסי־טי" — דאָס הייסט, אַן אָבמאַך דורך וועלכען אונזער לאַנד שאַפּט אָב אָדער פערקלענערט דעם צאָל אויף געווייסע פּראָדוקטען, לויט דעם וויא דאָס לאַנד פון וואַנען דיזע פּראָדוקטען קומען שאַפּט אָב אָדער פערקלענערט איהר צאָל אויף געוויסע אנדערע פּראָדוקטען וואָס ווערן אריינגעבראכט אהין פון אונזערע סוחרים.

הגם דיזער געגענזייטיגער אָבמאַך איז לאַנג געווען אנערקענט אַלס פּרינ־ציפּ, איז גאַנץ ווענינ געטהאָן געוואָרען ביזהער דורכצופיהרען דיזען פּרינציפּ אין דער ווירקליכקייט. עס איז שוין זייט לאַנג געפיהלט געוואָרען דיא נויט־ווענדיגקייט פון א געגענזייטיגען האנדעלס אָבמאַך מיט קענעדע און עס איז שוין לאַנג אנערקענט געוואָרען אז דאָס וואָלט פאר ביידע לענדער א טובה געווען. אין 1854 איז אזא אָבמאַך געשלאָסען געוואָרען און איז געווען אין קראַפט ביז 1866. אין יאַנואַר, 1911, האָט פּרעזידענט טאַפט געשלאָסען אַן אונפערמליכען אָבמאַך מיט דער קענעדישער רעגיערונג, לויט וועלכען "רע־סיפּראָסיטי" וואָלט איינגעפיהרט געוואָרען צווישען דיזע צוויי לענדער. לויט דיזען אָבמאַך האָבען ביידע לענדער פערקלענערט אָדער אָבגעשאַפט פיעלע אבצאָלונגען אויף שפּייז פּראָדוקטען וואָס ווערן אריינגעפיהרט פון איין לאַנד אין דעם צווייטען. דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָט פערקלענערט און אָבגע־שאַפט מאַנכע אבצאָלונגען אויף וואָלד פּראָדוקטען וואָס קומען פון קענעדע, וועהרענד קענעדע האָט פערקלענערט פיעלע אבצאָלונגען אויף מאשינען און פאַרמעריי ווערקצייג וואָס ווערן ארויסגעשיקט פון אונז נאָך קענעדע. אום דיזער אָבמאַך זאָל אריין אין געזעצליכער קראַפט זיינען בילס מיט דיזע "רעסי־פּראָסיטי" פּונקטען פאָרגעשלאָגען געוואָרען אין קאָנגרעס אין וואשינגטאָן און אין דעם קענעדישען פּאַרלאַמענט אין אָטאַווא.

דער 61טער קאָנגרעס האָט זיך פערטאַגט דעם 4טען מערץ, 1911, אָהנע דורכפיהרען דעם ביל וועגען "רעסיפּראָסיטי" מיט קענעדע. דער פּרעזידענט האָט דאַן איינגערופען דעם נייעם קאָנגרעס (62טען) אויף אַ ספּעציעלער זיצונג צו פערהאַנדלען דיזע פראַגע. דער ביל איז אָנגענומען געוואָרען און דער פּרעז־זידענט האָט איהם אונטערשריבען דעם 26טען יולי, 1911.

דיא דורכפיהרונג פון דיזען "רעסיפּראָסיטי" ביל אין קאָנגרעס איז בע־טראַכט געוואָרען אַלס אַן אונפּארטייאישע האנדלונג. א רעפּובליקאַנער פּרעז־זידענט האָט פערלאַנגט מען זאָל דעם ביל אָננעהמען און א דעמאָקראַטישער רעפּרעזענטאַנטען הויז האָט איהם אָנגענומען. אין ביידע הייזער פון קאָנגרעס זיינען אי דעמאָקראַטען אי רעפּובליקאַנער געווען פאר און געגען דעם ביל.

498. דער דרייצעהנטער צענזוס. — לויט דעם צענזוס וואס איז גע־נומען געווארען אין 1910, איז דיא בעפעלקערונג פון דיא פעראייניגטע שטאא־טען דאן געווען 91,108,710 — א פערגרעסערונג פון איבער 21 פראצענט אין פערגלייך מיט'ן יאהר 1900. אויב מיר זאלען איינרעכענען אלאסקא, האוואי, פארטא ריקא, סאמאא, גוואם, דיא פאנאמא קאנאל געגענד און דיא פיליפינער אינזלען, דאן בעטרעפט דיא גאנצע בעפעלקערונג אונטער אונזער פלאג ניט וועניגער וויא 101,360,806. זייט דער ערשטער צענזוס איז גענו־מען געווארען אין 1790, איז דאס לאנד אויסגעוואקסען 25 מאל אזוי גרויס אין איהר בעפעלקערונג. איינע פון דיא אינטערעסאנטע זאכען וואס דער רע־זולטאט פון לעצטען צענזוס צייגט איז דער וואונדערבארער וואוקס פון דיא שטאאטען אין דער וייטער וועסט און דיא נארד־וועסט.

499. דיא קאנגרעס וואהלען פון 1910. — דעם 8טען נאוועמבער, 1910, זיינען פארגעקומען דיא וואהלען פון מיטגליעדער צום רעפרעזענטאנ־טען הויז פון דעם 62טען קאנגרעס, און פאר דעם ערשטען מאל זייט 1894 האבען דיא דעמאקראטען ערוועהלט א מאיאריטעט מיטגליעדער. עס זיינען ערוועהלט געווארען 225 דעמאקראטען, 165 רעפובליקאנער און 1 סאציא־ליסט. רעפובליקאנער זיינען נאך אלץ אין דער מאיאריטעט אין דעם סענאט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען

500. נייע איינטיילונג פון מיטגליעדער אין רעפרעזענטאנטען הויז. — אויף'ן גרונד פון דעם דרייצעהנטען צענזוס האט דער קאנגרעס דורכגעפיהרט א נייעם איינטיילונגס־געזעץ און האט בעשטימט וויפיעל רעפרעזענטאנטען יעדער שטאאט איז בערעכטיגט צו האבען. לויט דיזען געזעץ איז דיא מיטגליע־דערשאפט פון רעפרעזענטאנטען הויז פערגרעסערט געווארען פון 391 צו 433 (זעה ביילאגע V). דיזע צאהל איז נאך וייטער פערגרעסערט געווארען ביז 436 דורך דעם ארייננעהמען פון ניו מעקסיקא און אריזאנא אלס שטאאטען. דיא פרא־פארציע פון דער פערטרעטונג אין רעפרעזענטאנטען הויז ווערט דורך דעם נייעם געזעץ פערקלענערט. אנשטאט וואס יעדער מיטגליעד פון רעפרעזענ־טאנטען הויז האט פריהער פערטראטען א בעפעלקערונג פון 193,291, פערטרעט ער איצטער א בעפעלקערונג פון 211,877. דער געזעץ איז אריין אין קראפט דעם 8טען אגוסט, 1911. דיא צאהל פון פרעזידענט עלעקטארס וועט נאטירליך אויך פערגרעסערט ווערן.

501. האנדעלס־אבמאך מיט קענעדע. — דיא דעבאטעס איבער אונזערע טאריף געזעצע האבען ארויסגעבראכט אין דער פאדערשטער רייהע אן אנדער זייט פון דער טאקטיק פון אונזער לאנד בנוגע איהרע קאמערציעלע

Census 1910.

**498. The Thirteenth Census.**—The census of 1910 gave the population of the United States as 91,108,710, an increase of over 21% over that of 1900. If we include Alaska, Hawaii, Porto Rico, Samoa, Guam, the Panama Canal Zone and the Philippine Islands, the total population under our Flag will be no less than 101,360,806. Since the first census was taken in 1790, the country has grown twenty-five times as large in its population. An interesting feature of the results of the last census is the evidence of the phenomenal growth of the States of the Far West and the Northwest.

Election of 1910.

**499. Congressional Election of 1910.**—An election for members of the House of Representatives to the Sixty-second Congress was held on November 8, 1910. For the first time since 1894 the Democrats won a Congressional election. In the present Congress, there are 225 Democrats, 165 Republicans, 1 Socialist. The Republicans still have a majority in the United States Senate.

New Apportionment of Representatives.

**500. Reapportionment of Membership in the House of Representatives.**—On the basis of the statistics of population as shown by the thirteenth census, Congress passed a new apportionment act, and determined the number of representatives to which each State is entitled in the House of Representatives. By this act, the membership of the House is increased from 391 to 433 (see appendix V.). This number has been further increased to 436 by the recent admission into the Union of New Mexico and Arizona. The ratio of representation, according to the new act is lowered. Each member of the House of Representatives represents a population of 211,877 instead of 193,291 as before. The act became a law August 8, 1911. The number of Presidential electors will be increased accordingly.

Canadian Reciprocity.

**501. Reciprocity With Canada.**—The discussion about our tariff laws has brought to the front another aspect of the policy of our country in its commercial

South with its thriving industries pleaded for protection for their special products. The Payne-Aldrich tariff bill finally became a law on August 5, 1909. The discussion over the tariff showed that our method of framing such acts is not satisfactory. Many leaders among the Democrats and Republicans advocate that in the future changes in our tariff laws should be made only after non-partisan investigation by an expert tariff commission. If such a policy should be adopted, which is possible, then the tariff question, which has been a "burning issue" almost from the beginning of our existence as a nation may cease to be a political question.

496. **Postal Savings Banks.**—In March 1910, the Sixty-first Congress passed the Postal Savings Banks Act. This law provides for the establishment of a savings bank station in every post office in the United States. **Postal Savings Banks.**

While many cities in the eastern part of the country have for a long time had savings banks conducted by private enterprise under restrictions of the different States, such facilities to encourage thrift are at present lacking in many smaller communities and in rural districts of the country. The law will have two beneficial effects. First, by paying 2% interest on deposits of even small amounts, it will encourage the habit of saving throughout the country. Secondly, it will prevent the hoarding of money in private hands, since everybody trusts the United States Government.

497. **Two More States in the Union.**—At the same session of Congress, the first steps were taken to provide for the admission into the Union of the two territories, Arizona and New Mexico. In January 1911, conventions composed of delegates elected by the people of these territories drafted state constitutions. By an act of Congress, approved by President Taft on August 26, 1911, these two territories were formally admitted into the Union. **Arizona and New Mexico Become States.**

פּעין־אָלדרידזש פאַרשלאַג איז ענדליך געוואָרען א געזעץ דעם 5טען אגוסט, 1909. בעת דיא דעבאטע האָט זיך ארויסגעוויזען דאָס אונזער מעטאָדע פון אויסארבייטען טאריף געזעצע איז ניט קיין צופרידענשטעלענדע. פיעלע פיהרער פון דיא דעמאָקראטען און רעפּובליקאנער זיינען מיט דער מיינונג דאָס אין דער צוקונפט זאָלען דיא טאריף געזעצע געמאכט ווערן ערשט נאָך אן אונפּאר־טייאישער אונטערזוכונג פון אן ערפאהרענער טאריף קאָמיסיאָן. אויב אזא מעטאָדע זאָל אָנגענומען ווערן — א זאך וואָס איז גאנץ מעגליך — דאן וועט פיעלייכט דיא טאריף פראגע, וועלכע איז געווען א "ברענענדע פראגע" כמעט פון ערשטען טאָג וואָס אונזער נאציאָן האָט אָנגעהויבען עקזיסטירען, אויפהערן זיין א פּאָליטישע פראגע.

496. פּאָסט שפּאַר־באַנקען. — אין מערץ, 1910, האָט דער 61טער קאָנגרעס אָנגענומען א פּלאַן צו גרינדען פּאָסט שפּאַר־באַנקען. לויט דעם גע־זעץ דארף געעפענט ווערן א שפּאַר־קאַסע אָבטיילונג אין יעדער פּאָסט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

הגם פיעלע שטעט אין דעם אָסטליכען טייל פון לאנד האָבען שוין זייט א לאנגע צייט שפּאַר־באַנקען, וועלכע ווערן פערוואלטעט פון פּריוואט פּערזאָנען אונטער דיא בעגרענצונגען און קאָנטראָלע פון דיא פערשיעדענע שטאַאטען, פעהלט אָבער אין פיעלע קלענערע שטעט און דאָרפישע געגענדען פון לאנד דיא בעקוועמליכקייט וואָס זאָל ערמוטיגען מענשען צו קלייבען געלד. דער פּאָסט שפּאַר־באַנקען געזעץ וועט אויפטהאָן צוויי גוטע זאכען. ערשטענס, וועט געצאָהלט ווערן 2 פּראָצענט אויף דיא איינגעלייגטע געלד, אפילו אויף דיא קלענסטע סומען, און דאָס וועט בעוועגען פיעלע מענשען צו קלייבען געלד; צווייטענס, וועט עס פערוועהרען דיא אָנזאמלונג פון געלד אין פּריוואטע הענד, ווייל יעדער איינער האָט דעם פולסטען צוטרויען אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

497. נאָך צוויי שטאַאטען צוגעקומען. — אויף דער זעלבער זיצונג פון קאָנגרעס זיינען געמאכט געוואָרען דיא ערשטע שריטע צו בעשטימען אז מען זאָל אריינגעהמען אין דעם בונד פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען דיא צוויי טע־ריטאָריען אריזאָנא און ניו מעקסיקאָ. אין יאנואר, 1911 זיינען אָבגעהאלטען געוואָרען קאָנווענציאָנען, בעשטעהענד אוים דעלעגאטען וואָס זיינען ספּעציעל ערוועהלט געוואָרען פון דיא איינוואָהנער אין דיזע טעריטאָריען, פאר דעם צוועק פון אויסארבייטען שטאַאט קאָנסטיטוציאָנען. לויט א בעשלוס פון קאָנגרעס, וואָס האָט דעם 26טען אגוסט, 1911 געקראָגען דיא צושטימונג פון פּרעזידענט טאפט, זיינען דיזע צוויי טעריטאָריעס פאָרמעל אריינגענומען געוואָרען אין דעם בונד פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

קאנער מיליטער פערלאזען קובא, איבערלאזענדיג דיא רעגיערונג פון דעם אינזעל אין גאנצען אין דיא הענד פון דיא אויסגעקליבענע בעאמטע.

493. **דיא ענטדעקונג פון דעם נארד פאל.** — אין דער געשיכטע פון געאגראפישע ענטדעקונגען און אויספארשונגען וועט דער 6טער אפריל, 1909, קיינמאל ניט פערגעסען ווערן. יענעם טאג, נאך א בעמיהונג פון 23 יאהר, האט ראבערט ע. פירי, אן אפיציר (יעצט אן אדמיראל) אין דער מארין פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, ענדליך ענטדעקט דעם נארד פאל. דיזע ענטדעקונג, צו וועלכער עס האבען יאהרהונדערטע לאנג געציעלט און געשטרעבט פיעלע נאציאנען, איז ענדליך געמאכט געווארען, און דער כבוד פון דיזער עררייכונג בעלאנגט צו אן אמעריקאנער.

494. **דיא אלאסקא־יוקאן פאסיפיק אויסשטעלונג.** — וויא ווייט דיא געגענד וואס ליגט אין דער נארד־וועסט ביים פאסיפישען אקעאן האט אין דער לעצטער צייט געוואקסען האט מען געהאט א געלעגענהייט צו זעהן פון דער אלאסקא־יוקאן פאסיפיק אויסשטעלונג וואס האט זיך געעפענט אין סיאטעל, וואשינגטאן, דעם 1טען יוני, 1909. אויסער דעם וואס עס האט זיך ארויסגעציעגט דער וואונדערבארער וואוקס פון דיא שטאאטען אין יענער געגענד, האט דיא אויסשטעלונג אויך בעוויזען דעם מערקווירדיגען פארטשריט וואס אלאסקא האט געמאכט זייט דיא פעראייניגטע שטאאטען האט איהר געקויפט. דיזע טע־ריטאריע, פאר וועלכער מיר האבען בעצאהלט רוסלאנד 7,200,000 דאלער אין 1867 (זעה פאראגראף 364), האט שוין ארויסגעגעבען פראדוקטען וואס זיינען ווערטה געוועזען איבער 324,000,000 דאלער. פון דעם איז 142,000,000 דאלער געוועזען אין גאלד וואס איז דארט אויסגעגראבען געווארען. דיא נאך־ניט ענט־וויקעלטע רייכטהימער פון קאהלען און קופער אין יענער געגענד זיינען ווערטה הונדערטער מיליאנען מעהר.

495. **דער פעין־אלדרידזש טאריף געזעץ.** — ווען פרעזידענט טעפט איז איינגעשווארען געווארען אין אמט, האט ער צוזאמענגערופען דעם קאנגרעס אויף א ספעציעלער זיצונג צו רעווידירען דעם דינגלי טאריף געזעץ וועלכער איז געוועזען אין קראפט זייט 1897. דיא דעבאטע איבער'ן נייעם טאריף געזעץ האט ארויסגעצייגט א נייע שטרעמונג אין דיא פערהעלטניסע פון לאנד. דיא רעפובליקאנער פערטרעטער פון דיא שטאאטען וואס געפינען זיך אין דעם אויבערשטען טייל פון דעם מיסיסיפי טהאל האבען ארויסגעצייגט א נייגונג פאר א קלענער צאל אויף אריינגעפיהרטע סחורות, ווערענד פיעלע פערטרעטער פון דיא דעמאקראטישע זיד שטאאטען מיט זייערע אויסגעוואקסענע, איגדוסט־ריען האבען פערלאנגט פראטעקציאן פאר זייערע ספעציעלע פראדוקטען. דער

President of the Cuban Republic. The election was peaceably held November 14, 1908, and General Joze Miguel Gomez, the Liberal candidate, was chosen by a large majority. On March 31, 1909, the last detachment of American soldiers evacuated Cuba, leaving the government of the island in the hands of the chosen officials.

Discovery of the North Pole.

**493. The Discovery of the North Pole.**—In the annals of geographic discovery and exploration, April 6, 1909, will always remain a memorable date. On that day, after twenty-three years of effort, Robert E. Peary, now an admiral of the United States Navy, finally discovered the North Pole. This discovery, for centuries the goal of explorers of many nations, was at last accomplished and the honor for this achievement belongs to an American.

Alaska-Yukon-Pacific Exposition.

**494. Alaska-Yukon-Pacific Exposition.**—The opening of the Alaska-Yukon-Pacific Exposition at Seattle, Washington, on June 1, 1909, showed in a striking manner the growth of the Pacific Northwest. Besides exhibiting the phenomenal development of the States in that region, the exposition illustrated the remarkable growth of Alaska since its purchase by the United States. This territory for which we paid Russia $7,200,000 in 1867 (sect. 364) has already yielded products amounting to over $324,000,000, $142,000,000 of which was in gold but recently discovered there. The undeveloped deposits of coal and copper in that region are worth hundreds of millions of dollars more.

Tariff of 1909.

**495. Payne-Aldrich Tariff Bill.**—Upon his inauguration, President Taft summoned Congress in extra session to revise the Dingley Tariff Act which had been in force since 1897. The discussion over the new tariff bill revealed a new tendency in the tariff controversy. The Republican representatives from States in the Upper Mississippi Valley showed a strong leaning for a lower tariff, while many representatives from the Democratic

by its course the action of the American Congress in granting this measure of home rule. The assembly and Commission jointly chose two Commissioners to represent the interests of the Filipinos at Washington.

491. **Presidential Election.** (1908.) — President Roosevelt, as soon as his election was assured in 1904, issued a statement that under no circumstances would he be a candidate for reëlection in 1908. The Republicans, therefore, were compelled to look elsewhere. Their choice fell upon William H. Taft, the Secretary of War, for President, and James S. Sherman of New York, for Vice-President. The Democrats turned again to William J. Bryan of Nebraska, who had been their candidate in 1896 and in 1900. For Vice-President, John W. Kern of Indiana was selected. **Presidential election of 1908.**


WILLIAM H. TAFT.

In the election Taft and Sherman received 321 electoral votes, to 162 for Bryan and Kern, and a very large majority of the popular vote. The Republicans also retained control of both houses of Congress.

One striking feature of the election was the independence of party manifested in a number of the states where the state officers, or some of them, were chosen from a different party from that for which the state's electoral vote was cast.

492. **Cuba.** (1908.) — Peaceful conditions having prevailed in Cuba, Governor Magoon ordered an election for **Cuba, 1908.**

דערמיט פֿאַלשטענדיג רעכטפערטיגט דיא האנדלונג פון דעם אַמעריקאַנער קאָנ־גרעס אין געבען זיי אויף אַזוי פיעל זעלבסט־פערוואַלטונג. דער רעפּרעזענטאַנ־טען הויז און דיא קאָמיסיאָן וועהלען אויס צוזאַמען צוויי קאָמיסיאָנערן צו פערטרעטען דיא אינטערעסען פון דיא פיליפּינער אין וואַשינגטאָן.

491. פּרעזידענטען־וואַהל. (1908) — אַזוי גיך וויא עס איז געוואָרען זיכער אַז פּרעזידענט רוזוועלט וועט ערוועהלט ווערן אין 1904, האָט ער, דער פּרעזידענט, געמאַכט אַן ערקלערונג, אַז אונטער קיינע אומשטענדען וועט ער ניט זיין נאָך אַמאָל קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט אין 1908. דיא רעפּאָבלי־קאַנער זיינען דאריבער געווען געצוואונגען צו זוכען אַן אַנדער קאַנדידאַט. דער וואַהל איז געפאַלען אויף'ן קריעגס סעקרעטער, וויליאַם ה. טעפט, אַלס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, און דזשיימס ס. שערמאַן, פון ניו יאָרק אַלס קאַנדידאַט פאַר וויים־פּרעזידענט. דיא דעמאָקראַטען האָבען זיך נאָך אַמאָל געווענדעט צו וויליאַם דזשענינגס ברייען, וועלכער איז געווען זייער קאַנדידאַט אין 1896 און אין 1900; און דזשאָן וו. קוירן, פון אינדיאַנאַ, איז אַרויסגעשטעלט געוואָרען פאַר וויים־פּרעזידענט.

ביי דיא וואַהלען האָבען טעפט און שערמאַן געקראָגען 321 שטימען פון דיא עלעקטאָרס, וועהרענד ברייען און קוירן האָבען געקראָגען ניט מעהר וויא 162.*) טעפט און שערמאַן האָבען אויך געקראָגען אַ גרויסע מאַיאָריטעט פון דיא פאָלקס שטימען. דיא רעפּאָבליקאַנער זיינען ווידער געבליבען ביי דער קאָנטראָלע אין ביידע הייזער פון קאָנגרעס.

אַ מערקווירדיגער שטריך ביי דיזע וואַהלען איז געווען דיא אונאַבהענ־גיגקייט וואָס דיא וועהלער פון פּאַרטייען האָבען אַרויסגעוויזען אין עטליכע שטאַאטען, וואו דיא שטאַאט בעאַמטע זיינען אַלע אָדער אַ טייל פון זיי ער־וועהלט געוואָרען פון איין פּאַרטיי, און דיא שטימען פאַר פּרעזידענט און וויים־פּרעזידענט זיינען אָבגעגעבען געוואָרען פאַר אַ צווייטער פּאַרטיי.

492. קובאַ. (1908) — ווען דער צושטאַנד אין קובאַ איז ווידער געוואָ־רען אַ פריעדליכער, האָט גאָווערנאָר מאַגון געגעבען אַ בעפעהל צו מאַכען וואַהלען פאַר אַ פּרעזידענט פון דער קובאַנער רעפּובליק. דיא וואַהלען זיינען רוהיג אָבגעהאַלטען געוואָרען דעם 14טען נאָוועמבער, 1908, און דער ליבעראַ־לער קאַנדידאַט, זשאָזע מיגועל גאָמעז, איז ערוועהלט געוואָרען מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט. דעם 13טען מערץ, 1909, האָט דיא לעצטע אָבטיילונג אַמערי־

*) דאָס בילד אויף דער ענגלישער זייטע 513 איז פון וויליאַם ה. טעפט.

489. אָקלאהאָמא ווערט א שטאאט דעם 16טען נאָוועמבער, 1907. — לויט דעם געזעץ פון קאָנגרעס פון דעם 16טען יוני, 1906, האָבען דיא בירגער פון אָקלאהאָמא און אינדיאנער טעריטאָריען געקראָגען דיא ערלויבניס אויסצוארבייטען א קאָנסטיטוציאָן. ווען דער פּרעזידענט וועט דערצו געבען זיין הסכמה, איז ער ווייטער בעפאָלמעכטיגט ארויסצולאָזען אַ ערקלערונג און צו לאָזען וויסען אז אין בונד ווערט אריינגענומען דער נייער שטאאט אָקלאהאָמא וואָס האָט זיך פאָרמירט פון דיא צוויי טעריטאָריען.

ווען דיא נויטיגע שריטע דערצו זיינען געמאכט געוואָרען, האָט דער פּרעזידענט ארויסגעלאָזט דיא ערקלערונג דעם 16טען נאָוועמבער, 1907, און אָקלאהאָמא איז געוואָרען דער זעקס און פיערציגסטער שטאאט. דיא קאָנסטיטוציאָן פון דעם שטאאט איז דיא לאַנגסטע וואָס מען וויים, און צייכענט זיך אויס דערמיט וואָס זיא בעשריינקט דיא מאכט פון דעם לעגיסלאַטור אזוי ווייט וויא מעגליך און גיט צום פאָלק דיא גרויסע מאַכט פון איניציאַטיווע און רעפערענדום. דיא פּונקטען פון דער קאָנסטיטוציאָן צייכענען זיך אויס ביז א געוויסען גראד מיט זייער פיינדליכקייט צו פעראייניגטע אינטערעסען פון קאַפּיטאַל און אייזענבאהן געזעצע. א געזעץ וואָס פערבאָט צו מאכען און פערקויפען שאַרפע משקאות איז אָנגענומען געוואָרען מיט א גרויסער מאַיאָריטעט ביי א ספּעציעלער פאָלקס אָבשטימונג.*)

490. פיליפּינער רעפּרעזענטאַנטען הויז. (1907) — דער געזעץ וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין 1905 וועגען דער ציווילער רעגיערונג פאַר דיא פיליפּינער אינזלען האָט געלויטעט, אז אויב נאָכדעם וויא מען וועט מאַכען א צענזוס וועלען אוועקגעהן צוויי יאָהר אין א פריעדליכען צושטאַנד, קען דער פּרעזידענט בעפעהלען צו מאַכען וואהלען פון דעלעגאַטען פאַר א פיליפּינער רעפּרעזענטאַנטען הויז. דער צענזוס איז געמאכט געוואָרען אין 1903, און אין 1907 האָט דער פּרעזידענט, לויט דעם געזעץ פון קאָנגרעס, געגעבען א בעפעהל צו מאַכען וואהלען פון דעלעגאַטען.**) דיא מיטגליעדער זיינען ערוועהלט געוואָרען אין יולי, 1907, און דעם 16טען אָקטאָבער האָט קריעגס סעקרעטער וויליאַם ה. טעפט, ערעפענט דעם רעפּרעזענטאַנטען הויז. ביז איצט האָט זיך דער רעפּרעזענטאַנטען הויז געפיהרט מיט ווירדע און מעסיגקייט און

*) דיא צענזוס-ביורא פון דיא פעראייניגטע שטאאטען האָט געמאכט אין 1907 א ספּעציעלען צענזוס אין דעם נייעם שטאאט; דיא בעפעלקערונג איז בעשטאַנען פון 1,414,177. דער שטח פון דעם שטאאט איז 70,057 קוואדראט מייל.

**) דער צענזוס האָט בעוויזען א בעפעלקערונג פון 7,635,426, פון וועלכע 647,740 זיינען געווען ווילדע שבטים.

Oklahoma admitted Nov. 16, 1907.

**489. Oklahoma admitted November 16, 1907.** — In accordance with an act of Congress, June 16, 1906, the citizens of Oklahoma and Indian territories were authorized to form a constitution. If this was approved by the President, he was then authorized to issue a proclamation announcing the admission into the Union of the new state of Oklahoma, formed of the two territories.

The requisite steps having been taken, the President issued his proclamation November 16, 1907, and Oklahoma became the forty-sixth state. The constitution of this state is the longest on record, and is remarkable for restricting the functions of the legislature as much as possible, and giving to the people extensive powers of initiative and referendum. The provisions of the constitution are in a marked degree hostile to corporate interests and railroad measures. A law prohibiting the manufacture and sale of intoxicating liquors was passed by a large majority by a special vote of the people.[1]

Philippine Assembly.

**490. Philippine Assembly.** (1907.) — An act for the civil government of the Philippine Islands (1905) provided that if after a census[2] had been taken peaceful conditions prevailed for two years, an election for delegates to a Philippine assembly might be ordered by the President. A census was taken in 1903, and in 1907 the President, in accordance with the act of Congress, ordered an election for delegates. The members were chosen in July, 1907, and on October 16 the assembly was opened by William H. Taft, Secretary of War. So far the assembly has conducted itself with dignity and moderation, fully justifying

[1] By a special census taken by the United States Census Bureau in 1907, the population of the new state was found to be 1,414,177; its area is 70,057 square miles.

[2] The census showed a population of 7,635,426, of which 647,740 were wild tribes.

**486. Pan-American Conference. (1906.)** — A Pan-American Conference of the American republics was held at Rio Janeiro, Brazil, in July, 1906. Among the matters agreed upon was the adoption of the Drago Doctrine,[1] that no nation has a right forcibly to collect debts due its citizens by another nation. Elihu Root, United States Secretary of State, unofficially represented the United States, in addition to the regular delegates. By his clear, forcible, and peaceful words the good feeling of the Central and South American republics toward the United States was greatly increased. Before returning Secretary Root visited a number of the South American states and was at every place cordially greeted.

Pan-American Conference, 1906.

**487. President Roosevelt and Panama. (1906.)** — In November, 1906, President Roosevelt visited the Panama Canal Zone and also the city of Panama. This was the first time that a President of the United States ever passed from under the jurisdiction of its flag. On his return voyage he visited Porto Rico. Everywhere he was received with great enthusiasm.

The President visits Panama and Porto Rico.

**488. Pure Food Act; Immigration Act. (1906, 1907.)** — A law was passed by Congress in 1906 to prevent the manufacture and sale of adulterated, misbranded, or injurious foods, drugs, medicines, etc. Another act, passed in 1907, regulated more carefully the admission of immigrants, its purpose being to keep out of the country undesirable persons Still another act provided for the inspection by government inspectors of meats intended for interstate and foreign commerce. The food and inspection laws are notable instances of the growth of federal influence in the country.

Pure Food Act.

Immigration Act.

[1] So called from Dr. Louis Drago of the Argentine Republic, who first enunciated this doctrine.

486. פּאַן אַמעריקאַנער קאָנפערענץ. (1906) — אַן אַל־אַמעריקאַנער בעראַטהונג פון אַלע אַמעריקאַנער רעפּובליקען איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין ריאָ זשענעיראָ, בראַזיליען, אין יולי, 1906. צווישען דיא זאַכען וואָס מען האָט בעשלאָסען איז געווען, אַז מען זאָל אָננעהמען דיא דראַגאָ לעהרע,*) דאָס קיין נאַציאָן האָט ניט קיין רעכט איינצומאָנען מיט גוואַלד חובות וואָס מען איז שולדיג איהרע בירגער פון אַן אַנדער נאַציאָן. אַ חוץ דיא אָפיציעלע דעלעגאַטען פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען איז אויך אַנוועזענד געווען עליהו רוט, דער שטאַאַטס־סעקרעטער, וועלכער האָט ניט אָפיציעל פערטראָטען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. מיט זיינע קלאָרע, שטאַרקע און פריעדליכע ווערטער האָט ער פערגרעסערט דאָס פריינדליכע געפיהל פון צענטראַל און זיד אַמעריקאַ צו דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. איידער ער האָט זיך צוריקגעקעהרט האָט סעקרעטער רוט געמאַכט אַ בעזוך אין פיעלע פון דיא זיד אַמעריקאַנער שטאַאַטען און אומעטום האָט מען איהם אויפגענומען אויף'ן פריינדליכסטען אופן.

487. פּרעזידענט רוזוועלט און פּאַנאַמאַ. (1906) — אין נאָוועמבער, 1906, האָט פּרעזידענט רוזוועלט געמאַכט אַ בעזוך אין דער פּאַנאַמאַ קאַנאַל געגענד און אויך אין דער שטאָט פּאַנאַמאַ. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אַז אַ פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען זאָל אַריבערטרעטען דעם גרענעץ און בעזוכען אַ מדינה, וואו עס פלאַטערט ניט דער אַמעריקאַנער פלאַג. אויף'ן וועג צוריק האָט ער בעזוכט פּאָרטאָ ריקאָ און אומעטום האָט מען איהם אויפגענומען מיט גרויס בעגייסטערונג.

488. געזעץ פאַר ריינע שפּייז; אימיגראַנטען געזעץ. (1906—1907) — אַ געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען אין קאָנגרעס, אין 1906, צו פערבאָטען מאַכען און פערקויפען געפעלשטע און שעדליכע שפּייזען, אַפּטייקען־וואַארע, מעדיצינען און דאָס גלייכען, וויא אויך אָנצורופען זיי מיט נעמען וואָס פיהרען אַריין דעם קויפער אין אַ טעות. נאָך אַ געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען אין 1907 וואָס רעגולירט מעהר זאָרגפעלטיג דאָס אַריינלאָזען אימיגראַנטען. מיט דיזען געזעץ האָט מען בעצוועקט ניט אַריינצולאָזען אין לאַנד ניט־געוואונשטע פערזאָנען. נאָך אַן אַנדער געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען, אַז אינספּעקטאָרען פון דער רעגיערונג זאָלען עקזאַמינירען דאָס פלייש וואָס מען שיקט פון איין שטאַאַט אין צווייטען אָדער אין פרעמדע לענדער. דיא געזעצע וועגען ריינע שפּייז און וועגען דער אויפזיכט פון אינספּעקטאָרען זיינען אויסגעצייכענטע ביישפּיעלע וויא עס וואַקסט דער פעדעראַלער איינפלוס פון לאַנד.

*) אַזוי הייסט עס צוליב דר. לואיס דראַגאָ פון דער אַרגענטינער רעפּובליק, וועלכער האָט דער ערשטער אויסגעאַרבייט דיזען פּרינציפּ.

ווערנאָר. דעם 13טען אָקטאָבער האָט פּרעזידענט רוזוועלט אָנגעשטעלט טשאַרלס ע. מאגון, וועלכער איז געווען גאָווערנאָר אין דער פּאנאמא געגענד אלס גאָווערנאָר פון קובא. מען האָט געשיקט אַן ערך פון 6,000 חיל אויף דעם אינזעל, נור מען האָט זיי ניט געדארפט פאר אקטיווע דיענסט, ווייל זייער אנוועזענהייט האָט געהאט א גרויסע מאָראַלע ווירקונג. אין וועניגער וויא צוויי וואָכען צייט, נאָכדעם וויא אמעריקא האָט זיך אריינגעמישט, האָט זיך דער נאָרמאַלער צושטאנד פון פריעדען און וואוילשטאנד צוריקגעקעהרט.

484. דיא ערד־ציטערנים אין סאַן פראַנציסקאָ. (1906) — דעם 18טען אָקטאָבער, 1906, אין דער פריה, האָט א שטאַרקע ערד־ציטערנים פערניכטעט א גרויסען טייל פון דער שטאָט סאַן פראַנציסקאָ, קאַליפאָרניא. טויזענדער מענשען זיינען געבליבען אָהן א היים און דעם פערלוסט אין געלד האָט מען געשאצט צו זיין אַן ערך פון 400,000,000 דאָלער, דער גרעסטער פערלוסט פון א חורבן וואָס מען האָט ווען געהאט אין דיא פעראייניגטע שטאאטען. יויא אין אנדערע פעלע ביי גרויסע אונגליקען זיינען באלד אָנגעקומען ביישטייערונגען צו העלפען דיא ליידענדע פון אלע טיילען פון לאַנד און אנדערע פלעצער.

485. רוסיש־יאפּאַנישער קריעג. (1904—1905) — יאפּאַן האָט זיך צוגעקוקט מיט שרעק וויא רוסלאַנד קומט צו אלץ נעהענטער צו כינא, וויא זיא האָט פערכאַפּט מאנדזשוריע און געדראָהט אריינצוקומען אין קאָרעא, איבער וועלכער יאפּאַן האָט געהאט א דעה. יאפּאַן האָט געוואָרענט רוסלאנד צוריקהאַלטען זיך, נור דאָס האָט ניט געהאָלפען, און יאפּאַן האָט ערקלערט א מלחמה (פעברואר, 1904). דער רעזולטאַט פון דיא שלאַכטען אין דער מלחמה האָט ערשטוינט דיא וועלט, דיא יאפּאַנעזער זיינען געווען דיא זיעגער. אין יוני, 1905, האָט זיך פּרעזידענט רוזוועלט אריינגעלייגט אין א שלום און האָט אויפגעפאָדערט ביידע צדדים אַז זיי זאָלען ענדיגען דיא מלחמה. זיין אויפרוף איז געווען ערפאָלגרייך. בעפאָלמעכטיגטע געזאנדטע זיינען אָנגעשטעלט געוואָרען און זיי זיינען צוזאמענגעקומען אין פּאָרטסמאוט, ניו העמשיר, און האָבען זיך אויסגעגלייכט אויף דיא בעדינגונגען פון פריעדען. פאַר דיזער בעמיהונג צו מאַכען שלום האָט פּרעזידענט רוזוועלט געקראָגען אין 1906 דעם נאָבעל פּרייז.*)

*) דר. אלפרעד בערנארד נאָבעל, פון שוועדען, האָט אין 1896 איבערגעלאָזט א פאנד פון 8,400,000 דאָלער פאַר'ן צוועק צו בעשטימען יעהרליכע בעלוינונג פאר יענע פּערזאָנען, וועלכע האָבען אין דעם פערלויף פון דעם יאָהר אָם וויכטיגסטען בייגעשטייערט פאר דער טובה פון דער מענשהייט.

governor. On October 13, Charles E. Magoon, governor of the Panama Zone, was appointed governor by President Roosevelt. About 6000 United States troops had been sent to the island, but were not needed for active service, though the moral effect of their presence was great. In less than a fortnight after the intervention of the United States normal conditions of peace and prosperity were restored.

San Francisco earthquake, 1906.

**484. San Francisco Earthquake.** (1906.)—On the morning of April 18, 1906, a severe earthquake destroyed a large part of the city of San Francisco, California. Thousands were rendered homeless and the total money loss was estimated at $400,000,000, the greatest loss from disaster ever known in the United States. As on other occasions of great calamity, contributions for the relief of the sufferers were promptly sent from all parts of the country and elsewhere.

The United States makes peace between Russia and Japan, 1905.

**485. Russian-Japanese War.** (1904, 1905.) — Japan, alarmed by the steady advance of Russia towards China, and by her occupation of Manchuria, and threatened advance into Korea, which was controlled by the Japanese, remonstrated with Russia, but without avail. A declaration of war followed (February, 1904). In the conflict which resulted, to the surprise of the world, Japan was victor. In June, 1905, President Roosevelt intervened, urging both parties to end the war. His appeals were successful. Plenipotentiaries were appointed, who met at Portsmouth, New Hampshire, and agreed upon terms of peace. For this effort to bring about peace President Roosevelt was in 1906 awarded the Nobel[1] prize.

[1] Dr. Alfred Bernard Nobel, of Sweden, left in 1896 a fund of about $8,400,000 for the purpose of awarding annual prizes "to those persons who shall have contributed most materially to benefit mankind during the year immediately preceding."

**481. Presidential Election. (1904.)** — In 1904 President Theodore Roosevelt was nominated by the Republicans for President and Charles W. Fairbanks of Indiana for Vice-President. Alton B. Parker of New York and Henry G. Davis of West Virginia were nominated by the Democrats. President Roosevelt was chosen by an electoral vote of 336, to 140 for Parker, and by the largest popular majority ever received by a presidential candidate.[1] Presidential election, 1904.

**482. Santo Domingo. (1905, 1907.)** — Owing to disorders in the island of Santo Domingo and corruption among the officials, it was agreed by the island government that the United States should preserve order and take charge of the finances (January, 1905). This action was ratified by the United States Senate through a treaty (February, 1907). This arrangement has been greatly to the advantage of the island government and its creditors. Santo Domingo.

**483. Cuba; Intervention by the United States. (1906.)** — An insurrectionary movement against the Republic of Cuba (sect. 473) took place in August, 1906, and in September, President Palma appealed to the United States for aid. President Palma resigned September 28 (1906), and William H. Taft, United States Secretary of War, who had gone to the island in hopes of adjusting the trouble, issued a proclamation to the Cuban people explaining the condition of practical anarchy in the island, and stating that it was necessary to restore and preserve order, and that by the authority of the President of the United States a provisional government would be established, which would be maintained only long enough to restore order and peace and public confidence. Cuba.

Secretary Taft assumed temporarily the position of

[1] The popular vote was: Roosevelt, 7,624,489; Parker, 5,779,713; Debs (Socialist), 402,283; Swallow (Prohibition), 258,536; all others, 148,132.

481. פּרעזידענטען־וואַהל. (1904) — אין 1904 איז פּרעזידענט טעאָדאָר רוזוועלט אַרויסגעשטעלט געוואָרען פון דיא רעפּאָבליקאַנער פאַר פּרעזידענט, און טשאַרלס וו. פעירבענקס, פון אינדיאַנאַ, פאַר וויס־פּרעזידענט. דיא דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אַרויסגעשטעלט אַלטאָן ב. פּאַרקער, פון ניו יאָרק, און הענרי ג. דייוויס, פון וועסט ווירדזשיניאַ. פּרעזידענט רוזוועלט איז ערוועהלט געוואָרען. ער האָט געקראָגען 336 שטימען פון דיא עלעקטאָרס געגען פּאַרקער'ס 140, און פון דיא פאָלקס שטימען האָט ער געקראָגען דיא גרעסטע מאַיאָריטעט וואָס אַ קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט האָט ווען בעקומען.*)

482. סאַנטאָ דאָמינגאָ. (1905—1907) — איבער דיא אונרוהען וואָס זיינען פאָרגעקומען אויף דעם אינזעל סאַנטאָ דאָמינגאָ און דיא קאָרופּציאָן וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישען דיא בעאַמטע, האָט דיא רעגיערונג פון דעם אינזעל איינגעוויליגט אַז דיא פעראייניגטע שטאַאטען זאָל דאָרטען אויפהאַלטען אָרדנונג און איבערנעהמען דיא פינאַנציעלע אַנגעלעגענהייטען אין זייערע הענד (יאַנואַר, 1905). דער סענאַט האָט גוט געהייסען דיזע האַנדלונג דורך אַן אבמאַך (פעברואַר, 1907). דיזע איינאָרדנונג האָט געבראַכט גרויסע נוצען דער רעגיערונג פון דעם אינזעל און איהרע קרעדיטאָרען.

483. קובאַ; פעראייניגטע שטאַאטען מישט זיך אריין. (1906) — אין אַגוסט, 1906, האָט זיך אָנגעהויבען אַ רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג געגען דער רעפּובליק פון קובאַ (זעה פּאַראַגראַף 473), און אין סעפּטעמבער האָט זיך פּרעזידענט פּאַלמאַ געווענדעט צו דיא פעראייניגטע שטאַאטען נאָך הילף. פּרעזידענט פּאַלמאַ האָט רעזיגנירט דעם 28טען סעפּטעמבער, 1906, און וויליאַם ה. טעפּט, קריעגס סעקרעטער פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, וועלכער איז געקומען אין קובאַ מיט דער האָפנונג אויסצוגלייכען דיא שטרייטיגקייטען, האָט אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַציע צו דיא קובאַנער און ערקלערט אַז דער אינזעל געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון פאַקטישער געזעצלאָזיגקייט און אַז עס איז נויטיג צו מאַכען און אָנהאַלטען אָרדנונג, און אַז מיט דער ערלויבניס פון דעם פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען וועט געגרינדעט ווערען אַ פּראָוויזאָרישע רעגיערונג, וועלכע וועט זיך האַלטען אַזוי לאַנג ביז עס וועט צוריק ווערען אָרדנונג און פריעדען און איינער צום אַנדערן וועט האָבען מעהר צוטרוי.

סעקרעטער טעפּט האָט אויף דערווייל אָנגענומען דיא שטעלע פון גאָ־

*) פון דיא פאָלקס שטימען האָט רוזוועלט געקראָגען 7,624,489; פּאַרקער—5,779,913; דעבס (סאָציאַליסט) — 402,283; סוואַלאָו (פּראָהיבישאָניסט) — 258,536; דיא אַלע אַנדערע — 148,132.

דער סענאט פון דיא פערייניגטע שטאאטען האט אין 1903 גוט געהייסען דיזען אבמאך, אבער דער קאנגרעס פון קאלאמביא האט איהם פערווארפען.

דיא איינוואהנער פון פאנאמא האבען געהאט א סך צו געווינען פון דעם קאנאל און זיי זיינען שטארק אויפגעבראכט געווארען פון דער האנדלונג פון דעם קאלאמביער קאנגרעס. זיי האבען רעוואלטירט און געגרינדעט דיא רע־פובליק פון פאנאמא דעם 3טען נאוועמבער, 1903. דיא פערייניגטע שטאאטען האט באלד אנערקענט דיא נייע רעפובליק און שפעטער האבען דאס זעלבע גע־טהאן אויך אנדערע רעגיערונגען. אין נאוועמבער, 1903, האט מען פערהאנ־דעלט וועגען א נייעם אבמאך מיט דער יונגער רעפובליק. דיא בעדינגונגען זיינען געווען ענהליך צו דיא וואס מען האט פריהער געזאלט אבמאכען מיט קא־לאמביא, נור איצט איז צוגעקומען א פונקט, לויט וועלכען דיא פערייניגטע שטאאטען האט בעקומען א שטיק לאנד, פינף מייל ברייט פון יעדער זייט פון דעם קאנאל.

479. **דיא באלטימארער שרפה. (1904)** — דעם 7טען פעברואר, 1904, האט אויסגעבראכען א שרפה אין דעם האנדעלס־טייל פון דער שטאט באלטימאר, מערילענד. דיא פייערלייט איז ניט געלונגען איינצושטילען דיא פלאמען, און הגם לעש־מאשינען זיינען אנגעקומען פון וואשינגטאן, פילאדעלפיא און ניו יארק, האט דיא שרפה געבושעוועט 36 שטונדען נאכאנאנד. א שטרע־קע פון אן ערך 150 אקער איז אבגעברענט געווארען, נור אין דער גרויסער שרפה איז פערברענט געווארען ניט מעהר וויא איין מענש. דער היזק האט בעטראפען א הונדערט מיליאן דאלער. נאך שיקאגא אין 1871 (זעה פאראגראף 372) איז דאס געווען דער גרעסטער היזק פון א שרפה. דיא בירגער פון באלטימאר האבען זיך גלייך גענומען אויפצובויען צוריק דיא שטאט.

480. **דיא אויסשטעלונג צו פייערן דעם קויפען פון דער לואיזיענע טעריטאריע. (1904)** — צום אנדענקען פון דעם אבקויפען פון פראנקרייך דיא גרויסע לואיזיענע טעריטאריע אין 1803 (זעה פאראגראף 175), האט מען גע־מאכט אן אויסשטעלונג אין סעינט לואיס, פון דעם 30טען אפריל ביז דעם 1טען דעצעמבער, 1904. דאס איז געווען איינע פון דיא ערפאלגרייכסטע אויסשטע־לונגען וואס מען האט ווען געהאט אין דיזען לאנד. דיא רעגיערונג און כמעט יעדער שטאאט און טעריטאריע האבען דארט געהאט זייערע געביידעס. דיא אויסשטעלונג האט פערנומען אן ערך פון 125 אקער לאנד און דער בעזוך איז געווען זעהר גרויס.

Colombia rejects the treaty.

by which Colombia was to be paid $10,000,000 in cash, and an annual rental of $250,000 beginning at the expiration of nine years, was ratified by the United States Senate in 1903, but was rejected by the Congress of Colombia.

The Republic of Panama.

The people of Panama, who would be greatly benefited by the canal, were incensed by the action of the Colombian Congress, and revolted and set up the Republic of Panama on November 3, 1903. This republic was soon recognized by the United States, and later by other governments. A new treaty was negotiated with the infant republic in November, 1903, similar in terms to that with Colombia, but giving the United States a strip five miles wide on each side of the canal.

The Baltimore fire.

479. **Baltimore Fire.** (1904.) — On February 7, 1904, a fire broke out in the business section of the city of Baltimore, Maryland. The firemen were not able to check the flames, and though engines were brought from Washington, Philadelphia, and New York, the conflagration raged for thirty-six hours. About one hundred and fifty acres were burned over. In all the great conflagration only one person perished. The estimated loss was $100,000,000. This loss is second only to that of the great Chicago fire of 1871 (sect. 372). The citizens of Baltimore at once set about rebuilding the city.

Louisiana Purchase Exposition.

480. **Louisiana Purchase Exposition.** (1904.) — An exposition in commemoration of the Louisiana Purchase in 1803 (sect. 175) was held at St. Louis, April 30 to December 1, 1904. It was one of the most successful expositions ever held in this country. The government and nearly all the states and territories had buildings, the floor space was about one hundred and twenty-five acres, and the attendance was very large.

It was not long before preparations were begun, and on July 4, 1903, President Roosevelt sent a message to Manila over the cable which had just been finished. The earth is now completely encircled by cables and telegraph lines.

In February, 1903, Congress provided for a new executive department, known as the Department of Commerce and Labor. Its chief has a seat in the President's cabinet. The Department of Commerce and Labor.

478. **Panama Canal.** (1903, 1904.) — The possibility of constructing a ship-canal to connect the Atlantic and Pacific oceans had been discussed for many years. The United States government had surveys made of various The Panama Canal.




THE ROUTE OF THE PANAMA CANAL.

routes. A canal under the direction of Ferdinand de Lesseps, the engineer of the Suez Canal, had been begun on the Isthmus of Panama in 1879, but after a large expenditure of money the work had ceased. The French company which had gained control agreed to sell all their property and rights for $40,000,000. In 1902 Congress passed an act authorizing the President to make the purchase and complete the canal.

In order to gain control of the Panama route, it was necessary to make a treaty with Colombia. A treaty

אינזלען, האָט זיך דיא פעראייניגטע שטאאטען איצט גענויטיגט אין אַ טעלע־גראַף צו קענען דירעקט צוזאַמענרעדען זיך מיט דיא אינזלען. עס האָט לאַנג ניט גענומען ביז מען האָט אָנגעהויבען צו מאַכען דיא פאָרבערייטונגען דערצו, און דעם 4טען יולי, 1903, האָט פּרעזידענט רוזוועלט געשיקט אַ טעלעגראַמע קיין מאַנילאַ איבער דער טעלעגראַפיש מעטאַלענער שטריק וואָס מען האָט ערשט געענדיגט לעגען. איצט איז דיא ערד אין גאַנצען אַרומגערינגעלט מיט טעלעגראַפען ליניעס.

אין פעברואר, 1903, האָט דער קאָנגרעס געשאַפען אַ נייעם דעפּאַרטמענט אין דער פערוואַלטונג פון דער רעגיערונג, בעקאַנט אַלס דער דעפּאַרטמענט פון האַנדעל און ארבייט. דער הויפּט פון דעם דעפּאַרטמענט האָט אַ פּלאַץ אין דעם פּרעזידענט'ס מיניסטאָרען־קאַבינעט און הייסט, וויא יעדער הויפּט פון אַנדערע דעפּאַרטמענטען, סעקרעטער.

478. דער פּאַנאַמאַ קאַנאַל. (1903, 1904) — זייט פיעלע יאָהרען האָט מען געהאַלטען אין דיסקוטירען וועגען דער מעגליכקייט צו בויען אַ שיף־קאַנאַל, וואָס זאָל פערבינדען דיא אַטלאַנטישע און פּאַסיפישע אָקעאַנען. דיא רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען האָט געמאַכט לאַנד־מעסטונגען אויף פערשיעדענע וועגען. אין 1879 האָט מען אָנגעהויבען בויען אַ קאַנאַל אויף'ן שמאָלען פּאַס לאַנד וואָס פעראייניגט נאָרד און זיד אַמעריקאַ (וואו עס געפינט זיך דיא איצטיגע רעפּובליק פּאַנאַמאַ) אונטער דער לייטונג פון פער־דינאַנד דע לעסעפּס, וועלכער איז געוועזען דער אינזשיניר ביים בויען דעם סועץ קאַנאַל. אָבער נאָך דעם וויא עס איז אויסגעגעבען געוואָרען אַ סך געלד האָט מען דיא ארבייט אָבגעשטעלט. דיא פראַנצויזישע קאָמפּאַניע, וועלכע האָט גע־קראָגען דיא קאָנטראָלע איבער דיזער אונטערנעהמונג, האָט איינגעוויליגט צו פערקויפען איהר גאַנצען אייגענטום און רעכטע פאַר פיערציג מיליאָן דאָלער. אין 1902 האָט דער אַמעריקאַנער קאָנגרעס דורכגעפיהרט אַ געזעץ וואָס האָט בעפאָלמעכטיגט דעם פּרעזידענט צו קויפען און ענדיגען דעם קאַנאַל.*)

אום צו קענען קאָנטראָלירען דעם פּאַנאַמאַ וועג פון דעם קאַנאַל איז געוועזען נויטיג צו שליסען אַן אָבמאַך מיט דער רעפּובליק קאָלאָמביאַ, צו וועלכער פּאַ־נאַמאַ האָט געהערט. לויט דעם אָבמאַך האָט קאָלאָמביאַ געדאַרפט קריגען צעהן מיליאָן דאָלער מזומן און אַ יעהרליכע צאָהלונג פון 250,000 דאָלער; און דיא יעהרליכע צאָהלונג האָט זיך געדאַרפט אָנהויבען אין ניין יאָהר ארום.

*) דיא קאַרטע אויף דער ענגלישער זייטע 507 ווייזט דעם וועג, איבער וועלכען עס ווערט געגראָבען דער פּאַנאַמאַ קאַנאַל און וואו דער אַטלאַנטישער אָקעאַן וועט זיך פערבינדען מיט'ן פּאַסיפישען.

475. **דיא פיליפינער אינזלען.** (1902) — זייט אמעריקא האט ער־וואָרבען דיא פיליפינער אינזלען פון שפאניען, זיינען זיי רעגיערט געוואָרען פון דעם פרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען דורך דער אַרמעע און דער פיליפינער קאָמיסיאָן; נור אין יולי, 1902, האָט דער קאָנגרעס דורכגע־פיהרט א געזעץ צו מאכען א ציווילע רעגיערונג אויף דיא אינזלען. לויט דיזען געזעץ ווערן דער גאָווערנאָר און דיא עלטסטע פון דיא דעפּארטמענטען אָנגעשטעלט פון דעם פרעזידענט מיט דער צושטימונג פון דעם סענאט. דיא לעגיסלאַטור אויף דיא אינזלען בעשטעהט פון צוויי אָבטיילונגען, איינע פון דיא פיליפינער קאָמיסיאָן און דיא צווייטע פון רעפּרעזענטאַנטען וואָס דיא פיליפינער וועהלען. וועהרענד דיא פיליפינער האָבען כמעט יעדען בירגער־ליכען רעכט, גיט זיי ניט דיזער געזעץ דיא בירגערשאַפט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

476. **אורטייל וועגען אַלאַסקער גרענעץ.** (1903) — ווען דיא פער־אייניגטע שטאאטען האָט אָבגעקויפט אַלאַסקא פון רוסלאַנד, איז בעשטימט געוואָרען אז דיא גרענעץ ליניע וואָס איז דאַמאָלס געווען צווישען אַלאַסקא און בריטיש אַמעריקא זאָל אַזוי בלייבען און אָנגענומען ווערן. אין דעם אָבמאַך צווישען ענגלאַנד און רוסלאַנד פון 1825 איז דיא דאָזיגע ליניע מעהר אָדער ווייניגער פּינקטליך געווען בעשריבען. וועגען דיזער ליניע זיינען זייט פיעלע יאָהרען געווען מיינונגס־פערשיעדענהייטען, נור מען האָט עס ניט בעטראַכט פאַר וויכטיג, ביז מען האָט געפונען גאָלד אין דער קלאָנדאַיק געגענד. דיא קענעדער האָבען איצט געוואָלט האָבען א ים־האַפען אין אַלאַסקא און האָבען גע׳טענה׳ט, אַז דער אָבמאַך פון 1825 גיט זיי דאָס רעכט אויף אַזאַ האַפען. דיא אַמעריקאַנער האָבען עס אָבגעשטריטען.

ענדליך האָבען ענגלאַנד און דיא פעראייניגטע שטאאטען איינגעשטימט איבערצוגעבען זייערע שטרייטיגקייטען צו א קאָמיסיאָן וואָס זאָל בעשטעהן פון קענעדער, ענגלענדער און אַמעריקאַנער, און צו פאָלגען איהר אורטייל. נאָכדעם וויא דיא קאָמיסיאָן האָט גוט בעטראַכט דיא גאַנצע אַנגעלעגענהייט און אויסגעהערט אַלע טענות האָט זיא מיט א מעהרהייט שטימען אָבגעגעבען איהר אורטייל פאַר דיא אַמעריקאַנער, א חוץ אין איין קליינעם פּונקט.

477. קייבעל איבער׳ן פּאַסיפישען אָקעאַן; **דעפּאַרטמענט פון האַנדעל און אַרבייט.** (1903) — בעזיצענדיג דיא האוואַיער און פיליפינער

Civil government in the Philippines.

475. **The Philippines.** (1902.) — Since their acquisition from Spain, the Philippine Islands had been governed by the President of the United States through the army and the Philippine Commission; but in July, 1902, Congress passed an act for the civil government of the islands. By this act the governor and the heads of departments are appointed by the President, with the consent of the Senate. There is a legislature of two branches, one consisting of the Philippine Commission, and one of representatives elected by the Filipinos. While securing to the Filipinos almost every civil right, the act does not give them United States citizenship.

The Alaska boundary dispute settled.

476. **Alaska Boundary Award.** (1903.) — When the United States purchased Alaska from Russia, it was agreed that the existing boundary line between Alaska and British America should be accepted. This line was described, more or less accurately, in a treaty made in 1825 between Russia and Great Britain. Differences of opinion regarding this line had existed for many years, but little importance was attached to the matter until gold was discovered in the Klondike region. The Canadians now wished to have a seaport in Alaska, and contended that the treaty of 1825 gave them one. This the Americans denied.

Finally, Great Britain and the United States agreed to submit their difficulties to a commission composed of Canadians, English, and Americans, and to abide by its decision. After a full presentation of the case had been made, the commission, by a majority vote, made its decision in favor of the Americans, except in one minor point.

The Pacific cable.

477. **Pacific Cable; Department of Commerce and Labor.** (1903.) — The possession of the Hawaiian Islands and the Philippines rendered communication by a direct cable between these islands and the United States necessary.

**473. Cuba; Chinese Exclusion Act. (1902.)** — The new Republic of Cuba was inaugurated May 20, 1902. All authority was transferred by the United States to the new government. The United States thus nobly fulfilled the promise made at the beginning of the Spanish war (sect. 454). The Republic of Cuba.



THEODORE ROOSEVELT.

THEODORE ROOSEVELT was born of Dutch descent in New York City, October 27, 1858, and had every advantage which wealth and social position could give. He was a member of the New York Legislature in 1880, and a member of the United States Civil Service Commission, 1889–1895, from which he resigned to become a police commissioner of New York City. He was appointed Assistant Secretary of the Navy in 1897, but resigned to take active part in the Spanish-American War. In 1898 he was elected Governor of New York, and in 1900 Vice-President. He succeeded President McKinley September 14, 1901.

In 1902 the Chinese Exclusion Act of 1888 (sect. 404) was reenacted, and extended to all territory under the jurisdiction of the United States.

**474. Anthracite Coal Strike. (1902.)** — One of the greatest labor strikes in the history of the country began in May, 1902, among the anthracite coal miners of Pennsylvania. The strike involved 147,000 workmen, and practically closed the mines, thus creating such a coal famine as had never been known. The miners demanded an advance in wages, a reduction in the hours of labor, and a recognition of the labor union. After many futile attempts had been made to settle the disagreement, President Roosevelt appealed to both sides to submit their differences to arbitration. His appeal was successful, and the miners returned to work in October. All disputed questions were referred to a commission appointed by the President. In March, 1903, this commission made its report, which was in effect a compromise. The strike of the anthracite coal miners.

473. קובאַ; אויסשליסונגס־געזעץ פאַר כינעזער. (1902) — דיא נייע רעפּובליק פון קובאַ איז איינגעשוואָרען געוואָרען דעם 20טען מאַי, 1902. דיא פעראייניגטע שטאאטען האָט איבערגעגעבען דיא גאַנצע מאַכט איבער דעם אינזעל צו דער נייער רעגיערונג. דיא פעראייניגטע שטאאטען האָט נאָכעל אויסגעפיהרט דעם פערשפּרעכען וואָס זיא האָט געגעבען אין אָנפאַנג פון דער שפּאַנישער מלחמה (זעה פּאַראַגראַף 454).

אין 1902 איז בענייעט געוואָרען דער געזעץ פון 1888 (זעה פּאַראַגראַף 404) וועגען אויסשליסען כינעזער, און דער געזעץ איז אָנגעווענדעט געוואָרען אויף אַלע טעריטאָריען וואָס זיינען געשטאַנען אונטער דער געזעצליכער מאַכט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

474. דער האַרטע־קאָהלען סטרייק. (1902) — איינע פון דיא גרעס־טע אַרבייטער סטרייקס אין דער געשיכטע פון לאַנד האָט זיך אָנגעהויבען אין מאַי, 1902, צווישען דיא האַרטע קאָהלען־גרעבער אין פּענסילווייניא. דער סטרייק האָט אַרומגעכאַפּט 147,000 אַרבייטער און האָט טהאַטזעכליך גע־שלאָסען אַלע מינען, און האָט אויף אַזאַ אופן געשאַפען אַזאַ קאָהלען מאַנגעל וואָס מען האָט ביז דאַמאָלס קיינמאָל ניט געהאַט. דיא קאָהלען־גרעבער האָבען געפאָדערט אַ העכערונג אין שכירות, אַ פערקלענערונג אין דיא אַרבייטס־שטונ־דען און אַן אַנערקענונג פון זייער אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָן. נאָכדעם וויא מען האָט געמאַכט פיעל אומזיסטע פּערזוכען אויסצוגלייכען דיא שטרייטיגקייט, האָט זיך פּרעזידענט רוזוועלט אַריינגעמישט און האָט אַפּעלירט צוביידע צדדים אַז זיי זאָלען זייערע טענות איבערגעבען צו אַ שיעדס־געריכט.*) זיין אויפ־רוף איז געווען ערפאָלגרייך, און דיא קאָהלען־גרעבער האָבען זיך אין אָקטאָבער צוריקגעקעהרט צו דער אַרבייט. אַלע שטרייטבאַרע פראַגען זיינען איבערגעגע־בען געוואָרען צו אַ קאָמיסיאָן וואָס דער פּרעזידענט האָט אָנגעשטעלט. אין מערץ, 1903, האָט דיא קאָמיסיאָן געמאַכט אַ בעריכט וואָס איז אין דער ווירק־ליכקייט געווען אַ קאָמפּראָמיס.

---

*) טעאָדאָר רוזוועלט, וועמעס בילד געפינט זיך אויף דער ענגלישער זייטע 505 שטאַמט פון האָלענדער און איז געבאָרען געוואָרען אין ניו יאָרק, דעם 27טען אָקטאָבער, 1858. ער האָט געהאַט יעדען פאָרצוג וואָס רייכקייט און גוטע געזעלשאַפטליכע שטעלונג קען געבען. ער איז געווען מיטגליעד אין דעם לעגיסלאַטור פון שטאַאט ניו יאָרק אין 1880, און אַ מיטגליעד פון דער "סיוויל סוירוויס" קאָמיסיאָן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען פון 1889 ביז 1895. ער האָט פון דער קאָמיסיע רעזיגנירט און איז געוואָרען דער הויפּט פון דער פּאָליציי אין שטאָט ניו יאָרק. אין 1897 איז ער אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס געהילפס מאַרין־סעקרעטער, נור ער האָט פון זיין שטעלע רעזיגנירט כדי צו נעהמען אַקטיווען אַנטייל אין דער שפּאַניש־אַמעריקאַנער מלחמה. אין 1898 איז ער ערוועהלט געוואָרען גאָווערנאָר אין שטאַאט ניו יאָרק, און אין 1900 וויס־פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דעם 14טען סעפּ־טעמבער, 1901, איז ער געוואָרען פּרעזידענט אויף מעקינלי'ס פּלאַץ.

471. מעקינלי און רוזוועלט; דיא איינשוועררונג; דיא פאן־אמעריקאנער אויסשטעלונג. (1901) — דעם 4טען מערץ, 1901, איז מעקינלי איינגעשוואָרען געוואָרען אלס פרעזידענט פאר זיין צווייטען טערמין. אין מאָנאט מאי האט זיך געעפענט אין באפעלא, ניו יארק, דיא פאן־אמעריקאנער אויסשטעלונג, מיט וועלכער מען האט געוואָלט אילוסטרירען דיא פראָדוקטען און דיא ענטוויקלונג פון דעם אמעריקאנעם וועלט־טייל. דיא אויסשטעלונג האט זיך אויסגעצייכענט מיט דעם רייכען געברויך פון עלעקטריציטעט און דיא ניצליכע קונסטען. דיא עלעקטרישע פאבריקען פון נייאגרא פאלס האבען פערזאָרגט דיא אויסשטעלונג כמעט מיט אונערמעסליכער עלעקטרישער קראפט.

472. דער פרעזידענט אין באפעלא; זיין ערמאָרדונג; רוזוועלט ווערט פרעזידענט. (1901) — דער פרעזידענט האט בעזוכט דיא אויסשטעלונג אין סעפטעמבער און אן איין אויסגעצייכענטער רעדע בעשטימט דיא צוקינפטיגע פאליטיק פון זיין אדמיניסטראציאָן. דיא הויפט פונקטען זיינען געוועזען: נעגענזייטיגע קאָמערציעלע אבמאכען מיט אנדערע נאציאָנען, פערגרעסערן דיא אמעריקאנער האנדעלס־פלאָטע, בויען א קאנאל וואס זאל פעראייניגען דיא אטלאנטישע און פאסיפישע אָקעאנען, לעגען טעלעגראפישע מעטאלענע שטריק דורך'ן פאסיפישען אָקעאן און אָנהאלטען פריעדען מיט אלע נאציאָנען. אויף'ן צווייטען טאָג (דעם 6טען סעפטעמבער), ווען ער האט געהאלטען אן עפענטליכע אויפנאהמע, האט אן אנארכיסט אויף איהם אויסגעשאָסען צוויי מאָל.*) עטליכע טעג האט מען געהאָפט אז ער וועט גענונד ווערן, נור אין זיין צושטאנד איז פאָרגעקומען אן ענדערונג צום ערגערן, און דעם 14טען סעפטעמבער איז ער געשטאָרבען. טעלעגראמען און בריעף וואס האבען אויסגעדריקט טרויער און סימפאטיע זיינען געקומען פון אלע עקען וועלט. ווייניג פרעזידענטען זיינען געוועזען מעהר אָנגענומען ביים פאלק, וויא מעקינלי, און טויזענדער האָבען נאָך איהם געטרויערט, וויא ער וואָלט געוועזען זייער פערזענליכער פריינד.

דער וויים־פרעזידענט, טעאָדאָר רוזוועלט, איז געוואָרען פרעזידענט, און דעם 14טען סעפטעמבער האט ער גענומען דיא שבועה פון זיין אמט. ער האט ערקלערט אז זיין צוועק איז "פאָרטצוזעצען אבסאלוט אונגעבראָכען דיא פאָליטיק פון פרעזידענט מעקינלי פאר פריעדען, פאר'ן וואוילשטאנד, און פאר דער עהרע פון אונזער בעליעבט לאנד".

---

*) דעם מערדער האט מען געכאפט גלייך נאכדעם וויא ער איז בעגאנגען דעם פערברעכען. איז עטליכע וואכען ארום האט מען איהם גע'משפט, פעראורטיילט און הינגעריכטעט.

**471. McKinley and Roosevelt; the Inauguration; Pan-American Exposition, 1901.** — The inauguration of President McKinley for his second term took place March 4, 1901. In May a Pan-American Exposition designed to illustrate the products and development of the American continents, opened at Buffalo, New York. The Exposition was remarkable for the display of the applications of electricity in the useful arts. For this exhibition the electrical works at Niagara Falls furnished almost unlimited power.

Pan-American Exposition, 1901.

**472. The President at Buffalo; his Assassination; Accession of Theodore Roosevelt, 1901.** — The President visited the Exposition in September and made a notable speech defining the future policy of his administration. The chief points were, commercial reciprocity with other nations, increase of the American merchant marine, construction of a canal uniting the Atlantic and the Pacific, laying a telegraph cable across the Pacific Ocean, and peace with all nations. The next day (September 6) as he was holding a public reception, he was shot twice by an anarchist.[1] For a few days there was hope of his recovery, but a change took place, and he died September 14. Messages of sorrow and sympathy were sent from all over the world. Few Presidents have been more popular with the people than McKinley, and by thousands he was mourned as if a personal friend.

Assassination of McKinley, Sept. 6, 1901.

The Vice President, Theodore Roosevelt, became President and took the oath of office (September 14). He declared it to be his purpose "to continue absolutely unbroken the policies of President McKinley for the peace, the prosperity, and the honor of our beloved country."

[1] The assassin was captured immediately after committing the crime. He was tried some weeks later, convicted, and executed.

The census of 1900 gave the population of the United States as 76,304,799, an increase of about twenty-one per cent over that of 1890.[1] The centre of population moved westward fourteen miles, and southward two and one-half miles. Census, 1900.

At the opening of the twentieth century, the United States takes her place as the richest and one of the most




powerful nations in the world. No other nation has had such opportunities, and no nation in history has attained such greatness in so short a period. The problems before the country are great and difficult; upon their right solution depend the successful future of the great Republic, and the material and moral welfare of all her millions of people.

oath of allegiance to the United States, and issued a manifesto advising the Filipinos still resisting American control to lay down their arms and recognize the authority of the United States.

[1] In accordance with the Constitution, Congress passed an apportionment bill, fixing the membership of the House of Representatives at 386, or one for every 193,291 persons. See Appendix VI.

געוואָרען, און עס זיינען נור געבליבען רויבער־באַנדעס און קליינע קעמפּפענדע מחנות וואָס האָבען אָנגעפיהרט אַן אונרעגעלמעסיגען קריעג.*) עס איז אזוי ווייט רוהיג געוואָרען אז דעם 4טען יולי, 1901, האָט מען דאָרטען איינגעפיהרט אַ ציווילע רעגיערונג.

דער צענזוס פון 1900 האָט אָנגעגעבען דיא בעפעלקערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען אויף 76,304,799, אַ פערגרעסערונג פון 21 פּראָצענט איבער דעם צענזוס פון 1890. דער צענטער פון דער בעפעלקערונג האָט זיך אַ רוק געטהאָן פיערצעהן מייל צו דער וועסט און דריטהאַלבען מייל צום זיד.**)

ביים אָנפאַנג פון צוואַנציגסטען יאהרהונדערט פערנעהמט דיא פעראייניגטע שטאאטען איהר פּלאַץ אַלס דיא רייכסטע און איינע פון דיא מעכטיגסטע נאַציאָנען אין דער וועלט. קיין אַנדער נאַציאָן האָט ניט געהאַט אַזעלכע געלעגענהייטען און קיין נאַציאָן אין דער געשיכטע פון דער וועלט האָט ניט דערגרייכט צו אַזאַ גרויסקייט אין אַזאַ קורצער צייט. דיא אויפגאַבען וואָס ליגען פאַר דעם לאַנד זיינען גרויסע און שווערע; פון זייער ריכטיגער לייזונג הייננגט אָב דיא ערפאָלגרייכע צוקונפט פון דער גרויסער רעפּובליק, און דער מאַטעריעלער און מאָראַלער וואוילשטאַנד פון דיא אַלע איהרע מיליאָנען איינוואָהנער.

---

*) מען האָט גענומען געפאַנגען אַגווינאַלדאַ'ן דעם 23טען מערץ, 1901 און נאָך אַ קורצער צייט האָט ער געשוואָרען טרייהייט צו דיא פעראייניגטע שטאאטען. ער האָט אַרויס־געלאָזט אַ מאַניפעסט און געראַטהען דיא פיליפּינער וואָס זיינען נאָך געווען אין ווידערשטאַנד געגען דער אַמעריקאַנער אויפזיכט אוועקצולייגען זייערע געוועהר און אַנערקענען דיא הערשאַפט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

עמיליאָ אַגווינאַלדאָ איז געבאָרען געוואָרען אין קאַוויטעי, פיליפּינער אינזלען. ער איז נאָך געווען אין דיא צוואַנציגער יאָהרען ווען איהם איז אויסגעקומען צו ווערן דער הויפּט קאָמאַנדיר פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמעע וועלכע האָט צוערשט געקעמפּפט געגען שפּאַניען'ס ממשלה און דערנאָך געגען דיא פעראייניגטע שטאאטען. ער האָט זיך אַרויסגעצייגט פאַר זעהר פעהיג און נאָכדעם וויא ער האָט געשוואָרען טרייהייט צו דיא פעראייניגטע שטאאטען האָט ער זיך אין גאַנצען אונטערוואָרפען צו דער נייער אָרדנונג.

**) לויט דער קאָנסטיטוציאָן האָט דער קאָנגרעס דורכגעפיהרט אַ פאָרשלאַג צו מאַכען אַ נייע איינטיילונג איז דער פערטרעטונג פון דער בעפעלקערונג און האָט בעשטימט דיא מיטגליעדערשאַפט פון דעם רעפּרעזענטאַנטען הויז אויף 386, און דאָס קומט אויס איין פאַרשטעהער פאַר יעדע 193,291 פּערזאָן.

דיא קאַרטע אויף דער ענגלישער זייטע 503 ווייזט וואו דער צענטער פון דער בעפעל־קערונג איז געווען ביים סוף פון יעדע צעהן יאָהר פון 1790 ביז 1900. דער שטערן נעבען דעם יאָהר ווייזט וואו דער צענטער איז דאַמאָלס געווען. אין יאָהר 1790, צום ביישפּיעל, געפינט זיך דער שטערן ביי באַלטימאָר; אין יאָהר 1900 געפינט זיך שוין דער שטערן ביי קאָלאָמבוס, אָהייאָ (זעה ביילאַגע IV).

דער וואהל־פראגראם פון דיא רעפּאבליקאנער האט גוט געהייסען אלע געזעצע פון דער אדמיניסטראציאן, פערטיידיגט דיא פיליפּינער פּאליטיק, האט זיך געשטעלט געגען דער פרייער פּרעגונג פון זילבער און געשטיצט דעם גאלד־דאלער אלס דיא געזעצליכע מאס פון ווערטה.

דיא דעמאָקראטישע פּלאטפאָרם האט געמאכט "אימפעריאליזם" דיא "הויפּט פראגע פון דעם וואהל־קאמפּף" און ערקלערט, אז "אימפעריאליזם אויסערהאלב דיא פעראייניגטע שטאאטען וועט גיך און אונפערמיידליך פיהרען צו דעספּאָטיזם אין דער היים". דיא פּלאטפאָרמע האט פערדאמט דיא פּארטאָריקאָ'ער געזעץ־געבונג און דיא פיליפּינער פּאָליטיק, דיא געזעץ־געבונג און דיא געזעצע פון דער רעפּאָבליקאנער פּארטיי אין אלגעמיין. עס איז ווידער אָנגענומען געוואָרען דיא שיקאגאָ'ער פּלאטפאָרם פון 1896, אז מען זאָל קענען פריי און אונבעשריינקט פּרעגען זילבער אין דער פּראָפּאָרציע פון זעכצעהן צו איינס, דאָס הייסט, א זילבערנער דאָלער זאָל וועגען זעכצעהן מאָל אזוי פיעל וויא א גאָלדענער דאָלער.

דיא פּלאטפאָרמע פון דער פּאָלקס פּארטיי איז אין דיא וויכטיגע פּונקטען געוועזן עהנליך צו דער דעמאָקראטישער.

דיא פּלאטפאָרם פון דער פּראָהיבישען פּארטיי האט געמאכט דעם קאמפּף געגען שארפע געטריינק פאר דיא וויכטיגסטע פראגע און האט שטארק פערדאמט פּרעזידענט מעקינלי.

דער קאמפּף איז געווען אין גאנצען צווישען דיא רעפּאָבליקאנישע און דיא דעמאָקראטישע קאנדידאטען. דער פערזוך צו מאכען "אימפּעריאליזם" פאר דער הויפּט פראגע האט זיך ניט איינגעגעבען. גראדע וויא אין 1896 איז דיא ריכטיגע פראגע געווען צווישען דיא גאָלד סיסטעם פון געלד און דיא פרייע פּרעגונג פון זילבער. ביי דיא וואהלען איז פּרעזידענט מעקינלי אויסגעוועהלט געוואָרען דורך א גרעסערע מעהרהייט שטימען וויא וועלכער עס איז פּרע־זידענט האט ווען בעקומען.*)

470. פיליפּינער קאָמיסיאָן; צענזוס. (1900) — אין פריהלינג פון 1900 איז א קאָמיסיאָן געשיקט געוואָרען נאָך דיא פיליפּינען צו אונטערזוכען דעם צושטאנד אויף דיא אינזלען, און איינצואָרדנען אזוי גיך וויא מעגליך א ציווילע רעגיערונג. סוף יאָהר איז דיא מלחמה אויף דיא אינזלען שטילער

*) איז סך הכל זיינען אבגעגעבען געוואָרען 13,969,770 שטימען. מעקינלי'ס מעהרהייט איבער ברייען איז געווען 849,455, און זיין מאיאָריטעט איבער אלע קאנדידאטען איז גע־ווען 446,718.

Platforms. The Republican platform indorsed all the acts of the administration, defended the Philippine policy, opposed the free coinage of silver, and upheld the gold standard.

The Democratic platform made "imperialism" the "paramount issue of the campaign," declaring that "imperialism abroad will lead quickly and inevitably to despotism at home." It denounced the Porto Rico legislation and the Philippine policy and legislation and acts of the Republicans generally. The Chicago platform of 1896 regarding the free and unlimited coinage of silver at the ratio of sixteen to one was reaffirmed.

The platform of the People's party was in important points similar to that of the Democrats.

The Prohibition platform declared that Prohibition was the greatest issue. It harshly denounced President McKinley.

Campaign, 1900. The struggle lay wholly between the Republican and Democratic candidates. The effort to make "imperialism" the chief issue failed. As in 1896, the real issue was between the gold standard and the free coinage of silver. At the election, President McKinley was chosen by a larger plurality of the popular vote than any President had ever received.[1]

Philippine Commission, 1900. **470. Philippine Commission; Census.** (1900.) — In the spring of 1900, a commission was sent to the Philippines to investigate the condition of affairs in the islands, and to set up as soon as possible civil government. By the end of the year the war was restricted to marauding bands and guerillas.[2] Affairs had become so quiet that a civil government was set up July 4, 1901.

[1] The total vote was 13,969,770; McKinley's plurality over Bryan was 849,455, and his majority over all 446,718.

[2] Aguinaldo was captured March 23, 1901, and after a short time took the

Congress. By this act the gold dollar is made the standard of value.

The city of Galveston, Texas, is situated on a low sandy island only a few feet above sea-level, so the city is exposed to the open Gulf of Mexico. A tropical hurricane struck the coast of Texas, September 8, 9, 1900. The effect of the tornado was to raise the waves many feet above the level of high tide, and the whole city of Galveston was submerged in addition to the destruction wrought by the tornado. It is thought that about seven thousand lives were lost and $30,000,000 of property destroyed. This was a disaster unparalleled in the history of the United States. As in the case of other disasters, abundant help was sent promptly to the suffering, and Red Cross Society agents were soon on the ground distributing relief and giving aid to the injured. **Galveston disaster, September 8, 9, 1900.**

469. **Presidential Campaign.** (1900.) — The time drew near for nominating Presidential candidates. It had been for some time certain that President McKinley would be renominated and there was little talk of any one else. Theodore Roosevelt, of New York, was the popular candidate for Vice-President. Both were nominated at the Republican convention by acclamation. The Democratic convention nominated William J. Bryan, of Nebraska, for President by acclamation, and Adlai E. Stevenson, of Illinois, for Vice-President by ballot (sect. 424). **Presidential nominations, 1900. Republican. Democratic.**

The larger wing of the People's party or Populists had already nominated William J. Bryan for President and Charles A. Towne for Vice-President.[1] **"Populists."**

The Prohibition party nominated John G. Woolley for President and Henry B. Metcalf for Vice-President. **Prohibitionist.**

[1] Towne withdrew after the Democratic nominations.

אַ געזעץ, אַז דער גאָלדענער דאָלער זאָל זיין דיא אנערקענטע געזעצליכע מאָס פון ווערטה.

דיא שטאָט גאַלוועסטאָן, טעקסעס, שטעהט אויף אַ נידריגען, זאמדיגען אינזעל, אין גאַנצען עטליכע פוס העכער פון דעם ים, אַזוי אַז דיא שטאָט איז אונבעשיצט געגען דעם אָפענעם גאָלף פון מעקסיקאָ. אַ טראָפּישער שטורם־ווינד האָט געטראָפען דעם ברעג פון טעקסעס דעם 8טען און 9טען סעפּטעמבער, 1900. פון דעם שטורם האָט זיך דער ים צובושעוועט און דאָס וואַסער האָט זיך אויפגעהויבען פיעלע פוס העכער פון דעם אינזעל און דיא גאַנצע שטאָט פון גאַלוועסטאָן איז פערפלייצט געוואָרען, און דאָס איז געווען אַ צוגאָב צום חורבן וואָס דער שטורם האָט פריהער פעראורזאַכט. מען רעכענט אַז אַ זיבען טויזענד לעבענס זיינען דאַביי אומגעקומען און אַ דרייסיג מיליאָן דאָלער אין אייגענטום איז פערניכטעט געוואָרען. דאָס איז געווען אַן אונגליק וויאָס האָט ניט געהאַט זיין גלייכען אין דער געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. וויא געוואוינליך אין אַזעלכע אונגליקען איז גענוג הילף גיך געשיקט געוואָרען צו דיא אונגליקליכע, און אַגענטען פון דער געזעלשאַפט פון דעם רויטען קרייץ זיינען באַלד געווען אויף'ן פּלאַץ און געגעבען הילף און אויפגעפּאַסט אויף דיא פערוואונדעטע.

469. וואַהל־קאַמפף פאַר פרעזידענט. (1900) — דיא צייט איז שוין געווען נאָהענט ווען מען האָט געדאַרפט אַרויסשטעלען קאַנדידאַטען פאַר פרעזידענט. אַ צייט לאַנג איז געווען זיכער דאָס פרעזידענט מעקינלי וועט נאָך אַמאָל אַרויסגעשטעלט ווערן, און מען האָט ווענינ גערעדט וועגען עמיצען אַנדערס. טעאָדאָר רוזוועלט, פון ניו יאָרק, איז געווען דער אנגענומענסטער קאַנדידאַט פאַר וויים־פּרעזידענט. דיא רעפּאָבליקאַנישע פּאַרטיי האָט אויף איהר פערזאַמלונג איינשטימיג ביידען אַרויסגעשטעלט. דיא דעמאָקראַטישע פערזאַמלונג האָט איינשטימיג אַרויסגעשטעלט וויליאַם דזשענינגס ברייען, פון נעבראַסקאַ, אַלס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, און דורך אָבשטימונג אדלעי ע. סטיווענסאָן, פון אילינאָי, פאַר וויים־פּרעזידענט (זעה פאַראַגראַף 424).

דער גרעסטער טייל פון דער פּאָלק'ס פּאַרטיי, אָדער פּאָפּוליסטען, האָט שוין פריהער אַרויסגעשטעלט וויליאַם דזשענינגס ברייען פאַר פּרעזידענט און טשאַרלז א. טאַון פאַר וויים־פּרעזידענט.*)

דיא פּראָהיבישען פּארטיי האָט אַרויסגעשטעלט דזשאָן ג. וואולי פאַר פּרעזידענט און הענרי ב. מעטקעף פאַר וויים־פּרעזידענט.

---

*) טאַון האָט זיך צוריקגעצויגען נאָכדעם וויא דיא דעמאָקראַטען האָבען אַרויסגעשטעלט זייערע קאַנדידאַטען.

צוטיילונגס־אבמאך איז אונטערגעשריבען געווארען פון דעם פרעזידענט דעם 2טען דעצעמבער, 1899, און בעשטעטיגט געווארען פון סענאט. אויף אזא אופן זיינען צוגעקומען נאך אינזלען אויף דעם פאסיפישען אקעאן צו דער בעל הבתישקייט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

467. **א גוטע צייט אין דיא פעראייניגטע שטאאטען.** (1898—1899) **רעזולטאטען פון דער שפאנישער מלחמה.** (1900) — טראץ דער שפאני־שער מלחמה און דיא שווערע שטייערן וואס זיינען צוליב איהר ארויפגעלייגט געווארען אויפ'ן לאנד, איז דאס יאהר 1898 געווען אין מסחור און געשעפטען איינער פון דיא בעסטע יאהרען וואס דאס לאנד האט ווען געהאט. קיין מאל האט מען נאך ניט ארויסגעשיקט אזוי פיעל סחורה פון לאנד וויא אין דעם יאהר און הגם דיא פעראייניגטע שטאאטען האט אויך אימפארטירט א סך סחורות, זיינען דיא אימפארטירטע סחורות געווען פיעל קלענער פון דיא סחורות וואס מען האט ארויסגעשיקט. אויף דיא פעלדער און דיא גארטענס איז געווען א גערעטעניס, דיא פאבריקען זיינען געווען בעשעפטיגט, און כמעט דאס גאנצע לאנד האט געקליבען דיא פרוכטען פון דער שפע. דיא יאהרען 1899 און 1900 זיינען זאגאר געווען נאך בעסערע וויא 1898.

פיעלייכט האט קיין יאהר אין דער געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאא־טען ניט געהאט מעהר בעדייטונג וויא דאס יאהר 1898. דאס וואס דיא פער־אייניגטע שטאאטען האט זיך אנגענומען פאר קובא האט געבראכט מיט זיך אזא רעזולטאט וואס ווייניג מענשען האבען געקענט פאראויסזעהען און וואס פיעלע האבען בעטראכט מיט מורא. אין דעם פערלויף פון איין קורצען יאהר האט דיא פעראייניגטע שטאאטען, כמעט זיך אליין אויף צו־להכעיס, אנגענומען דיא שטעלונג פון א מאכט וואס מוז זיך אריינמישען אין דיא אנגעלעגענהייטען פון דער גאנצער וועלט. פריהער איז דיא מדינה פון דיא פעראייניגטע שטאאטען געווען בעשריינקט צום נארד־אמעריקאנישען וועלט־טייל און איצט בעלאנגען צו איהר אונגעהייערע טעריטאריען. דער פלאג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען פלאטערט איבער דיא וויכטיגסטע אינזלען אין ועסט אינדיען, און זיא בע־זיצט מאנכע פון דיא שעהנסטע און רייכסטע אינזלען אויפ'ן פאסיפישען אקעאן. מיליאנען מענשען פון פילע פעלקער און פערשיעדענע ראסען זיינען געקומען אונטער'ן פליגעל פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, צו זיין פון איהר רעגיערט, דערהויבען, און צו ווערן בעהאנדעלט מיט פריינדשאפט און גע־רעכטיגקייט.

468. **גאלד דאלער אנגענומען; דיא קאטאסטראפע אין גאלוועס־טאן.** (1900) — אין מאנאט מערץ, 1900, האט דער קאנגרעס דורכגעפיהרט

---

ניגטע שטאאטען אלע סאמאער אינזלען וואס ליגען אסט פון 171 גראד לייגגליכקייט אסט פון גריניטש. אין דעם נעהען אריין דיא טאנואנער אינזלען.

Tutuila.

treaty was signed by the President, December 2, 1899, and confirmed by the Senate; thus other islands in the Pacific were added to the possessions of the United States.

**467. Prosperity in the United States. (1898–1899.) Results of Spanish War. (1900.)** — Notwithstanding the Spanish War, and the heavy taxation which it caused, the year 1898 was one of the most prosperous which the country has ever known. The exports were the largest on record, and though the imports were large, they yet fell far short of the exports. Crops were abundant, the mills were busy, and almost the whole country was reaping the fruits of prosperity. The years 1899 and 1900 were even more prosperous than 1898.

Prosperity in the United States.

Perhaps there has been no year in the history of the United States more full of meaning than 1898. The intervention on behalf of Cuba brought with it results which few could foresee, and which many contemplated with fear. Within one short year the United States, almost in spite of herself, had assumed the position of a power which must take part in the affairs of the whole world. Once confined to the North American continent, she now has vast dependent territory. Her flag floats over the most important islands in the West Indies, and she holds some of the fairest and richest islands in the Pacific. Millions of people, representing many and diverse races, have come under her care to be governed, to be uplifted, and to be treated with kindness and justice.

**468. Gold Standard Act; Galveston Disaster. (1900.)** — In March, 1900, the Gold Standard Act was passed by

was granted to the United States in 1872. The partition treaty gave the United States all islands of the Samoan group east of 171° longitude east from Greenwich. This included the Manuan Islands.

1, 1899. On the way thither Commander Taussig, of the United States gunboat *Bennington*, hoisted the flag over Wake Island, a small island about two thousand miles distant from Hawaii and in the direct route from Hawaii to Hongkong. **Guam.**

Under the administration of President Cleveland, the United States (1889) joined with Great Britain and Germany in guaranteeing the neutrality of the Samoan Islands in the South Pacific, and in forming a joint protectorate over them.[1] There was much trouble in the islands from trade rivalry among the foreigners and various claims for kingship among the native chiefs. These troubles resulted (January, 1899) in a petty war, in which the British and Americans took the side of one of the chiefs. In June the three powers appointed a commission to visit Samoa and adjust the differences. **Samoan Islands.**

The commissioners, after investigation, proposed to establish a government to be maintained by the three powers, Great Britain, Germany, and the United States. Before this arrangement could be ratified, Great Britain, in consideration of the withdrawal by Germany of certain claims to other islands, gave up all claim to the Samoan group. These two powers also agreed that the United States should be given Tutuila and some smaller islands, and that Germany should have the others.[2] This partition **Partition of the Samoan Islands.**

[1] The Samoan group, formerly known as the Navigators' Islands, consists of fourteen islands lying in a line drawn from San Francisco to Auckland, New Zealand. They are about 4000 miles from Hawaii, 4200 miles from Manila, and 1900 miles from Auckland. They contain an area of about 1740 square miles, and have a total population of less than 35,000. Recently Samoa has become well known as the residence of the late Robert Louis Stevenson, the author.

[2] Tutuila has an area of about fifty-four square miles, and possesses the harbor of Pago Pago, the finest in the South Pacific. A coaling station here

האָט קאָמאַנדיר טאָסיג, פון דעם קאַנאָנען־שיף "בענינגטאָן" פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, אויפגעצויגען דעם פלאַג איבער דעם אינזעל וועיק, א קליינער אינזעל א צוויי טויזענד מייל וויים פון האוואי, וועלכער געפינט זיך אויף'ן גראָדען וועג פון האוואי קיין האָנג־קאָנג.

אונטער דער אַדמיניסטראַציאָן פון פּרעזידענט קליוולענד האָט דיא פעראייניגטע שטאאטען (1889) צוזאַמען מיט ענגלאַנד און דייטשלאַנד אָבגעמאַכט, אַז דיא סאַמאָער אינזלען אין דעם זידליכען פּאַסיפיק זאָלען ניט בעלאַנגען צו קיין מלוכה, און זיי צוזאַמען וועלען פאָרמירען א שוץ־פּערוואַלטונג איבער דיא דאָזיגע אינזלען.*) אויף דיא אינזלען זיינען פאָרגעקומען פיעלע מחלוקות צוליב דער קאָנקורענץ אין מסחור צווישען דיא פרעמדע און צוליב א רייסעריי פאַר הערשאַפט צווישען דיא דאָרטיגע איינגעבאָרענע. פערשיעדענע איינגעבאָרענע הויפּטלינגע האָבען געהאַט פּרעטענזיעס אויף'ן טהראָן. פון דער מחלוקת איז אין יאַנואַר, 1899, אַרויסגעקומען א קליינע מלחמה, אין וועלכער דיא ענגלענדער און אַמעריקאַנער האָבען געהאַלטען מיט איינעם פון דיא הויפּטלינגע. אין יוני האָבען דיא דריי מעכטע אָנגעשטעלט א קאָמיסיאָן צו מאַכען א בעזוך קיין סאַמאָא און אויסגלייכען דיא שטרייטיגקייטען.

נאָך אַן אונטערזוכונג האָט דיא קאָמיסיע פאָרגעלייגט צו גרינדען א רעגיערונג וואָס זאָל אויפגעהאַלטען ווערן פון דיא דריי מעכטע, ענגלאַנד, דייטשלאַנד און דיא פעראייניגטע שטאאטען. איידער דיזע איינאָרדנונג האָט געקענט ראַטיפיצירט ווערן, איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין דער שטעלונג פון דיא דריי מעכטע. דייטשלאַנד האָט זיך אָבגעזאָגט פון געוויסע טענות צו אַנדערע אינזלען, און ענגלאַנד האָט זיך דערפאַר אָבגעזאָגט פון איהרע פּרעטענזיעס אויף דיא סאַמאָער אינזלען. דיזעביידע מעכטע האָבען אויך איינגעשטימט אַז דיא פעראייניגטע שטאאטען זאָל קריגען דעם אינזעל טוטואיילא און אַנדערע קלענערע אינזלען, און אַז דייטשלאַנד זאָל האָבען דיא אַנדערע.**) דיזער

*) דיא סאַמאָער גרופּע, וועלכע איז פריהער געוועזן בעקאַנט אַלס דיא זעע־פאָהרערס אינזלען, בעשטעהט פון 14 אינזלען, און ווען מען זאָל ציהען א גלייכע ליניע פון סאַן פראַנציסקאָ ביז אוקלענד, ניו־זעלאַנד, וועלן דיא אינזלען אויסקומען אויף דיזער ליניע. זיי זיינען א פּיער טויזענד מייל וויים פון האוואי, 4,200 מייל פון מאַנילאַ און 1900 מייל פון אוקלענד. זייער שטח איז אַן ערך פון 1740 קוואַדראַט מייל און זיי האָבען א בעפעלקערונג פון ווענינער וויא 35,000 פּערזאָן. ניט לאַנג איז סאַמאָא גוט בעקאַנט געוואָרען אַלס דער וואָהנונגס־אָרט פון דעם פערשטאָרבענעם שרייבער ראָבערט לואיס סטיווענסאָן.

**) טוטואיילא האַלט אַן ערך פון 54 קוואַדראַט מייל און האָט דעם האַפען פון פּאַגאָ־פּאַגאָ, וואָס רעכענט זיך פאַר'ן בעסטען אין דעם זידליכען פּאַסיפיק. אין 1872 האָט דיא פעראייניגטע שטאאטען געקראָגען דיא ערלויבניס צו האָבען דאָרטען א סטאַנציע, וואו איהרע שיפען האָבען געקענט אָננעהמען קאָהלען. דער צוטיילונגס־אָבמאַך האָט געגעבען דיא פעראיי־

בעלאנגען צו איהר, אויב אפילו מען זאל פון זיי קיין אנדער נוץ ניט האבען. מיט דעם אין אויסזיכט האט דער קאנגרעס דעם 6טען יולי, 1898, דורך א גע־מיינשאפטליכער רעזאלוציאן, אנעקסירט דיא האוואיער אינזלען צו דיא פער־אייניגטע שטאאטען.*) דיא אנשליסונג איז אפיציעל פראקלאמירט געווארען אין האנאלולו, און דער פלאג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען איז אויפגע־שטעלט געווארען דעם 12טען אגוסט, 1898. אויף'ן בעפעהל פון פרעזידענט מעקינלי האבען דיא בעאמטע פון דער פריהערדיגער רעפובליק געדארפט בליי־בען אויף זייערע שטעלען און טהאן זייער פפליכט ביז דער קאנגרעס וועט אויסארבייטען א נייע פארמע פון רעגיערונג. דיזע בעאמטע האבען געשווארען טרייהייט צו דיא פעראייניגטע שטאאטען און זיי האבען געקענט ארונטערגע־זעצט ווערן פון דעם פרעזידענט.**) דעם 30טען אפריל, 1900, האט דער קאנגרעס בעשלאסען צו געבען דיא אינזלען א טעריטאריעלע רעגיערונגס־פאר־מע און דעם 14טען יוני, אין דעם זעלבען יאהר, איז דער בעשלוס אריין אין קראפט.

466. גוואם; דער אינזעל וועיק. (1899) סאמאער אינזלען. (1889) דער צוטיילונגס־אבמאך; פעראייניגטע שטאאטען קריגען טוטואיילא. (1899) — לויט דעם פריעדענס־אבמאך האט דיא פעראייניגטע שטאאטען אפיציעל איבערגענומען גוואם דעם 1טען פעברואר, 1899. אויף'ן וועג אהין

---

*) דיא רעזאלוציאן האט געלויטעט, אז אזוי וויא דיא רעפובליק פון האוואי האט שוין אויסגעדריקט איהר צושטימונג אבצוטרעטען אלע רעכטע פון אויבערהערשאפט איבער דיא האוואיער אינזלען צו דיא פעראייניגטע שטאאטען, האט דער קאנגרעס אנגענומען, ראטיפי־צירט און בעשטעטיגט דיזע קאנצעסיע.

**) דיא האוואיער גרופע בעשטעהט פון צוועלף אינזלען, דיא מייסטע פון זיי קליינע. דער גאנצער שטח פון זיי איז אן ערך פון 6,750 קוואדראט מייל. האוואי, דער גרעסטער פון זיי, האט א שטרעקע פון 4210 קוואדראט מייל, כמעט צוויי דריטעל פון דעם גאנצען. דיא בעפעלקערונג פון דיא אינזלען איז אין 1897 געווען 109,020. דיא בעפעלקערונג איז א געמישטע, אפשר איין דריטעל זיינען האוואיער. כינעזער און יאפאנעזער זיינען כמעט א העלפט פון דער בעפעלקערונג, אמעריקאנער זיינען דארט קוים דריי טויזענד פערזאן. נור דער איינפלוס פון אמעריקא איז דארטען פון לאנג געווען זעהר א גרויסער, און דער האנדעל פון דיא אינזלען איז כמעט אין גאנצען מיט דיא פעראייניגטע שטאאטען. אין 1897 האט מען פון דער גאנצער סחורה וואס מען האט ארויסגעפיהרט פון דיא אינזלען געשיקט אין דיא פעראייניגטע שטאאטען כמעט 99 מיט צוויי דריטעל פראצענט. פון דער סחורה וואס מען האט אריינגעפיהרט אויף דיא אינזלען איז געקומען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען עטוואס ווייניגער וויא 77 פראצענט. דיא סחורה וואס מען שיקט פון האוואי בעשטעהט כמעט אין גאנצען פון צוקער. דיא בעפעלקערונג אין 1900 איז געווען 154,001.

annexation was negotiated in 1897. This was approved by the President, and sent to the Senate, but was not acted upon by that body.

Hawaii annexed, July 6, 1898.

Dewey's victory at Manila showed very clearly the advantage to the United States of owning the Hawaiian Islands for naval purposes, if for nothing else. Accordingly, July 6, 1898, Congress by a joint resolution annexed the islands.[1] The annexation was formally proclaimed at Honolulu, and the United States flag raised, August 12, 1898. By direction of President McKinley the officers of the late republic were to fulfil the duties of their positions until Congress should provide a new form of government. These officers took the oath of allegiance to the United States, and were subject to removal by the President.[2] A territorial government was provided for by act of Congress, April 30, 1900, which went into effect on June 14 of the same year.

**466. Guam; Wake Island. (1899.) Samoan Islands. (1889.) Partition Treaty; United States acquire Tutuila. (1899.)** — In accordance with the treaty of peace the United States took formal possession of Guam, February

[1] The resolution set forth that, the Republic of Hawaii having already signified its consent to cede all rights of sovereignty over the Hawaiian Islands to the United States, Congress accepts, ratifies, and confirms such cession.

[2] The Hawaiian group consists of twelve islands, most of them small. The total area is about 6750 square miles. Hawaii, the largest, has an area of 4210 square miles — almost two-thirds of the whole. The population of the islands in 1897 was 109,020. It is mixed, hardly one-third being Hawaiians; Chinese and Japanese together form nearly one-half; while the Americans number but 3000. The American influence, however, has long been very great, and the commerce of the islands is almost wholly with the United States. In 1897, 99.62 per cent of the exports went to the United States, while 76.94 per cent of the imports came from the United States. The exports consist of little besides sugar. The population in 1900 was 154,001.

As in the Civil War the Sanitary and Christian commissions added greatly to the comfort and health of the soldiers, so in the Spanish War did the Red Cross Society. The wounded, the sick, and the suffering were carefully and skilfully attended to and their wants supplied.[1] Red Cross Society.

465. **Annexation of the Hawaiian Islands.** (1898.) — After the failure of the plan to annex the Hawaiian Islands



SENATE AND LEGISLATIVE BUILDINGS, HONOLULU, HAWAII.
From a photograph.

in 1893 (sect. 429), a republic was proclaimed July 4, 1894, under the presidency of Sanford B. Dole. He was a native of the islands, but of American parentage, and had been the head of the provisional government set up after the expulsion of Queen Liliuokalani. When the Republicans in the United States again came into power, a new treaty of Hawaiian republic, July 4, 1894.

ment of the commissary department of the army was severely criticised for supplying food unfit for use, and the unsanitary conditions of many of the camps greatly increased the losses from disease.

[1] The Red Cross Society was founded in 1864 at Geneva, Switzerland, by delegates from the principal nations; the agreements then drawn up have been signed by nearly all civilized powers. The object of the society is to relieve suffering by war, pestilence, famine, flood, fire, or any calamity which is national in extent. Miss Clara Barton is president of the American society.

וויא אין דעם בירגער קריעג האָבען סאַניטארנע און קריסטליכע קאָמיסיאָנען פיעל בייגעטראָגען צו דער בעקוועמליכקייט און געזונד פון דיא סאָלדאטען, אזוי האָט אין דעם שפּאַנישען קריעג פיעל בייגעטראָגען דיא געזעלשאַפט פון דעם רויטען קרייץ. דיא פערוואונדעטע, דיא קראַנקע און דיא ליידענדע האָבען געהאַט אַ גוטען און געניטען אומגאַנג און אַלע זייערע בעדירפניסע האָט מען בעזאָרגט.*)

465. האַוואַיער אינזלען אָנגעשלאָסען אָן דיא פעראייניגטע שטאַאטען. (1898) — נאָכדעם וויא עס איז דורכגעפאַלען דער פּלאַן אָנצושליסען דיא האַוואַיער אינזלען אָן דיא פעראייניגטע שטאאטען אין 1893 (זעה פּאַראגראף 429), האָט מען דעם 4טען יולי, 1894, ערקלערט דאָרטען אַ רעפּובליק, אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון סענפאָרד ב. דאָל.**) ער איז געווען אַ געבאָרענער אַ האַוואַיער, פון אַמעריקאַנער עלטערן, און איז געווען דער הויפּט פון דער פּראָוויזאָרישער רעגיערונג וואָס איז געוואָרען נאָכדעם וויא קעניגין ליליואָקאַלאַני איז פערטריבען געוואָרען פון לאַנד. ווען דיא רעפּאָבליקאַנער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען זיינען ווידער אריין אין מאכט, האָט מען אין 1897 אָנגעהויבען צו אוטערהאנדלען וועגען אַ נייעם אָבמאַך מיט דיא האַוואַיער אינזלען, אַז זיי זאָלען זיך אָנשליסען אָן דיא פעראייניגטע שטאאטען. דער פּרעזידענט האָט געגעבען זיין הסכמה דערצו און האָט עס אריינגעשיקט אין סענאַט, נור דער סענאַט האָט וועגען דעם ניט פערהאנדעלט.

דיואי'ס זיעג אין מאַנילאַ האָט בעוויזען זעהר קלאָר דיא נוצען פאר מארין צוועקען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, ווען דיא האַוואַיער אינזלען זאָלען

מיסאריאט, דאָס הייסט, דעם דעפּאַרטמענט וואָס האָט געהאַט צו טהאָן מיט'ן צושטעלן שפּייז דער ארמעע, ווייל דיא שפּייז האָט ניט געטויגט צום עסען, און דער אונגעזונטער צושטאַנד פון פיעלע לאַגערן האָט שטאַרק פערגרעסערט דיא שטערבליכקייט פון קראַנקהייטען.

*) דיא געזעלשאַפט פון דעם רויטען קרייץ האָט זיך געגרינדעט אין 1864 אין זשענעווא, שווייצאריען, פון דעלעגאַטען וואָס זיינען געשיקט געוואָרען פון דיא הויפּט לענדער. אויף'ן אָבמאַך וואָס איז דאָרטען אויסגעאַרבייט געוואָרען האָבען זיך אונטערגעשריבען כמעט אַלע ציוויליזירטע פעלקער. דער צוועק פון דער געזעלשאַפט איז צו פערלייכטערן דיא ליידען וואָס קומען פון מלחמה, מגפות, הונגער, מבול, פייער אדער פון וועלכען עס איז גרויסען אונגליק וואָס ווערט געפיהלט פון אַ גאַנצען פאָלק. מיס קלאַרא בארטאָן איז פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט.

**) דאָס בילד אויף דער ענגלישער זייטע 497 ווייזט דיא געביידען פון דעם סענאַט און לעגיסלאַטור אין האָנאָלולו, הויפּט-שטאָט פון האַוואַי.

פון דער אנדער זייט האט מען גע'טענה'ט דאס אזוי וויא דיא אינזלען האט אמעריקא בעקומען דורך מלחמה, דארף מען זיי האלטען, און דיא פעראייניגטע שטאאטען טאר זיך ניט אבטרייסלען פון דיא שוועריגקייטען און פעראנטוואָרט־ליכקייט פון דיא אומשטענדען. מען האט וויימער ערקלערט אז עס וועט זיין פיעל בעסער פאר דיא פיליפינער ווען זיי זאלען געהערן צו דיא פעראייניגטע שטאאטען, וויא מען זאל זיי איבערלאזען צו זיך אליין אדער אומקעהרען זיי צו שפאניען. און איבערהויפט איז נאך גאר ניט געווען זיכער אז דיא אינזלען וועלען דארפען ווערן א טייל פון דער נאציאן אויף דעם זעלבען אופן וויא איינע פון דיא טעריטאָריען; דאס איז געווען א זאך וואס מען האט געקענט איבער־לאזען פאר דער צוקונפט צו בעשליסען.

א טאג אדער צוויי פאר דער לעצטער אבשטימונג וועגען דעם אבמאך, האט א מחנה פיליפינער, אונטער דער פיהרערשאפט פון א פעהיגען איינגע־באָרענעם, עמיליא אגווינאלדא, אטאקירט דיא אמעריקאנער בעפעסטיגונגען אין מאנילא, און זייט דאמאלס איז פאר א צייט אנגעגאנגען א ווידערשטאנד געגען דער אמעריקאנער הערשאפט. דיזע שבטים וואס האבען געקעמפפט געגען אונזער הערשאפט דארט בעלאנגען מייסטענס צו דיא טאגאלען, א מאלאיאישע ראסע, און זיי זיינען א קליינער טייל אין פערגלייך מיט דער איבריגער בע־פעלקערונג פון דיא אינזלען, נור זיי זיינען צווישען דיא פעהיגסטע און פאָרט־געשריטענסטע.

464. דיא קאָסטען פון דער מלחמה; פערלוסטען; דיא געזעל־שאפט פון רויטען קרייץ. — אזוי גיך וויא דער פאריזער אבמאך איז ראטי־פיצירט געוואָרען, האט זיך אפיציעל געענדיגט דיא מלחמה מיט שפאניען. עס איז אונמעגליך צו בערעכענען גענוי וויפיעל דיא מלחמה האט אבגעקאסט דעם לאנד, דיא דירעקטע קאסטען פון דער ארמעע און פון דער פלאָטע האבען בעטראָפען אן ערך פון 115,000,000 דאלער, וועהרענד דיא פערגרעסערטע הוצאות אין דיא אנדערע דעפארטמענטען פון דער רעגיערונג זיינען געווען זעהר גרוים.

קיין מלחמה אין דער געשיכטע פון דעם לאנד איז ניט אבגעגאנגען מיט אזא קליינעם פערלוסט פון לעבענס. דער שונא האט ניט פערכאפט קיין אמע־ריקאנער פלאג, קיין קאנאנע, קיין שיף, און א חוץ האבסען און זיינע חברים איז קיינער ניט גענומען געוואָרען געפאנגען.*)

---

*) דיא צאהל מענשען אין דער ארמעע איז געווען אונגעפעהר 275,000. דער גאנצער פערלוסט אין לעבענס אין דיא שלאכטען איז געווען ווייניגער וויא 400; פון קראנקהייט זיינען געשטארבען א 2900. מען האט זעהר שארף קריטיקירט דיא פיהרונג פון דעם קא־

On the other hand, it was contended that as the islands had come to the nation through the war, they should be retained and the United States should not shirk the difficulties and responsibilities of the situation. It was urged that it was far better for the Filipinos that they should belong to the United States than that they should be left to themselves or returned to Spain; it was, moreover, by no means sure that the islands would have to become a part of the nation in the same sense as one of the territories; that was a matter which could be left for the future to decide.

Aguinaldo.

A day or two before the final vote on the treaty, a body of Filipinos, under Emilio Aguinaldo, a native of ability, attacked the American defences at Manila, and ever since there has been resistance to the American rule. These tribes for the most part belong to the Tagals, a Malay race. They are in minority as regards the whole population, but are among the most able and intelligent.

**464. Cost of the War; Losses; Red Cross Society.** — With the ratification of the Treaty of Paris, the war with Spain officially ceased. It is impossible to calculate the exact cost of the war to the country; but the direct cost of the army and navy was about $115,000,000, while the increased expenditures in other departments of the government was very great.



RED CROSS ARMLET AND FLAG.

Cost of the war.

No war in the history of the country has been carried on with so little loss of life. No American flag or gun or vessel was captured, and no prisoners were taken by the enemy, except Ensign Hobson and his companions.[1]

[1] The number of men in the army was about 275,000. The total loss of life in battle was under 400; that from disease about 2900. The manage-

sovereignty should be secured in the full exercise of their religion.[1]

463. **Senate ratified the Treaty February 6, 1899; Opinions regarding the Treaty.** (1899–1900.) — The President sent the treaty of peace to the Senate January 4, and after four weeks of discussion, it was passed (February 6, 1899) by an affirmative vote of fifty-seven, or one more than the necessary two-thirds majority.

**Treaty ratified.**

The provision which caused the most discussion was that regarding the Philippines. Many felt that to acquire them as a possession meant to plunge the country into great difficulties. Very few of the people of the islands were fit to become citizens; but could they be anything else, if the islands became part of the United States? The ownership of the islands would be likely to involve the country in trouble with European nations. To keep them, it was further stated, would be an entire change of policy for the country, and was opposed to the spirit of the Declaration of Independence. Those holding these views were called "Anti-Imperialists."

**The Philippines.**

[1] Porto Rico, with the three small islands near it, — Culebra and Vieques on the east and Mona on the west, — contains about 3600 square miles, or half as many as New Jersey. According to the census taken by the United States late in 1899, the population was 958,679, about half being whites.

Guam is 5200 miles from San Francisco and 900 from Manila. It is about 32 miles long, and has a population of about 9000. The inhabitants have come from the Philippines. Spanish is the prevailing language. The island is thickly wooded and well watered. It has an excellent harbor.

The Philippines number over 1500 islands, but many of them are small. The land area is estimated at about 116,000 square miles, and the population at about 8,000,000. The inhabitants are mostly Malays, but about thirty races are represented. Luzon, the largest island, has an area of about 44,000 square miles, — about the same as Pennsylvania, — and its population is about 5,000,000. Manila is the largest city, with a population of about 250,000; it has one of the finest harbors in the Pacific.

463. סענאַט ראַטיפיצירט דעם אָבמאַך דעם 6טען פעברואַר, 1899; מיינונגען וועגען דעם אָבמאַך. (1899—1900) — דער פּרעזידענט האָט צוגעשיקט דעם פריעדענס־אָבמאַך צום סענאַט דעם 4טען יאַנואַר, און נאָך פיער וואָכען דעבאַטעס איז דער אָבמאַך אָנגענומען געוואָרען (דעם 6טען פעברואַר, 1899); זיבען און פופציג שטימען זיינען געווען דאַפיר, אָדער מיט איין שטימע מעהר וויא דיא נויטיגע צוויי־דריטעל מאַיאָריטעט.

דיא פּונקטען וואָס האָבען ארויסגערופען דיא מייסטע דעבאַטעס זיינען געווען דיא וואָס האָבען געהאַט צו טהאָן מיט דיא פיליפּינען. פיעלע האָבען גע־דענקט אַז ווען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען קויפט זיי אָב, וועט עס אריינוואַר־פען דאָס לאַנד אין גרויסע שוועריגקייטען. זעהר וועניג פעלקער אויף דיא אינזלען זיינען געווען פּאַסענד צו ווערן בירגער. אָבער וועלן זיי קענען זיין עפּעס אַנדערש, אויב דיא אינזלען וועלן ווערן אַ טייל פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען? עס קען נאָך זעהר מעגליך זיין, אַז ווען זיי געהן איבער אין דיא הענד פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, וועט דאָס נאָך אריינשלעפּען דאָס לאַנד אין מחלוקות מיט דיא אייראָפּעאישע נאַציאָנען. ווידער האָט מען גע־זאָגט אַז ווען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען וועט זיך האַלטען מיט דיא אינזלען, וועט עס מאַכען אַ גאַנצע ענדערונג אין דער פּאָליטיק פון לאַנד און דאָס וועט זיין געגען דעם גייסט פון דער אונאַבהענגיגקייטס ערקלערונג. דיא וואָס האָבען זיך געהאַלטען ביי דיזע מיינונגען, האָבען געהייסען: "אַנטי־אימפּע־ריאַליסטען".*)

איז אַ 32 מייל לאַנג און זיין בעפעלקערונג איז אַן ערך פון 9000 נפשות. דיא איינוואָהנער זיינען אַהין געקומען פון דיא פיליפּינען. דיא הערשענדע שפּראַך איז שפּאַניש. דער אינזעל איז גערדיכט בעדעקט מיט וועלדער און האָט גענוג וואַסער. זיין האַפען איז אַן אויסגעצייכענטער.

דיא פיליפּינען זיינען איבער 1500 אינזלען אין צאָהל, נור אַ סך פון זיי זיינען קליינע. מען שאַצט אַז דער שטח לאַנד אויף זיי דערגרייכט ביז 116,000 קוואַדראַט מייל, און דיא בעפעלקערונג בעשטעהט פון 8,000,000 נפשות. דיא איינוואָהנער זיינען מייסטענס מאַלאַיער, נור דאָרטען זיינען רעפּרעזענטירט אַ דרייסיג ראַסען. דער גרעסטער אינזעל לוזאָן האָט אַ שטח פון 44,000 קוואַדראַט מייל, אַן ערך אַזוי פיעל וויא דער שטאַאַט פענסילווייניא, און דיא בעפעלקערונג פון דעם אינזעל איז 5,000,000. מאַנילאַ איז דיא גרעסטע שטאָט, מיט אַ בעפעלקערונג פון 250,000, און האָט איינעם פון דיא שעהנסטע האַפענס אויף'ן פּאַסיפישען אָקעאַן.

*) דיא גאַנצע פראַגע איז אין אַמעריקאַ געווען גאַנץ נייע און גרויס איז געווען דיא צאָהל פון יענע וואָס האָבען ערנסט געגלויבט אַז דיא פעראייניגטע שטאַאַטען טאָר ניט ווערן אַ קאָלאָניאַלע מאַכט. אין דעם וואַהל־קאַמפּף פון 1900 האָט דיא פראַגע פון "אימפּעריאַליזמוס" געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע.

דיא וויכטיגסטע פונקטען פון דעם אָבמאַך זיינען געווען דיא פאָלגענדע: (1) שפּאַניען זאָגט זיך אָב פון יעדע טענה אויף אויבערהערשאַפט איבער קובא און פון יעדען רעכט אויף דעם דערמאָנטען אינזעל. (2) שפּאַניען טרעט אָב צו דיא פעראייניגטע שטאַאטען דעם אינזעל פּאָרטאָ ריקאָ וויא אויך אַנדערע אינזלען וואָס זיינען דאַמאָלס געווען אונטער שפּאַנישער הערשאַפט אין וועסט אינדיען, און דעם אינזעל גוואַם, צווישען דיא אינזלען וואָס זיינען בעוואוסט אונטער'ן נאָמען מאַריענס אָדער לאַדראָנס. (3) שפּאַניען טרעט אָב צו דיא פעראייניגטע שטאַאטען דעם אַרכיפּעלאַג וואָס איז בעוואוסט אַלס דיא פיליפּינער אינזלען. דיא פעראייניגטע שטאַאטען שטימט איין צו בעצאָלען שפּאַניען צוואַנציג מיליאָן דאָלער אין דעם פערלויף פון דריי מאָנאַטען נאָכדעם וויא ביידע מדינות וועלען גוטהייסען דעם אָבמאַך און יעדע פון דיא מדינות וועט איהם קריגען אַ ראַטיפיצירטען. (4) דיא בירגער רעכטע און דער פּאָליטישער שטאַנד פון דיא געבירטיגע איינוואָהנער אין דיא טעריטאָריען וואָס ווערן אָבגעטראָטען צו דיא פעראייניגטע שטאַאטען דאַרפען בעשטימט ווערן דורך'ן קאָנגרעס. (5) דיא איינוואָהנער פון דיא טעריטאָריען, איבער וועלכע שפּאַניען גיט אויף איהר אויבערהערשאַפט אָדער גיט איבער דיא אויבערהערשאַפט צו דיא פעראייניגטע שטאַאטען, זאָלען זיין פערזיכערט אַז זיי וועלען פריי קענען האַלטען זייער רעליגיאָן.*)

---

*) פּאָרטאָ ריקאָ, צוזאַמען מיט דריי דערבייאיגע קליינע אינזלען — קולעבראַ און וויק צו דער אָסט און מאָנאַ צו דער וועסט — ענטהאַלט אַן ערך פון 3600 קוואַדראַט מייל, אָדער, אין אַנדערע ווערטער, פערנעהמט אַ העלפט פון דעם שטאַאט ניו דזשוירזי. לויט דעם צענזוס וואָס דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָט געמאַכט שפּעט אין 1899 איז דיא בעפעלקערונג פון דיא אינזלען געווען 958,679, אַ העלפט פון זיי ווייסע.

אין 1910 האָט שוין פּאָרטאָ ריקאָ אַליין געהאַט 1,118,012 איינוואָהנער. דער אינזעל איז אַ הונדערט מייל דיא לייננ פון אָסט ביז וועסט און אַן ערך פון פיערציג מייל דיא ברייט ביים וועסטליכען ברעג און עטוואָס שמעלער ביים אָסטליכען ברעג. פּאָרטאָ ריקאָ איז ענטדעקט געוואָרען פון קאָלאָמבוס ביי זיין צווייטער רייזע איבער'ן אַטלאַנטישען אָקעאַן. קורץ נאָכדעם האָבען זיך דאָרט ווייסע אַנגעהויבען בעזעצען, אָבער קיין רוהיגע, פריעדליכע צייטען האָבען דיא איינוואָהנער ניט געהאַט ביז דיא פעראייניגטע שטאַאטען איז דאָרט געוואָרען בעל הבית אין 1898. דיא הויפּט פּראָדוקטען פון דעם אינזעל זיינען צוקער, קאַפע און טאַבאַק. דעם 8טען אויגוסט, 1899 האָט דאָרט אַ שרעקליכער שטורם-ווינד פעראורזאַכט אַ גרויסען חורבן. אונגעפעהר 3500 פּערזאָן האָבען פערלאָרען זייער לעבען און אין אייגענטום איז דער היזק געווען אַ 36 מיליאָן פּעסאָס. דיא איינוואָהנער האָבען ניט געדאַרפט לאַנג וואַרטען אויף הילפע. דיא אַמעריקאַנער האָבען זיך גלייך אָבגערופען. דיא קאַפע אינדוסטריע האָט איבערהויפּט שטאַרק געליטען פון דער קאַטאַסטראָפע. דיא גרעסטע שטאָט פון פּאָרטאָ ריקאָ איז סאַן זשואַן, וועלכע בעזיצט אַ פּרעכטיגען האַפען (זעה בילד אויף דער ענגלישער זייטע 491). דער נאָמען פּאָרטאָ ריקאָ בעדייטעט אין שפּאַניש "רייכער האַפען".

גוואַם איז 2500 מייל ווייט פון סאַן פראַנציסקאָ, און 900 מייל פון מאַנילאַ. דער אינזעל

ber that the Spaniards could agree to the terms proposed by the United States and sign the treaty.

Terms of peace.

The most important provisions of the treaty were: (1) Spain relinquished all claim of sovereignty over and title to Cuba. (2) Spain ceded to the United States the island of Porto Rico and other islands then under Spanish



A Native Market in Manila.
From a photograph.

sovereignty in the West Indies, and the island Guam in the Mariannes or Ladrones. (3) Spain ceded to the United States the archipelago known as the Philippine Islands. The United States agreed to pay to Spain the sum of twenty million dollars within three months after the exchange of the ratifications of the treaty. (4) The civil rights and political status of the native inhabitants of the territories ceded to the United States should be determined by Congress. (5) The inhabitants of the territories over which Spain relinquished or ceded her

The Spanish forces retreated, and the people welcomed the United States troops. The conquest of the island was being pushed forward successfully and rapidly, when news of peace stopped all fighting.

On July 26, the Spanish government, through the French ambassador at Washington, asked upon what terms the United States would make peace. It was more than two weeks before Spain would agree to the terms offered. Meantime Admiral Dewey was blockading Manila harbor and waiting for reënforcements. It was no easy task to secure on the Pacific coast transports enough to carry the large body of troops needed. Though the first body of men had left San Francisco May 25, it was the last of July before the commanding officer, Major-General Wesley Merritt, and Admiral Dewey thought it safe to make a land attack upon the city, and it was not until August 13 that the city surrendered.

Peace negotiations.



GENERAL N. A. MILES.

Manila. surrenders.

**462. Terms of Peace; Treaty signed December 10, 1898.** — On August 12, M. Cambon, the French ambassador at Washington, on behalf of Spain signed the protocol or first draft of a treaty of peace. Orders were at once given to cease hostilities, but before the order could reach the Philippines, Manila had fallen.

The Peace Commissioners appointed by Spain and the United States met at Paris in October (1898) to discuss the terms of peace. It was not until the 10th of Decem-

Peace.

פיהרט דיא אטאקע.*) ער איז ארויפגעשטיגען אויף'ן זידליכען ברעג, וואו מען האָט איהם ניט ערוואַרטעט און ער האָט בעגעגענט זעהר אַ קליינעם ווידער־שטאנד. דיא שפּאַנישע חיל זיינען אַבגעטראָטען און דאָס פּאָלק האָט פריינד־ליך אויפגענומען דיא חיל פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דיא זיעגען אויף דעם אינזעל זיינען אָנגעגאַנגען פּאָרווערטס און ערפאָלגרייך, ווען דיא נייעס ווענען פריעדען איז אָנגעקומען און געמאַכט אַ סוף צו דער מלחמה.

דעם 26טען יולי האָט דיא שפּאַנישע רעגירונג דורך דעם פראַנצויזישען געזאַנדטען אין וואשינגטאָן אָנגעפרעגט אויף וואָס פאַר בעדינגונגען וועט דיא פעראייניגטע שטאאטען שליסען פריעדען. עס האָט געדויערט איבער צוויי וואָכען, איידער שפּאַניען האָט איינגעוויליגט אויף דיא בעדינגונגען וואָס דיא פעראייניגטע שטאאטען האָט געשטעלט. דערווייל האָט אדמיראַל דיואי פערבלאָקירט דעם האַפען פון מאַנילאַ און געוואַרט אויף אַ פערשטאַרקונג. עס איז ניט געווען קיין גרינגע אויפגאַבע צו קריגען אויף'ן פּאַסיפישען ברעג גענוג טראַנספּאָרטען, צו פיהרען אַזוי פיעל חיל, וויא ער האָט געדאַרפט האָבען. הגם דיא ערשטע אַבטיילונג חיל האָט מען צו איהם ארויסגעשיקט פון סאַן פראַנציסקאָ דעם 25טען מאַי, איז שוין געווען סוף יולי ווען דער קאָמאַנדיר. מאַיאָר גענעראַל וועסלי מעריט, און אדמיראַל דיואי האָבען אויסגערעכענט אַז זיי קענען זיכער מאַכען אַן אַטאַקע פון דער יבשה אויף דער שטאָט; און עס האָט געדויערט ניט ווייניגער וויא ביז דעם 13טען אַגוסט ווען דיא שטאָט האָט זיך אונטערגעגעבען.

462. פריעדענס־בעדינגונגען; אָבמאַך אונטערגעשריבען דעצעמ־בער 10, 1898. — דעם 12טען אגוסט האָט מ. קאַמבאָן, דער פראַנצויזישער געזאַנדטער אין וואשינגטאָן, אין דעם נאָמען פון שפּאַניען אונטערגעשריבען דעם פּראָטאָקאָל אָדער דעם ערשטען פּראָיעקט פון אַ פריעדענס־אָבמאַך. בעפעהלע זיינען באַלד ארויסגעגעבען געוואָרען צו ענדיגען אַלע פיינדליכע צוזאַמענשטויסע, אָבער איידער דער בעפעהל האָט דערגרייכט דיא פיליפּינען אינזלען, איז מאַנילאַ געפאַלען.

דיא פריעדענס בעפאָלמעכטיגטע וואָס שפּאַניען און דיא פעראייניגטע שטאאטען האָבען אָנגעשטעלט זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין פּאַריז אין מאָנאַט אָקטאָבער, 1898, און אָנגעהויבען פערהאַנדלען ווענען דיא בעדינגונגען פון פריעדען. נור עס האָט גענומען דיא שפּאַניער ביז'ן 10טען דעצעמבער איינ־צוגעהן אויף דיא בעדינגונגען וואָס דיא פעראייניגטע שטאאטען האָט גע־שטעלט און אונטערצושרייבען דעם אָבמאַך.

---

*) דאָס בילד אויף דער ענגלישער זייטע 493 איז פון דעם הויפּט קאָמאַנדיר, גענעראַל נ. א. מיילס.

זאָנטאָג אין דער פריה, דעם 3טען יולי, האָט אדמיראל סערווערא אויף'ן בעפעהל פון דער שפּאנישער רעגיערונג געמאכט א פערצווייפעלטע אָנשטריינ־גונג, האָט זיך ארויסגעריסען פון דעם האפען און אוועקגעלאָזט זיך מיט זיינע שיפען איבער'ן ים. דיא אַמעריקאנישע פלאָטע האָט גלייך אָנגעהויבען צו שיסען אויף סערווערא'ס שיפען, וועלכע האָבען זיך אוועקגעלאָזט צו דער וועסט, און גענומען נאָכיאָגען זיך נאָך זיי. קוילען און באָמבעס האָבען זיך געשאָטען אויף דיא אנטלויפענדע שיפען, סערווערא האָט געגלויבט אז זיינע שיפען זיינען געשווינדער וויא דיא אמעריקאנישע און ער האָט דאריבער געהאָפט אז איהם וועט פיעלייכט געלינגען צו אנטלויפען. נור דיא האָפנונג איז געוועזען אן אומ־זיסטע. עס האָט קיין פיער שטונדען ניט געדויערט און אלע שפּאנישע שיפען זיינען געוואָרען פערניכטעט. הונדערטע שפּאניער זיינען דער'הרג'ט געוואָרען, און אדמיראל סערווערא מיט זיינע צוועלף הונדערט מאן זיינען גענומען גע־וואָרען געפאנגען. פון דיא אַמעריקאנער איז איינער געפאלען טויט און דריי זיינען פערוואונדעט געוואָרען. דיא אמעריקאנער שיפען זיינען אויך זעהר ווייניג בעשעדיגט געוואָרען.*)

461. סאַנטיאַגאָ גיט זיך אונטער; דיא אַמאַקעס אין פּאָרטאָ ריקאָ; שפּאַניען בעט צו מאַכען שלום; מאַנילאַ פאַלט. (1898) — דיא שפּאניער האָבען לייִנגער ניט געקענט אָנהאַלטען דיא שטאָט סאנטיאגאָ. דיא קובאנער רעוואָלוציאָנערן האָבען פערנומען דיא וועגען, דורך וועלכע מען האָט געקענט שיקען הילף קיין סאנטיאגאָ, דיא אַמעריקאנער חיל זיינען שוין צוגעקומען נאָהענט צו דער שטאָט, סערווערא'ס שיפען זיינען שוין געוועזען פערניכטעט, און דיא פלאָטע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען האָט פערבלאָקירט דעם האפען. דער שפּאנישער גענעראל האָט דעם 17טען יולי אונטערגעגעבען דיא שטאָט צוזאַמען מיט'ן גאנצען מזרח טייל פון דעם אינזעל.

נאָך סאנטיאגאָ האָבען זיך דיא אַמעריקאנער גענומען צו אַטאַקירען פּאָרטאָ ריקאָ.**) דער הויפּט קאָמאנדיר, מאיאָר גענעראל מאילס, האָט אָנגע־

*) דיא שפּאנישע פלאָטע איז בעשטאנען פון פיער שיפען און צוויי טארפעדא-שיפען. קיין איינציגע פון דיא פיער איז ניט געווען קיין קריעג-שיף. דיא אמעריקאנער פלאָטע אין דער צייט פון דער אטאקע איז בעשטאנען פון אכט שיפען, פיער פון זיי קריעג-שיפען. סערווערא'ס איינציגע האָפנונג איז געלעגען אין גיכקייט, און ער האָט געוואוסט אז דער גרעסטער טייל פון זיין פלאָטע וועט וואהרשיינליך געהן פערלארען, נור ער האָט געמוזט פאָלגען דעם בעפעהל.

**) אדמיראל סעמפסאן האָט שוין פריהער באמבארדירט סאן זשואן פון דער נארדליכער זייט, נור דער רעזולטאט פון דער שלאכט איז געבליבען אונבעשטימט.

Spanish troops having been forced back, an assault upon the city was planned.

Destruction of Cervera's fleet.

On Sunday morning, July 3, Admiral Cervera, under orders from the Spanish government, made a desperate dash out of the harbor and put to sea. At once the American fleet opened fire and pursued the Spanish vessels, which had turned toward the west. Shot and shell were poured upon the flying ships. Cervera believed that his vessels were so much swifter than the American ships that there was some hope of escape. It was a vain hope; in less than four hours every Spanish ship was destroyed. Hundreds of the Spaniards were killed, and Admiral Cervera and about twelve hundred of his men were made prisoners. The Americans lost one killed and three wounded, and their vessels suffered little injury.[1]

Santiago surrendered.

**461. Surrender of Santiago; Porto Rico Campaign; Spain sues for Peace; Fall of Manila.** (1898.)—The city of Santiago was now untenable. Cuban insurgents held the roads by which reënforcements might come; the American lines were close to the city; Cervera's fleet was destroyed and the United States fleet blockaded the harbor. The Spanish general surrendered the city July 17, with all the eastern part of the island.

Porto Rico campaign.

Porto Rico was the next point of attack.[2] The direction of the campaign was given to Major-General Miles, the commander-in-chief. Landing on the southern coast, where he was not expected, he met with little opposition.

[1] The Spanish fleet consisted of four vessels, none of which were battleships, and two torpedo-boat destroyers. The American fleet consisted, at the time of the action, of eight vessels, four of them battleships. Cervera's only hope lay in speed, and he knew that most of his fleet would probably be lost, but he was compelled to obey orders.

[2] Admiral Sampson had already bombarded San Juan on the northern coast, but the action was indecisive.

not many miles from the city, and the advance against the enemy was almost immediately begun.

The conditions were very unfavorable: the tropical heat was terrible; the close, rank undergrowth made advance slow, and hid the enemy from view; the bad roads made



SAN JUAN HARBOR.

View from Casa Bianca, Ponce de Leon's House.

it difficult to move the heavy guns, and prevented the prompt forwarding of food supplies. In addition to all this, the rainy season had begun.

A vigorous attack, July 1 and 2, upon the Spanish at El Caney and San Juan resulted in victory for the Americans. El Caney and San Juan.

**460. Destruction of Cervera's Fleet. (1898.)** — The

דיא אומשטענדען זיינען געווען זעהר ניט גינסטיג: דיא טראָפּישע היץ איז געווען שרעקליך; דיא געדיכטע גראָבע קוסטעם האָבען געשטערט דעם גאַנג און פערשטעלט דעם שונא אזוי אז מען האָט איהם ניט געקענט זעהן; איבער דיא שלעכטע וועגען איז געווען שווער צו פיהרען דיא קאַנאָנען און מען האָט ניט געקענט צושטעלען אזוי גיך דעם פּראָוויאַנט פאַר דער ארמעע; און אלס א צוגאָב האָט זיך נאָך דאַמאָלס אָנגעהויבען דער רעגענדיגער סעזאָן.

דעם 1טען און 2טען יולי איז פאָרגעקומען א שטאַרקע אטאַקע אויף דיא שפּאַניער אין על קאַני און סאַן זשואַן און דיא שלאַכט האָט זיך געענדיגט מיט א זיעג פאַר דיא אמעריקאַנער.*)

460. סערווערא'ס פלאָטע פערניכטעט.**) (1898) — נאָכדעם וויא דיא שפּאַנישע חיל זיינען צוריקגעשטויסען געוואָרען האָבען דיא אמעריקאַנער געפּלאַנעוועט צו מאַכען אַן אטאַקע אויף דער שטאָט.

*) דיא שפּאַנישע חיל, אונטער גענעראל ליגאַרעס, זיינען געווען גאַנץ שטאַרק בעפעסטיגט אויף'ן בארג סאַן זשואַן און ביים דארף על קאַני, און דאָס האָט פאַר זיי געמאַכט מעגליך צו וועהרען זיך געגען א מאַכט וואָס איז געווען פיעל גרעסער אין צאָהל. עטוואָס איבער 500 שפּאַנישע סאָלדאַטען ביי על קאַני האָבען פאַר ניין שטונדען לאַנג צוריקגעהאַלטען א 4500 אמעריקאַנער סאָלדאַטען. צום סוף, נאַטירליך, זיינען דיא מעהרסטע שפּאַניער געפאַלען אין שלאַכט און ווייניגער וויא א דריטעל פון זיי איז געלונגען צו אַנטלויפען אין דער שטאָט סאַנטיאַגא. גענעראל וואַרא דעל רעי און זיינע צוויי זיהן זיינען אין דיעזער שלאַכט געפאַלען טויט. דער בארג פון סאַן זשואַן איז פערטיידיגט געוואָרען פון א 700 שפּאַנישע סאָלדאַטען און דיא אמעריקאַנער חיל האָבען געהאַט א גאַנץ שווערען קאַמפּף. דאָ האָט זיך אין דער אטאַקע שטאַרק אויסגעצייכענט דער "ראַף ריידערס" רעגימענט, אונטער דער קאָמאַנדע פון קוירנעל לעאָנאַרד וואוד און לייטענאַנט-קוירנעל טעאָדאָר רוזוועלט. אין דיעזער שלאַכט איז גענעראל ליגאַרעס שווער פערוואונדעט געוואָרען. א העלפט פון דיא שפּאַנישע חיל זיינען געפאַלען טויט אָדער פערוואונדעט, וועהרענד פון דיא 15,000 אמעריקאַנער חיל זיינען א 1500 געפאַלען טויט אָדער פערוואונדעט.

**) אדמיראל סערווערא, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אין 1839, איז ערצויגען געוואָרען אלס זעע-מאַן און איז געווען פערערכענט פאַר א זעהר פעהיגען קאָמאַנדיר. ער איז געווען עהרליך און געטריי צו זיין פאַטערלאַנד. אין 1892 איז ער געווען א קורצע צייט מארין מיניסטער. ווען ער איז מיט זיינע שיפען אריין אין האַפען פון סאַנטיאַגא האָט ער גוט געוואוסט אז ער טאָר פון דאָרט ניט ארויסקריכען, ווייל זיינע שיפען זיינען ניט שטאַרק גענוג צו מעסטען זיך אין כוחות מיט דיא אמעריקאַנער. אָבער געגען זיין ווילען האָט מען איהם פון מאַדריד געהייסען נעהמען דעם וועג. ווען ער האָט נאָך דער מלחמה צוריקגעקעהרט אהיים האָט מען איהם און דיא אַנדערע אָפיצירען געשטעלט פאַר א קריעגס-געריכט. וועלכער האָט זיי פריינגעשפּראָכען. אין 1903 איז ער ערנאַנט געוואָרען סענאַטאָר אויף'ן לעבען לאַנג. ער איז געשטאָרבען אין 1909.

— דערווייל איז קובא נאָך אַלץ געווען פערבלאָקירט און פּאָרבערייטונגען זיינען געמאַכט געוואָרען פאַר אַ קאַמפּף אויף דער יבשה, אויף דעם אינזעל. מען האָט גיך צוזאַמענגערופען חיל פון אַלע עקען פון דיא פעראייניגטע שטאַא־טען צום אַטלאַנטישען ברעג, און אין פיעלע פעלעצער האָט מען געמאַכט גרויסע לאַגערן צום מושטירען און אָרגאַניזירען דיא פרייוויליגע סאָלדאַטען. אין דיענסט זיינען אריינגעטראָטען אַ צוויי הונדערט טויזענד יונגע לייט; זיי זיינען געווען פון אַלע שיכטען פון דער געזעלשאַפט, אויך וועטעראַנען פון דער פעדעראַלער און קאָנפעדעראַטען אַרמעען זיינען אריין אַלס פרייוויליגע.*)

סאַנטיאַגאָ איז שוין געווען פערבלאָקירט ביים ים, און עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו אַטאַקירען איהר פון דער יבשה.**) אַן אַרמעע פון זעכצעהן טויזענד מאַן, אונטער גענעראַל וויליאַם ר. שעפטער, האָט געלאַנדעט אויף׳ן אינזעל עטליכע מייל ווייט פון דער שטאָט, און דיא אַטאַקע אויף׳ן שונא האָט זיך כמעט גלייך אָנגעהויבען.

---

*) באַלד נאָכדעם וויא עס האָט זיך אָנגעהויבען דיא מלחמה האָבען קוירנעל לעאָנאַרד וואוד (וועלכער איז שוין זייט דאַן געוואָרען גענעראַל) און טהעאָדאָר רוזוועלט, וועלכער איז דאַמאָלס געווען געהילפס מארין־סעקרעטער (און זייט דאַמאָלס גאָווערנאָר פון ניו יאָרק, וויס־פּרעזידענט און פרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען), פרייוויליג זיך ארויס־גערופען צו פאָרמירען אַ רעגימענט קאַוואַלעריע. ביידע זיינען געווען גוט בעקאַנט אין דער וועסט, און באַלד האָבען זיך אָן זיי אָנגעשלאָסען דיא פּיה־הירטען פון דיא פּליינס און פון טעקסעס, מענשען וואָס צייכנען זיך אויס אַלס רייטער, אויך פיעלע רייכע יונגע לייט פון דיא אָסט שטאַאטען. דיזער רעגימענט איז געווען בעוואוסט אַלס ״רוזוועלט׳ס ראַף ריידערס״ (דאָס הייסט, רוזוועלט׳ס כוואַטסקע רייטער).

**) אויף דער ענגלישער זייטע 490 איז אַ בילד פון אָסט קובא, קאָפּירט פון אַ פאָ־טאָגראַפיע.

דיא שטאָט סאַנטיאַגאָ האָט אַ היבשע היסטאָריע הינטער זיך. זיא איז געגרינדעט געוואָרען אין 1514 און איז באַלד צוליב איהר פּרעכטיגען האַפען געוואָרען אַ זעהר וויכטיגער האַנדעלס צענטער. זיא איז פאַר אַ האַלבען יאָהרהונדערט געווען דיא הויפּט־שטאָט פון קובא. אין 1589 איז האַוואַנאַ געוואָרען דיא הויפּט־שטאָט. סאַנטיאַגאָ איז אין זעכצעהנטען יאָהר־הונדערט אַטאַקירט געוואָרען פון פראַנצויזישע פּיראַטען און אין זיבצעהנטען יאָהרהונדערט איז זיא אַטאַקירט געוואָרען פון אַן ענגלישער מאַכט. אין 1741 האָבען ענגלענדער אַ צווייטען מאָל פּרובירט איינצונעהמען דיא שטאָט, אָבער דער קלימאַט צו וועלכען זיי זיינען ניט געווען געוואוינט האָט פיעלע פון זיי אויסגע׳הרג׳עט און דיא איבעריגע האָבען זיך אָבגעטראָגען. אין 1827 האָט שוין דיא שטאָט געהאַט 27,000 איינוואוינער. דער גוטהערציגער דר. פראַנצעסקאָ אַנטאָמאַרטשי, וועלכער האָט געהיילט נאַפּאָלעאָן דעם גרויסען ביי זיין לעצטער קראַנקהייט, איז געשטאָרבען אין סאַנטיאַגאָ אין 1838, און אויף זיין קבר איז אויפגעשטעלט אַ מאָנומענט אויס עהרע צו זיין אָנדענקען. דיא ״ווירדזשיניוס״ אַנגעלעגענהייט (זעה פּאַראַגראַף 450) איז פערבונדען מיט סאַנטיאַגאָ.

island. Troops were hurried from different points in the United States to the Atlantic seaboard, and great camps established at various places for drilling and organizing the volunteers. About two hundred thousand men entered the service; young men of all ranks, and also



A VIEW IN EASTERN CUBA.
From a photograph.

veterans of the Federal and Confederate armies, quickly volunteered.[1]

Santiago campaign.

Santiago was already blockaded by sea, and it was determined to attack it by land. An army of sixteen thousand men under General William R. Shafter was landed

[1] Soon after the beginning of hostilities, Colonel Leonard Wood, since General, and Theodore Roosevelt, since governor of New York, and Vice-President of the United States, but then Assistant Secretary of the U. S. Navy, volunteered to aid in raising a regiment of cavalry. Both were well known in the West, and many "cowboys" from the plains and from Texas joined the regiment, with many wealthy young men from the East. This body was known as "Roosevelt's Rough Riders."

battleship *Oregon*, which was on her way from San Francisco to the Atlantic coast?[1]

Cervera's fleet.

Cervera sailed, and the first news of him was that he had reached Martinique; then he went to Curaçao, a Dutch island off the coast of Venezuela.

Cervera at Santiago.

Swift steamers searched the Caribbean Sea to find him, until it was learned that he had put into the harbor of Santiago, on the southern coast of Cuba. Here he was at once blockaded by the fleets of Sampson and Schley.

The entrance to the harbor is through a narrow, winding channel, from whose shores rise lofty hills. In order to obstruct the channel it was determined to sink a vessel in the narrowest part. This difficult feat was intrusted to Ensign Richmond P. Hobson and six men. They performed their dangerous task, notwithstanding a severe fire from the Spanish land batteries. They were captured, but Admiral Cervera was so moved by their bravery that he sent word to the Americans that they were safe and would be well treated.[2]

Santiago campaign.

**459. Santiago Campaign; El Caney and San Juan. (1898.)** Meanwhile the blockade of Cuba had been kept up, and preparations made for a land campaign in the

[1] The battleship *Oregon* was stationed on the Pacific coast, but after the destruction of the *Maine*, it was thought best to order her to the Atlantic. She sailed from San Francisco March 19, 1898, on her voyage round Cape Horn, — a distance of about 15,000 miles. It was feared that she might be attacked before her commander knew that war had begun, and the news of war was telegraphed to every port at which she might call. She made the long voyage in safety, reaching Florida May 25, and at once took her place in the attacking fleet and did effective service.

[2] Just as Hobson was about to sink the *Merrimac*, the vessel chosen, a shot from the Spaniards broke her rudder chains so that she could not be steered. Owing to this fact, she sank too far within the harbor, and failed to obstruct the channel as had been planned. Hobson and his companions, some weeks later, were exchanged for Spanish prisoners.

דיא פעראייניגטע שטאאטען, וואס איז געווען אויף'ן וועג פון סאן פראנציסקא צום אטלאנטישען ברעג?*)

סערווערא איז מיט זיין פלאטע אבגעפאהרען און דיא ערשטע נייעס וועגען איהם איז געווען אז ער האט דערגרייכט דעם אינזעל מארטיניק. דאן איז ער אוועק נאך קוראקאא, א האלענדישער אינזעל, ניט ווייט פון דעם ברעג פון ווענעזועלא. שנעלע דאמפפערס האבען זיך אוועקגעלאזט זוכען איהם איבער'ן קאראאיבישען ים און זיי האבען אויסגעפונען אז סערווערא מיט זיינע שיפען איז אריין אין דעם האפען פון סאנטיאגא. דאס איז אויף'ן זידליכען ברעג פון קובא. דא האבען איהם גלייך פערבלאקירט סעמפסאן'ס און שלעי'ס פלאטען.

דער אריינגאנג צום האפען איז דורך א שמאלען, געדרעהטען קאנאל, און פוןביידע ברעגען פון דעם קאנאל ציהען זיך הויכע בערג. אום צו פערשפארען דעם קאנאל איז בעשלאסען געווארען צו זינקען א שיף אין דעם שמאלסטען פלאץ. דער אונטער-לייטענאנט ריטשארד פ. האבסאן איז בעאויפטראגט גע־ווארען צו בעווייזען דעם שווערען העלדען-טהאט. ער און זעקס מאטראזען האבען אויסגעפיהרט זייער געפעהרליכע אויפגאבע, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס פון דיא שפאנישע לאנד באטערעען האט מען זיי בעגעגענט מיט א שווערער שיסעריי. מען האט זיי געכאפט, נור אדמיראל סערווערא איז געווען אזוי געריהרט פון זייער העלדען-טהאט אז ער האט געלאזט וויסען דיא אמעריקאנער אז האבסען און זיינע מענשען זיינען אויסער געפאהר און אז זיי וועלען גוט בעהאנדעלט ווערן.**)

## 459. דער קאמפף ביי סאנטיאגא; על קאני אין סאן זשואן. (1898)

*) דאס קריעג-שיף "ארעגאן" איז געשטאנען ביים פאסיפישען ברעג. נאכדעם וויא דיא "מעין" איז אויפגעריסען געווארען, האט מען געדענקט אז עס וועט זיין א סך גלייכער צו געבען דער "ארעגאן" א בעפעהל איבערצוגעהן אין דעם אטלאנטישען אקעאן. דאס שיף האט אבגעזעגעלט פון סאן פראנציסקא דעם 19טען מערץ, 1898, אויף דער רייזע ארום דעם קאפ הארן, א שטרעקע פון א פופצעהן טויזענד מייל. מען האט מורא געהאט אז דיא שפאנישע שיפען זאלען איהר ניט אטאקירען איידער דער קאמאנדיר פון דעם "ארעגאן" וועט זיך דער־וויסען אז א קריעג האט אויסגעבראכען, און דיא נייעס וועגען דער מלחמה איז טעלעגרא־פירט געווארען צו יעדען האפען, וואו דער "ארעגאן" האט זיך נור געקענט אבשטעלען. דיא "ארעגאן" האט געמאכט דיא לאנגע רייזע אהן א שום שטערונג און איז אנגעקומען קיין פלארידא דעם 25טען מאי. דאס שיף האט זיך באלד פעראייניגט מיט דער אטאקירענדער פלאטע און האט אין דער מלחמה געטהאן גוטע דיענסט.

**) דעם דאמפפער וועלכען האבסען האט אויסגעקליבען צום פערשפארען דעם אריינגאנג פון דעם סאנטיאגא'ער האפען האט געהייסען "מעריטאק". א קויל פון דיא שפאניער האט צוריסען דיא קייט פון זיין רודער אזוי אז מען האט דעם דאמפפער מעהר ניט געקענט קעהרעווען. איבער דעם איז דער דאמפפער געזונקען צו ווייט אין דעם האפען, און ער האט דאריבער ניט פערשפארט דעם קאנאל, וויא מען האט געפלאנעוועט. האבסען און זיינע מענשען האט מען אין א פאאר וואכען ארום אויסגעביטען אויף שפאנישע געפאנגענע.

אויב ווען עס איז האט איבערהויפט אזא זאך פאסירט, האט מען אזוי פיעל געוואונען מיט אזא ווייניגען פערלוסט פון לעבענס און שיפען. דער קאנגרעס האט געמאכט דיואי'ן פאר אן אונטער אדמיראל, האט בעשלאסען צו בעדאנקען איהם און צו געבען איהם א שווערד.*)

דיואי האט זעהר גרינג געקענט איינגעהמען דיא שטאט מאנילא, נור אזוי וויא ער האט ניט געהאט גענוג קראפט צו האלטען איהר, האט ער געווארט אויף מעהר חיל. דערווייל'ע האט ער פערבלאקירט דעם האפען.**)

458. **אדמיראל סערוועראס פלאטע; האפען פון סאנטיאגא; האבסען'ס טהאט.** (1898) — מיט דער פערניכטונג פון דער שפאנישער פלאטע אין מאנילא האט אויפגעהערט דיא מורא אין דיא פעראייניגטע שטאאטען אז דיא שפאניער וועלען אטאקירען דיא שטאאטען ביים ברעג פון פאסיפישען אקעאן. נור דיא שפאנישע אטלאנטישע פלאטע איז געווען לעבען דיא קעיפ ווערד אינזלען, און קיינער האט ניט געוואוסט, וואוהין זיא קלייבט זיך צו געהן. וועט איהר קאמאנדיר, אדמיראל סערווערא, באמבארדירען אן אמעריקאנישע שטאט? וועט ער זיך דורכרייסען דורך דיא אמעריקאנער שיפען וואס האבען פערבלאקירט קובא? וועט ער אטאקירען דיא אמעריקאנישע פלאטע? וועט ער מאכען א פערזוך צו בעגעגענען דאס קריעגס-שיף "ארעגאן", פון

*) באלד נאך דער מלחמה איז דיואי געמאכט געווארען אדמיראל, וועלכע איז דער העכסטער ראנג אין דער פלאטע.

**) דאס בילד אויף דער ענגלישער זייטע 488 איז פון דער שטאט מאנילא און פון דעם טייך פאסיג און ווייזט דעם שטיינערנעם בריק וואס פערבינדט דיא שטאט מיט'ן פאר-שטאט בינאנדא. אויך זעהט זיך אין פאדערגרונד דער מאדזשעלאן מאנומענט.

דיא איצטיגע שטאט מאנילא איז געגרינדעט געווארען אין 1571. פאר דעם איז דארט אויך געווען א שטעטיל איבער וועלכער עס האט געהערשט א מאהמעדאנישער הויפטלינג. אין 1572 איז דיא שטאט אטאקירט געווארען פון כינעזישע פיראטען, וועלכע זיינען געווען מעהר אין צאהל וויא דיא שפאניער; זיי זיינען אבער ענדליך צוריקגעטריבען געווארען. אין 1590 האבען דיא שפאניער אנגעפאנגען בויען דיא בעשיצונגס-וואנד וועלכע שטעהן נאך איצט. ביים אנפאנג פון 17טען יאהרהונדערט איז מאנילא געווארען דיא הויפט האנדעלס-שטאט פון דעם ווייטען מזרח. אבער וואס שוואכער שפאניען האט אנגעהויבען ווערן אין אייראפא אלץ א קלענערע ראלע האט אנגעהויבען שפיעלען מאנילא. אין 1762, בעת א מלחמה צווישען ענגלאנד און שפאניען, איז דיא שטאט אריינגעפאלען צו דיא ענגלענדער. אבער נאך'ן פריעדענס אבמאך איז דיא שטאט אומגעקעהרט געווארען צו שפאניען. אין 1837 איז דער האפען פון מאנילא געעפענט געווארען פאר'ן אויסלענדישען האנדעל און דיא שטאט האט אנגעהויבען וואקסען אין בעפעלקערונג און רייכטהום. דיא בעפעלקערונג אין 1903 איז געווען 219,928.

if ever, had so much been won with so little loss of life and ships. Congress made Dewey a rear admiral, gave him a vote of thanks, and voted him a sword.[1]

Dewey could easily have taken the city of Manila, but as he had not force enough to hold it, he waited for more troops. Meantime he blockaded the harbor.



MANILA AND THE PASIG RIVER.

Showing the Magellan Monument and the Stone Bridge connecting the walled city with Binondo.

Cervera's fleet.

**458. Admiral Cervera's Fleet; Santiago Harbor; Hobson's Feat.** (1898.) — The destruction of the Spanish fleet at Manila relieved the Pacific coast of the United States from fear of attack. The Spanish Atlantic fleet, however, was at the Cape Verde Islands, and no one knew where it might go. Would Admiral Cervera, its commander, bombard one of the American cities? Would he break the blockade? Would he attack the American fleet? Would he try to meet and destroy the United States

[1] Soon after the war, Dewey was made admiral, the highest rank in the navy.

the guns of the batteries at Cavité, a few miles from Manila.

The Spaniards knew that he had left Hong-Kong, but he came sooner than he was expected and caught them unaware. He had planned to do this so that he might choose his own time for attack. As soon as he reached Manila Bay he opened upon the Spanish fleet a terrible fire of shot and shell. His fire was answered vigorously from the war vessels and the shore batteries, but the guns of the enemy were not well aimed and their shot did little damage. After a sharp fight of about two hours, Dewey withdrew his fleet, in order, it is said, to give his men time for breakfast, but more likely to see how his ammunition was holding out.



Admiral Dewey.

From a photograph, 1899.

Dewey at Manila Bay, May 1, 1898.

After three hours he returned to the attack. By this time most of the Spanish vessels were in flames. An hour later the Spanish "batteries were silenced, and the ships sunk or burned, and deserted." In the conflict the Spaniards lost every vessel, and hundreds of men were killed, wounded, and missing. No American was killed, and but six were wounded; while no American vessel was seriously damaged.[1]

The battle of Manila was a great naval action; seldom,

[1] The American fleet was much smaller than the Spanish, but the ships were larger and more formidable. On the other hand, the Spanish ships were protected by the land batteries.

מאי. דיא באטערעען פון קאוויטע, וועלכע איז עטליכע מייל ווייט פון מאנילא, האבען בעשיצט דיא שפאנישע פלאטע וואס האט זיך געפונען אין דעם האפען.

דיא שפאניער האבען געוואוסט אז דער אמעריקאנער סקאדראן איז אוועק פון האנג־קאנג, נור דיואי איז אנגעקומען א סך גיכער וויא זיי האבען גערע־כענט און ער האט זיי געכאפט ווען זיי האבען זיך אויף איהם גאר ניט גע־ריכט.*) ער האט אויסגערעכענט אזוי, אז ער זאל אליין קענען בעשטימען דיא צייט, ווען ער זאל מאכען דיא אטאקע. אזוי גיך וויא ער איז צוגעקומען צום האפען פון מאנילא, האט ער א רעגען געטהאן אויף דיא שפאנישע שיפען מיט א שרעקליכען פייער פון קוילען און באמבעס. דיא שפאניער האבען גע־ענטפערט אויף דעם מיט א שיסעריי פון זייערע קריעגס־שיפען און פון דיא באטערעען אויף'ן ברעג. נור דיא קוילען פון זייערע קאנאנען האבען ניט גע־טראפען אין ציעל און האבען זעהר ווייניג שאדען געטהאן. דער שארפער קאמפף האט געדויערט אן ערך פון צוויי שטונדען. נאך דעם האט דיואי צור־ריקגעצויגען זיין פלאטע. מען זאגט אז ער האט עס געטהאן מיט'ן צוועק צו געבען זיין מאנשאפט צייט צו עסען פריהשטיק. נור עס איז מעגליכער אז ער האט געוואלט זעהן וואו ער האלט מיט זיין אמוניציע.

נאך דריי שטונדען ארום האט ער זיך צוריקגעקעהרט און אנגעהויבען דיא אטאקע פון דאס ניי. ביי דער צייט זיינען שוין דיא מייסטע שפאנישע שיפען געוועזן ארומגעכאפט פון פלאמען. אין א שטונדע ארום זיינען דיא שפאנישע "באטערעען פערשטומט געווארען און דיא שיפען זיינען געזונקען, געברענט אדער פערלאזען געווארען". אין דער שלאכט האבען דיא שפאניער פערלארען אלע שיפען, הונדערטע מענשען זיינען דער'הרג'ט, פערוואונדעט אדער פער־לארען געווארען. קיין איין אמעריקאנער איז ניט דער'הרג'ט געווארען, נור זעקס זיינען פערוואונדעט געווארען, און קיין אמעריקאנער שיף איז ניט שטארק בעשעדיגט געווארען.**)

דיא שלאכט פון מאנילא איז געוועזן א גרויסער פלאטען־קאמפף. זעלטען,

*) דאס בילד אויף דער ענגלישער זייטע 487 איז פון אדמיראל דיואי, גענומען אין 1899.

**) דיא אמעריקאנער פלאטע איז געוועזן א סך קלענער וויא דיא שפאנישע, נור דיא שיפען זיינען געוועזן גרעסער און פורכטבארער. פון דער צווייטער זייט זיינען דיא שפאנישע שיפען געוועזן בעשיצט פון דיא באטערעען אויף דער יבשה.

ארויפגעלייגט א שטייער אויף פיעלע זאכען.*) דער שטייער איז געווען זעהר ערפאלגרייך און האט איינגעבראכט א גרויסע סומע געלד יעדען יאהר.

456. **דיא פלאטע; קובא פערבלאקירט; דיא ברעגעם פון דיא פעראייניגטע שטאאטען בעשיצט.** (1898) — עס איז געווארען קלאר אז דיא מייסטע שלאכטען וועלן פארקומען אויסערהאלב דיא פעראייניגטע שטאאטען און אז דיא פלאטע וועט אין דעם קריעג נעהמען א וויכטיגען אנטייל. דער פרעזידענט האט ארויסגעלאזט א פראקלאמאציע, אין וועלכער ער האט ערקלערט א גרויסען טייל פון דעם ברעג פון קובא פערבלאקירט. קאפיטאן וויליאם ט. סעמפסאן (שפעטער אדמיראל) איז בעאויפטראגט געווארען אויסצופיהרען דעם בעפעהל. דיא רעגיערונג האט ערווארטעט אז דיא שפאניער וועלן אטאקירען דעם אטלאנטישען ברעג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען און האט אוועקגעשטעלט א סקאדראן קריעגס־שיפען לעבען דער פעסטונג מאנרא, אונטער קאפיטאן ווינפילד ס. שלעי (וועלכער איז אויך שפעטער געווארען אדמיראל). דערוויילע האבען דיא שנעלסטע שיפען פאטרולירט דעם ברעג און האבען געדארפט לאזען וויסען אויב שפאנישע שיפען קומען. אין יעדען האפען פון טעקסעס ביז מעין האט מען אונטער'ן וואסער געלייגט מינען, וועלכע מען וואלט אויפגעריסען אין פאל שפאנישע שיפען זאלען מאכען אן אטאקע. אין אלטע פעסטונגען האט מען אריינגעשטעלט חיל, קאנאנען האט מען אויסגעשטעלט פערטיג צום געברויך, און מען האט שטארק געהיט צו עס ווייזט זיך ניט דער שונא.

457. **מלחמה אויף'ן פאסיפישען אקעאן; דיואי'ס זיעג ביי מאנילא.** (1898) — ווען דיא מלחמה איז ערקלערט געווארען האט קאמאדאר דזשארדזש דיואי קאמאנדירט דעם אזיאטישען סקאדראן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען; דער סקאדראן איז דאמאלס געשטאנען לעבען האנג־קאנג, כינא. ער האט געקראגען א בעפעהל דורך'ן טעלעגראף ער זאל גלייך פאהרען צו דיא פיליפינער אינזלען און "כאפען אדער פערניכטען דיא שפאנישע פלאטע" וואס האט זיך דארטען געפונען.

ער איז אריין אין דעם בעי פון מאנילא זאנטאג אין דער פריה, דעם 1טען

---

*) דער שטייער איז אין פיעלע פעלע איינגעצאהלט געווארען דורך מארקען וואס מען האט געקראגען צום קויפען נור פון דער רעגיערונג. פאטענטירטע מעדיצינען, זאכען וואס מען ברויכט צום טואלעט און דאס גלייכען, האבען געמוזט האבען אויף זיך דיא מארקעס, איידער מען האט זיי געקענט פערקויפען, וועהרענד טשעקס, היפאטעקען און פיעלע אנדערע דאקומענטען האבען געדארפט האבען דיא מארקעס אז זיי זאלען זיין געזעצליך. א שווערן ארצאל האט מען אויך ארויפגעלייגט אויף ירושות.

War Revenue Act.

articles.[1] This act was successful in bringing in a large sum of money every year.

The navy.

**456. The Navy; Blockade of Cuba; United States Coast Defences.** (1898.) — It was clear that most of the fighting would take place outside of the United States and that the navy would take an important part. The President issued a proclamation declaring the blockade of a large part of the coast of Cuba. The carrying out of this order was given to Captain (afterward Admiral) William T. Sampson. In anticipation of an attack upon the Atlantic coast of the United States, a squadron of war vessels, under Captain (afterward Admiral) Winfield S. Schley, was stationed at Fortress Monroe. Meanwhile the swiftest vessels in the navy patrolled the coast to give warning of the coming of any Spanish ships. Every harbor from Texas to Maine was laid with submarine mines to be used in case of attack. Old forts were manned, guns placed in position, and a watch was kept for the approach of the enemy.

Blockade of Cuba.

War in the Pacific.

**457. War in the Pacific; Dewey's Victory at Manila.** (1898.) — When war was declared, Commodore George Dewey was in command of the United States Asiatic squadron then lying at Hong-Kong, China. He was ordered by cable to proceed at once to the Philippine Islands, and "capture or destroy the Spanish fleet," which was there.

He entered Manila Bay early Sunday morning, May 1. The Spanish fleet lying in the harbor was protected by

[1] The tax was paid in many cases by means of stamps which could be bought only of the government. Patent medicines, toilet articles, etc., were required to bear stamps, before they could be sold, while bank checks, mortgages, and many other documents had to be stamped to be legal. Heavy taxes were also placed on legacies.

when that is accomplished, to leave the government and control of the island to its people."

These resolutions were cabled to the American Minister in Madrid, who was directed to inform the Spanish government that an answer must be given by April 23. Before he could see the Spanish authorities, his passports were sent to him. This action meant that Spain would have no intercourse with the United States. It meant war. Congress, April 25, declared that war existed between the United States and Spain.

War with Spain, 1898.

**455. Public Opinion in the United States; Preparation for the War.** (1898.) — Public opinion in the United States had been much divided in regard to the Cuban difficulties. Many persons felt that, while war was almost sure to come, wisdom required delay. The army and navy were not ready and the rainy season was almost at hand, when the Cuban climate would be very hurtful to Americans. Some thought that all efforts for a peaceful solution of the troubles had not been tried. Others believed that war would be unjustifiable. But the division was in no sense sectional. When the war broke out, from all parts of the country men enlisted in the army and navy. More closely united than at any time since 1861, North and South, East and West, stood side by side in support of the government.

Public opinion in the United States.

Congress gave the Secretary of the Treasury the authority to borrow $200,000,000. When the loan was advertised, more than seven times the amount called for was offered.

This loan would supply funds for a short time, but much more would be needed. Congress therefore passed a "War Revenue Act" like the Internal Revenue Acts of the Civil War; this act provided for taxes on numerous

"War Revenue Act."

דיזע רעזאָלוציאָנען האָט מען טעלעגראַפירט צום אַמעריקאַנער געזאַנדטען אין מאַדריד און ער איז בעאויפטראַגט געוואָרען צו לאָזען וויסען דער שפּאַ־נישער רעגיערונג אַז ביז דעם 23טען אַפּריל מוז זיא געבען אַן ענטפער. איידער ער האָט צייט געהאַט צו זעהן זיך מיט די שפּאַנישע בעאַמטע, האָט מען איהם צוגעשיקט זיין פּאַספּאָרט. דיזע טהאַט האָט בעדייטעט, אַז שפּאַניען וויל מעהר קיין מגע ומשא ניט האָבען מיט די פעראייניגטע שטאַאטען. דאָס האָט געמיינט מלחמה. דעם 25טען אַפּריל האָט דער קאָנגרעס ערקלערט, אַז צווישען די פעראייניגטע שטאַאטען און שפּאַניען האָט אויסגעבראָכען אַ קריעג.

455. די עפּענטליכע מיינונג אין די פעראייניגטע שטאַאטען; הכנות צו מלחמה. (1898) — די עפּענטליכע מיינונג אין די פעראייניגטע שטאַאטען איז געווען שטאַרק צוטיילט וועגען די שוועריגקייטען אין קובא. פיעלע מענשען האָבען געפיהלט, אַז הגם דערפון וועט כמעט זיכער אַרויסקומען אַ קריעג, וואָלט געווען קלוגער אָבצוּוואַרטען. די אַרמעע און די פלאָטע זיינען נאָך ניט געווען גרייט, און די רעגענדיגע צייט איז שוין כמעט געווען ביים שוועל, און דאַמאָלס וועט דער קלימאַט פון קובא זיין זעהר שעדליך פאַר אַמעריקאַנער. אַנדערע האָבען געדענקט אַז מען האָט נאָך ניט אויסגענוצט אַלע מיטלען אָבצוּראַמען די שוועריגקייטען אויף אַ פרידליכען אופן. אַנדערע האָבען געגלויבט, אַז די מלחמה וועט ניט זיין רעכטגעפערטיגט. נור די פערשיעדענהייט אין די מיינונגען האָט גאָר ניט געהאַט צו טהאָן מיט די פערשיעדענע טיילען פון לאַנד. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען זיינען געקומען מענשען פון אַלע טיילען לאַנד צו דיענען אין דער אַרמעע און אין דער פלאָטע. זייט 1861 איז דאָס לאַנד נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי שטאַרק פעראייניגט. נאָרד און זיד, אָסט און וועסט, זיינען געשטאַנען זייט ביי זייט צו שטיצען די רעגיערונג.

דער קאָנגרעס האָט בעפאָלמעכטיגט דעם פינאַנץ־סעקרעטער צו מאַכען אַ הלואה פון צוויי הונדערט מיליאָן דאָלער. ווען מען האָט בעקאַנט געמאַכט וועגען דער הלואה, איז דער אָנבאָט געווען מעהר וויא זיבען מאָל אַזוי פיעל וויא די רעגיערונג האָט געפאָדערט.

דיזע הלואה וואָלט געווען געגוג נור אויף אַ קורצער צייט, און נאָכדעם וואָלט מען געדאַרפט אַ סך מעהר געלד. דער קאָנגרעס האָט דאַריבער דורכ־געפיהרט אַ פאָרשלאַג פאַר אַ "קריעגס־שטייער", אַזוי וויא אין דעם בירגער קריעג האָט מען דורכגעפיהרט דעם "אינלאַנד־שטייער". דיזער פאָרשלאַג האָט

1898. — דערווייל‍ע זיינען ניט פארגעקומען קיינע פערבעסערונגען אין דיא אנגעלעגענהייטען פון קובא. פרעזידענט מעקינלי האט זיך וועגען זיי אויסגעדריקט אז זיי זיינען אונערטרעגליך, און עס איז ניט געוועזען קיין אורזאכע צו ערווארטען אז זיי זאלען זיך פערבעסערן, סיידען דיא פעראייניגטע שטאאטען זאל זיך אריינמישען.

פרעזידענט מעקינלי האט צוליב דעם געשיקט אין אפריל, 1898, א ספעציעלע באטשאפט צום קאנגרעס, אין וועלכער ער האט געזאגט: "עס איז קלאר אז דער אויפשטאנד קען ניט איינגעשטילט ווערן מיט דיא געגענווערטיגע מעטאדען. אין דעם נאמען פון מענשען־ליעבע, אין דעם נאמען פון ציוויליזאציע, צוליב דיא אמעריקאנער אינטערעסען וואס שטעהן אין געפאהר און וואס גיבען אונז דאס רעכט און לעגען אויף אונז ארויף דיא פפליכט צום רעדען און צום האנדלען, מוז דיא מלחמה אין קובא אויפהערען". דער פרעזידענט האט געבעטען דעם קאנגרעס אז ער זאל איהם געבען דיא מאכט צו געברויכען מיטלען וואס זאלען מאכען א סוף צו דיא פיינדליכקייטען צווישען דיא שפאניער און דיא קובאנער.

454. דער קאנגרעס נעהמט אן רעזאלוציאנען וועגען קובא; מלחמה ערקלערט. (1898) — דעם 19טען אפריל האט דער קאנגרעס אנגענומען א רייהע רעזאלוציאנען וואס האבען בעקאנט געמאכט: (1) אז דאס פאלק אויף דעם אינזעל קובא איז און מיט רעכט דארף זיין פריי און אונאבהענגיג. (2) אז עס איז דיא פפליכט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען צו פאדערן דאס שפאניען זאל אבגעבען קובא און צוריקרופען איהרע חיל פון אינזעל. (3) אז דער פרעזידענט איז בעאויפטראגט און בעפאלמעכטיגט צו געברויכען אלע קרעפטען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען און ארויסרופען דיא מיליץ כדי דורכצופיהרען דיזע רעזאלוציאנען. (4) אז דיא פעראייניגטע שטאאטען זאגט זיך אב פון וועלכע עס איז אבזיכט צו קאנטראלירען דעם דערמאנטען אינזעל, א חוץ פאר'ן צוועק צו ברייגגען דארטען פריעדען, און ערקלערט איהר ענטשלאסענהייט, ווען דער צוועק וועט דערגרייכט ווערן, איבערצולאזען דיא רעגיערונג און דיא קאנטראלע פון דעם אינזעל אין דיא הענד פון דאס פאלק פון קובא".

איז נאך ניט געענדיגט. מען האט אבער פון דער געזונקענער שיף שוין ארויסגענומען פיעלע לייכען פון אפיציערען און מאטראזען. פיעלע זאגען אז מען וועט וואהרשיינליך קיינמאל ניט וויסען מיט זיכערהייט וואס האט פעראורזאכט דיא עקספלאזיאן וועלכע האט צושטערט דיא "מעין" און געטויטעט אזוי פיעל מענשען.

אויף דער ענגלישער זייטע 484 געפינט זיך א בילד פון דער פעסטונג מארא קעסל, אנטקעגען האוואנא.

in the field of historical research the writers of America take a high rank. Similar statements in regard to all departments of knowledge would be equally true.

One of the striking features of the recent literature of the United States is the appearance of able writers in the southern states who have entered every field and whose novels and dialect stories are written in a style peculiarly their own.

**Magazines.** The magazines of the United States, of which *Harper's*, *The Century*, and *Scribner's* are examples, lead the world in beauty of execution and of illustration.

**Newspapers.** The newspapers of America have multiplied wonderfully, and their scope has been widened until in the daily press almost every subject that is likely to interest readers is treated by specialists, while at the same time no effort or expense is spared to furnish the latest and most accurate news. The great dailies of New York, Chicago, Philadelphia, and Boston are marvels of enterprise.

### SUMMARY.

The westward emigration has had great influence on the development of the country. There has also been great immigration from Europe, but the immigrants have been assimilated. There has been during the past few decades a marked tendency of the population toward the cities. Irrigation has been largely introduced into the arid lands of the West with excellent results. National parks have been established and forest reservations authorized. Natural gas has been utilized, where it has been found, for the purpose of heating, lighting, and for fuel for manufacturing. The growth in the amount of goods transported has been very large. The "New South" and the Pacific coast have been greatly developed in the line of agricultural products and in manufacturing. Educational and literary development have accompanied material growth.

פער'ס", "דהי סענטשורי" און "סקריבנער'ס" זיינען ביישפּיעלע, זיינען דיא ערשטע אין דער וועלט אין שעהנקייט פון אויסזעהן און אין דיא בילדער וואָס זיי ענטהאַלטען.

דיא צייטונגען אין אַמעריקאַ האָבען זיך פערגרעסערט אין צאָהל אויף אַ וואונדערבאַרען אופן, און זייער ניצליכקייט איז געוואָרען אזוי אַלגעמיין, דאָס יעדע פראַגע וואָס קען נור האָבען אַן אינטערעסע פאַר לעזער ווערט אין דער טעגליכער פּרעסע בעהאַנדעלט פון ספּעציאַליסטען. אין דער זעלבער צייט ווערט קיין מיהע און קיין געלד געשפּאָרט צו קריגען דיא לעצטע און ריכטיגסטע מעלדונגען פון אַלעם וואָס פּאַסירט. דער אונטערנעהמונגס־גייסט פון דיא גרויסע טעגליכע צייטונגען אין ניו יאָרק, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיאַ און באָסטאָן איז צו בעוואונדערן.

## קיצור פון דעם קאַפּיטעל

דיא עמיגראַציאָן נאָך דיא וועסט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָט געהאַט גרויס איינפלוס אויף דיא ענטוויקלונג פון דאָס לאַנד. דיא איינוואַנדערונג פון אייראָפּאַ איז אויך געוועזען גרויס, אָבער דיא אימיגראַנטען האָבען זיך אַסימילירט. אין דיא לעצטע פּאָאר צעהנדליגע יאָהר מערקט זיך אַ בעשטימטע נייגונג פון דער בעפעלקערונג צו קאָנצענטרירען זיך אין דיא שטעט. אין דיא טרוקענע לענדער פון דיא וועסט האָט מען זיך גענומען צו קינסטליכער בעוואַסערונג און דער רעזולטאַט איז אַן אויסגעצייכענטער. עס זיינען געגרינדעט געוואָרען נאַציאָנאַלע פּאַרקען און שריטע זיינען גענומען געוואָרען צו בעשיצען וועלדער. נאַטירליכער גאַז איז בענוצט געוואָרען, אין דיא ערטער וואו מען האָט עס געפונען, פאַר הייצונג, בעלייכטונג און אַלס ברען-מאַטעריאַל פאַר פאַבריקאַציע. דער וואוקס אין דעם טראַנספּאָרט פון סחורות איז געוועזען זעהר גרויס. דאָס "נייע זיד" און דער פּאַסיפישער ברעג זיינען שטאַרק ענטוויקעלט געוואָרען אויף דעם געביט פון אַגריקולטור און פאַבריקאַציע. אין בילדונג און ליטעראַרישע ענטוויקלונג איז דאָס לאַנד אויך ניט געבליבען הינטערשטעליג.

גענומען שעצען העכער אין אויסלאנד אזוי גוט וויא אין דער היים. ביי 1840 זיינען אן אנצאהל נייע שרייבער געוואָרען בעוואוסט, צווישען זיי העגרי וואדס־וואירט לאָנגפעלאָו (1807—1882), וועמעס פּאָעזיע איז גוט בעקאנט איבער'ן גאנצען לאנד, און אויך דזשאן גרינליף וויטיער (1807—1892), דער קוויקער פּאָעט, וועמעס באַלאדען און פּאָעמען איבער דער נאטור זיינען עכט אמעריקא־ניש אין אינהאלט און אין גייסט. אָליווער וועגדעל האָלמס (1809—1894), דער געניאלער שרייבער, פּאָעט און הומאָריסט; דזשיימס ראָסעל לאָועל (1819—1891), דער סאטיריקער, קריטיקער און פּאָעט; נאטאניעל האָטאָרן (1804—1864), אמעריקא'ס גרעסטער ראָמאנטיקער; עדגאר עלען פּאָו (1811—1849), דער פערפאסער פון צויבערנדע פּאָעמען און איבערנאטירליכע סקי־צען; ראלף וואלדאָ עמערסאָן (1803—1882), דער פילאָזאָף, פּאָעט און שריי־בער איבער פערשיעדענע וויסענשאפטליכע טהעמאס — דיזע אלע האָבען בע־וויזען דאָס אין ריינע ליטעראַרישע ארבייט האָט אמעריקא פיעל אויפגעטהאָן.

אויך אויף דעם געביט פון היסטאָריע האָט אמעריקא פיעל געלייסטעט. דזשאָרדזש בענקראָפט (1800—1891), מיט זיין "געשיכטע פון דיא פעראייניג־טע שטאאטען", פון וועלכע דער ערשטער בוך איז ערשינען אין 1834; ווי־ליאם ה. פּרעסקאט (1796—1859), מיט זיינע געשיכטען איבער דיא שפּאנישע הערשאפט אין שפּאניען און אין דער נייער וועלט; ריטשארד הילדרעט (1807—1865), מיט זיין "געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען"; דזשאן לאָט־ראָפּ מאָטלי (1814—1877), מיט זיינע ווערקע איבער דיא נידערלענדער; פרענציס פּארקמאן (1823—1893), מיט זיין סעריע ביכער איבער "פראנקרייך און ענגלאנד אין נאָרד אמעריקא", חוץ פיעלע אנדערע שרייבער — בעווייזען דאָס דיא נעמען פון אמעריקאנער היסטאָריקער פערנעהמען א הויכען אָרט. עהנליכע בעמערקונגען וועגען אנדערע אָבטיילונגען פון גייסטיגע טהעטיגקייט וואָלט געווען גלייך אמת.

איינע פון דיא מערקווירדיגע ערשיינונגען אין דער איצטיגער ליטעראטור פון דיא פעראייניגטע שטאאטען איז דיא גרויסע צאָהל פעהיגע שרייבער אין דיא זידליכע שטאאטען, וועלכע זיינען טהעטיג אויף יעדען געביט. זייערע ראָמאנען און דיאלעקט ערצעהלונגען זיינען געשריבען אין א סטיל וואָס איז אין גאנצען זייער אייגענער.

דיא צייט־שריפטען אין דיא פעראייניגטע שטאאטען, פון וועלכע "האר־

American. William Cullen Bryant (1794-1878), with his "Thanatopsis" (1817), was the forerunner of poets soon to follow. The founding of *The North American Review* (1815), also indicated an increase of literary interest. James Fenimore Cooper (1789–1851), who published his first novel in 1821, showed not only that America could produce writers, but also that in the New World were scenes and characters admirably fitted for their pen. Washington Irving (1783–1859), by his graceful essays and sketches and his pure English, did much to raise the estimation in which American literature was held, both at home and abroad. About 1840 new writers came into prominence: among them Henry Wadsworth Longfellow (1807–1882), whose works are familiar the land over, and also John Greenleaf Whittier (1807–1892), the Quaker poet, whose ballads and poems of nature are truly American in subject and in sympathy. Oliver Wendell Holmes (1809–1894), the genial essayist, poet, and humorist; James Russell Lowell (1819–1891), the satirist, critic, and poet; Nathaniel Hawthorne (1804–1864), America's greatest romancer; Edgar Allan Poe (1811–1849), the author of weird poems and tales; Ralph Waldo Emerson (1803–1882), the philosopher, poet, and essayist,—these showed that in purely literary work America was accomplishing much. George Bancroft (1800–1891), with his History of the United States, the first volume of which was published in 1834; William H. Prescott (1796–1859), with his histories of the Spanish power in Spain and in the New World; Richard Hildreth (1807–1865), with his History of the United States; John Lothrop Motley (1814–1877), with his works on the Netherlands; Francis Parkman (1823–1893), with his series of volumes on "France and England in North America," besides many other writers,—show that

Literature. Novelists. Poets. Historians.

sophical Society of Philadelphia, founded by Benjamin Franklin in 1743, is still in active operation. Another body, the American Association for the Advancement of Science (1848), holding its annual meeting at a different place each year, has done much to increase local interest in the subjects brought before it.

**Associations.**

The Smithsonian Institution at Washington, founded in accordance with the bequest of a wealthy Englishman, is almost a government institution; it has done much to further the advancement of science by the publication and distribution of scientific books and papers.

**Smithsonian Institution.**

Since 1876 the increase in the number of associations formed for the encouragement of special lines of research in nearly all branches of knowledge is remarkable.

**Literature.**

439. **Literature.** — During the earlier years of the American colonies there was little time to devote to anything which was not obviously practical in its application; the purely literary man was almost unknown. To the colonists of the seventeenth and eighteenth centuries, two subjects, however, were of the highest importance, — religion and politics; and works on these two subjects were abundant, particularly in the field of politics. The political pamphlets and addresses issued from the colonial press of the eighteenth century are not surpassed in vigor by those published in England, or indeed, upon the continent of Europe during the same period. The names of John Dickinson, Thomas Jefferson, John Adams, Benjamin Franklin, and Alexander Hamilton are deservedly held in high esteem for their writings in this field.

General literature was at a low ebb for a long time, and it was not until Charles Brockden Brown published his novels during the last years of the eighteenth century, that there was much indication of a literature that could be called

טוציאָן. זיא האָט פיעל אויפגעטהאָן פאַר דער פערברייטונג פון וויסענשאַפט דורך דרוקען און פערטיילען וויסענשאַפטליכע ביכער און שריפטען.

זייט 1876 איז געוועז זעהר גרויס דיא צאָהל פון פעראיינען וואָס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען פאַר דער ערמוטיגונג פון מאַכען ספּעציעלע שטודיומס און אויספאָרשונגען אין כמעט אַלע צווייגען פון בילדונג.

439. ליטעראַטור. — אין דיא ערשטע יאָהרען פון דיא אַמעריקאַנער קאָלאָניעס איז ביי דיא איינוואָהנער געוועז וועניג צייט אויף זאַכען וואָס האָבען ניט געהאַט קיין פּראַקטישען נוץ און ווערטה; פון דעם פּראָפעסיאָנעלען ליטעראַט האָבען זיי כמעט גאָר ניט געוואוסט. אָבער פאַר דיא קאָלאָניסטען פון זיבעצעהנטען און אַכצעהנטען יאָהרהונדערט זיינען צוויי זאַכען געוועזען פון העכסטער וויכטיגקייט — רעליגיאָן און פּאָליטיק; און איבער דיזע צוויי פראַגען, הויפּטזעכליך איבער פּאָליטיק, זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען פיעל שריפטען. דיא פּאָליטישע בראָשורען און רעדעס וואָס זיינען אָבגעדרוקט געוואָרען אין דיא קאָלאָניעס אין אַכצעהנטען יאָהרהונדערט פערגלייכען זיך גאַנץ גוט מיט זייער שטאַרקען אינהאַלט צו דיא וואָס זיינען געדרוקט געוואָרען אין ענגלאַנד אָדער אין אַלע אַנדערע לענדער פון אייראָפּאַ צו יענער צייט. דיא נעמען פון דזשאָן דיקענסאָן, טאָמאַס דזשעפערסאָן, דזשאָן אַדעמס, בענדזשאַמין פרענקלין און אַלעקסאַנדער העמילטאָן ווערן הויך געשעצט, און מיט רעכט, פאַר זייערע ליטעראַרישע לייסטונגען אויף דעם געביט פון פּאָליטיק.

אַלגעמיינע ליטעראַטור האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין אַ נידריגען צושטאַנד, און ניט ביז טשאַרלס בראָקדען בראַון האָט אַרויסגעגעבען זיינע ראָמאַנען אין דיא לעצטע יאָהרען פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט זיינען געוועזען צייכענס פון אַ ליטעראַטור וואָס מען וואָלט געקענט בעצייכענען אַלס אַמעריקאַנישע. וויליאַם קאַלען בריינט (1794—1878) איז מיט זיין "טאַנאַטאַפּסיס" (1817) געוועזען דער ערשטער פון דיא פּאָעטען וואָס זיינען קורץ נאָכדעם ערשיענען. אין 1815 איז געגרינדעט געוואָרען דער זשורנאַל "דהי נאָרד אַמעריקאַן רעוויו", און דאָס איז געוועזען אַ בעווייז אַז דער אינטערעס אין ליטעראַטור האָט אָנגעהויבען ווערן גרעסער. דזשיימס פענימאָר קופּער (1789—1851), וועלכער האָט זיין ערשטען ראָמאַן אַרויסגעגעבען אין 1821, האָט בעוויזען דאָס אַמעריקאַ האָט ניט נור געקענט אַרויסגעבען שרייבער, זאָנדערן אויך דאָס אין דער נייער וועלט זיינען דאָ סצענען און כאַראַקטעריסטיקען וואָס זיינען שטאַרק נעאייגנעט פאַר זייער פעדער. וואַשינגטאָן אווירווינג (1783—1859) האָט מיט זיינע פּרעכטיגע סקיצען, ליטעראַרישע אָבהאַנדלונגען און ריינעם ענגליש אַזוי פיעל אויפגעטהאָן פאַר דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, דאָס מען האָט זיא

438. ביבליאָטעקען; פעראיינען. — דער וואונש צו פערברייטען בילדונג איז אויך בעוויזען דורך דעם וואוקס פון דיא צאָהל אַלגעמיינע און ספּעציעלע ביבליאָטעקען און דורך דיא גרויסע אָנשטריינגונג וואָס איז געמאַכט צו פערוואלטען דיזע ביבליאָטעקען אויף אַזאַ אופן דאָס מענשען זאָלען זיין ערמוטיגט צו לעזען און צו שטודירען. אין אַנדערע ווערטער, בילדונג ווערט געמאַכט לייכט און אַנגענעהם פאַר דיא מאַסען. פיעלע ביבליאָטעקען, וויא דיא ניובערי לייברערי (שיקאַגאָ), דיא אַסטאָר לייברערי (ניו יאָרק), דיא איגאָק פּראַט לייברערי (באַלטימאָר), זיינען געגרינדעט געוואָרען דורך דעם וואָלטהאַט פון פּריוואַט מענשען, און פיעלע פרייע ביבליאָטעקען זיינען געגרינדעט אָדער אויסגעהאָלפען געוואָרען פון דיא גרויסמוטיגע מתנות פון ענדריו קארנעגיע.*) אַנדערע ביבליאָטעקען זיינען געגרינדעט געוואָרען פון דאָס פאָלק, וויא דיא שטאָטישע לייברערים פון באָסטאָן און וואוסטער, מאַסאַטשוזעטס, און פון סינסינעטי און פיעלע אַנדערע פּלעצער.

דער גייסט פון שטודירען און פאָרשען האָט זיך בעוויזען פון צייט צו צייט אין דיא פעראייניגטע שטאאטען דורך דיא אָרגאַניזירונג פון פיעלע פעראיינען פאַר דעם צוועק פון מאַכען גענויע אויספאָרשונגען איבער פערשיעדענע פראַגען און דעם ארויסגעבען פון דאָס רעזולטאַט דורך דרוקען בעריכטען, דורך א געגענזייטיגען אויסטויש פון מיינונגען, און אויף אַנדערע אופנים. דיא עלטעסטע פון דיזע פעראיינען איז דיא אַמעריקאַנער פילאָזאָפישע געזעלשאַפט, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען פון בענדזשאַמין פרענקלין אין 1743. דיזע געזעלשאַפט איז נאָך טהעטיג עד היום. אַן אַנדערע איז דער אַמעריקאַנער פעראיין פאַר דיא פערברייטונג פון וויסענשאַפט, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען אין 1848 און האַלט אָב יעהרליכע פערזאַמלונגען אויף אַן אַנדער אָרט יעדען יאָהר. דיזער פעראיין האָט פיעל אויפגעטהאָן אין ארויסרופען א גרויסען אינטערעס אין בילדונג אין דיא יעניגע ערטער וואו דיא יעהרליכע פערזאַמלונגען קומען פאָר.

דיא סמיטהסאָניען אינסטיטוציאָן אין וואַשינגטאָן, געגרינדעט דורך א ירושה וואָס אַן ענגלענדער האָט איבערגעלאָזט, איז כמעט א רעגיערונגס אינסטי־

---

*) אויף דער ענגלישער זייטע 468 געפינט זיך א בילד פון דער ניובערי לייברערי, אין שיקאַגאָ.

Libraries.

**438. Libraries; Associations.** — The desire to spread and to advance knowledge has also been shown by the growth in the number of general and special libraries, and by the great pains which have been taken to devise and carry out those systems of library administration best calculated to encourage and facilitate reading and study. Many libraries have been founded by private beneficence, such as the Newberry Library, Chicago; the Astor Library, New



THE NEWBERRY LIBRARY, CHICAGO.

York; the Enoch Pratt Library, Baltimore, and the many free libraries established or strengthened by the munificent gifts of Andrew Carnegie. Others have been started or supported by the people, as the Public Libraries of Boston and Worcester, Massachusetts, and of Cincinnati and many other places.

Societies for research.

The spirit of investigation has shown itself from time to time in the United States by the formation of many societies whose purpose is to encourage study and research by publishing reports, by mutual interchange of views, and in other ways. The oldest of these, the American Philo-

schools founded; among the latter are Pratt Institute, Brooklyn, Drexel Institute, Philadelphia, and Armour Institute, Chicago. The facilities for the higher education of women have been greatly extended; most of the colleges and universities of the western states have been coeducational from their foundation; eastern colleges are slowly opening their doors to women, while Vassar (1866), Smith (1871), Wellesley (1875), and Bryn Mawr (1885), all founded by private beneficence, offer educational advantages of the highest grade exclusively to women. In connection with education, there has been since 1889 great interest in what is known as University Extension, the purpose of which is to spread education more widely by means of lectures, courses of reading, classes, and examinations. Nor should the Chautauqua Literary and Scientific Circle be omitted. This association was organized in 1878, for the "purpose of promoting habits of reading and study in nature, art, science, and in secular and sacred literature in connection with the routine of daily life." Studies are carried on under the direction of competent teachers by means of correspondence, aided by the mutual interchange of views by those who are pursuing similar courses of reading or study in any given neighborhood. During the summer, instruction is given on the delightful shores of Chautauqua Lake in western New York, and at other places. Summer schools are held at various places, chiefly for the benefit of teachers, or for purposes of special research or instruction.

**Education.** **Chautauqua.**

The importance of the physical training of the body has been fully recognized; large and thoroughly equipped gymnasiums have been erected for the purpose of carrying out exercises carefully arranged, with the intention not only of developing the physical powers, but of remedying physical defects.

**Physical training.**

אבטיילונגען. אויך זיינען אויף דעם אופן אויסגעוואקסען פיעלע נייע אקאדעמיען, האַך־שולען, וויא אויך אינדוסטריעלע און טעכנישע שולען. צווישען דיא לעצטע זיינען דער פּראַט אינסטיטוט, ברוקלין; דרעקסעל אינסטיטוט, פילאַדעלפיא; און אַרמאַר אינסטיטוט, שיקאַגאָ. דיא געלעגענהייט פאר פרויען צו געניסען אַ העכערע בילדונג איז פיעל גרעסער געוואָרען. דיא מעהרסטע קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטען וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרען אין דיא וועסטליכע שטאאטען זיינען פון אַנפאנג אָן געווען פאַר פרויען גלייך מיט מענער. דיא בילדונגס אינסטיטוציאָנען אין אָסט עפענען אויך דיא טהירען ביסלעכווייז פאַר פרויען, וועהרענד וואסאר (1866), סמיטה (1871), וועלסלי (1875) און ברין מאָור (1885) — אַלע געגרינדעט דורך דעם וואָלטהאַט פון פּריוואַט מענשען — זיינען אויסשליסליך פאַר פרויען, וואו זיי קענען קריגען דיא העכסטע בילדונג. אין פערבינדונג מיט בילדונג דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן דאָס זייט 1889 געהט אָן אַ גרויסע בעוועגונג וועלכע איז בעקאַנט אַלס "אוניווערזיטעט אויסברייטונג" און וועלכע בעצוועקט צו פערשפּרייטען בילדונג איבעראַל צווישען דיא מאַסען דורך לעקציעס, דורך אָנווייזען וואָס צו לעזען, דורך קלאַסען און עקזאַמענס. אויך טאָר מען ניט אויסלאָזען דעם טשאָטאָקוואַ ליטעראַרישען און וויסענשאפטליכען צירקעל. דיזער פעראיין איז געגרינדעט געוואָרען אין 1878, פאַר דעם צוועק פון איינגעוואוינען מענשען צו לעזען און שטודירען, אין פערבינדונג מיט דעם גאַנג פון טעגליכען לעבען, אָבהאַנדלונגען איבער נאַטור, קונסט, וויסענשאַפט, וויא אויך וועלטליכע און רעליגיעזע ליטעראַטור. שטודיען פון פערשיעדענע פראַגען ווערן אונטערגענומען דורך בריף, אונטער דיא לייטונג פון פעהיגע לעהרער; אַלע וואָס גיבען זיך אָב מיט דעם זעלבען קורס אין אַ געוויסע נאַכבאַרשאַפט האָבען אַ געלעגענהייט צו לערנען איינע פון דיא אַנדערע דורך אַן אויסטויש פון זייערע מיינונגען. זומער־צייט ווערט געלערענט ביי דיא אַנגענעהמע ברעגעס פון טשאָטאָקוואַ לייק אין וועסטליכען טייל פון ניו יאָרק און אויך אין אַנדערע ערטער. זומער שולען ווערן אָבגעהאַלטען אין פערשיעדענע ערטער, הויפּטזעכליך פאַר דער טובה פון לעהרער, אָדער פאַר דער טובה פון דיא וואָס דאַרפען אונטערזוכען ספּעציעלע פראַגען, אָדער וואָס זוכען גלאַט בילדונג.

דיא וויכטיגקייט פון דיא פיזישע אויסבויאונג פון דעם קערפּער איז אומעטום שטאַרק אַנערקענט געוואָרען, און פאַר דעם צוועק זיינען אויסגעשטאַטעט געוואָרען גרויסע גימנאַזיומס, וואו אַלעס איז איינגעאָרדענט מיט אַזאַ סיסטעם דאָס ניט נור דער קערפּער זאָל קענען שטאַרק ענטוויקעלט ווערן, זאָנדערן דאָס אויך פיזישע פעהלערן זאָלען קענען אויסגעהיילט ווערן.

דיא היימישע פּראָדוקטען האָבען אָנגעהויבען ארויסשטופּען פון מארק דיא איי־ראָפּעאישע. דער קלימאַט פון זיך קאַליפאָרניא איז א זעהר געזונטער און דאָס ציהט אהין זעהר א סך רייזענדע וואָס זוכען צו פערבעסערן זייער געזונד. אָרעגאָן און וואשינגטאָן האָבען זיך אויך שנעל פערגרעסערט אין בעפעלקערונג און האָבען אָנגעהויבען ארויספיהרען נאָך אויסלאַנד זעהר א סך אגריקולטורנע און אנדערע פּראָדוקטען.

437. בילדונג. — אָבער דער וואוקס און ענטוויקלונג פון א נאציאָן דאַרף זיין ניט נור אויף'ן פּאָליטישען און מאטעריעלען געביט, זאָנדערן אויך אויף'ן גייסטיגען, סאָציאַלען און רעליגיעזען. צו דערצעהלען באריכות אין א געשיכטע וועגען אזעלכע ענינים איז ליידער, אונמעגליך, און מיר האָבען זיך געמוזט בעגנינגען מיט בלויז בעריהרען זיי פון צייט צו צייט. אָבער מיר האָבען געזעהן וויא שוין דיא ערשטע קאָלאָניסטען זיינען געווען טיעף בעזאָרגט וועגען דיא וויכטיגקייט פון געבען א בילדונג צו זייערע קינדער און יוגענד, וויא זיי האָבען געגרינדעט שולען און האָך־שולען אין דיא פערשיעדענע קאָלאָניעס. מאַנכע פון דיזע בילדונגס אינסטיטוציאָנען עקזיסטירען נאָך עד היום און זיינען א לעבעדיגער ביישפּיעל פון דעם פאָרזיכט און קלוגהייט פון זייערע גרינדער. צווישען דיזע אינסטיטוציאָנען זיינען דיא קאָלידזשיאייט סקול אין ניו יאָרק סיטי (געגרינדעט פון דיא האָלענדער אין 1633), דיא באָסטאָן לאַטין סקול (געגרינדעט אין 1635), און דיא וויליאם פּען טשארטער סקול, פילאדעל־פיא (געגרינדעט אין 1689). אזוי שנעל וויא א נייער שטאאט איז אריינגענומען געוואָרען אין דעם בונד פון דיא פעראייניגטע שטאאטען האָבען דיא געזעץ־מאַכער גלייך געשיינקט ערנסטע אויפמערקזאמקייט דער פראגע פון אויס־בילדען דיא יוגענד. פערשיעדענערליי שולען, האָך־שולען און אוניווערזיטעטען זיינען געגרינדעט געוואָרען אין כמעט יעדען שטאאט און דאָס פאָלק האָט מיט פערגניגען געצאָהלט שטייערן פאר אויסהאלטען זיי. ניט נור דיא רעגיערונג האָט אויסגעהאלטען אזעלכע אינסטיטוציאָנען מיט א פולער האַנד, נור אויך פּריוואט מענשען האָבען זעהר פיעל בייגעשטייערט אויף זיי. אין קיין לאַנד זיינען ניט געגרינדעט געוואָרען דורך וואָהלטעטיגע מענשען נאָבעלערע אינסטי־טוציאָנען וויא דער דזשאָן האָפּקינס אוניווערזיטעט, אין באַלטימאָר (1876); טיולין אוניווערזיטעט, ניו אָרלינס (1884); ברין מאָר קאָלעדזש פאר פרויען, נעבען פילאדעלפיא (1885); קלארק אוניווערזיטעט, וואוסטער, מאסאטשו־זעטס (1889); לילענד סטענפאָרד דזשוניאָר אוניווערזיטעט, קאַליפאָרניא (1891); און שיקאגאָ אוניווערזיטעט (1892). אין פיעלע קאָלעדזשעס זיינען דורך דעם וואָלטהאט פון פּריוואט מענשען געגרינדעט געוואָרען א סך נייע

account of its great salubrity, attracts many visitors in search of health or pleasure. Oregon and Washington have rapidly increased in population, and have become large exporters of agricultural and other products.

Education.

437. **Education.** — But a nation's growth and development should be not only on political and material lines, but on intellectual, social, and religious lines as well. It has been impracticable to do much more than refer to these subjects from time to time; but we have seen how deeply impressed the early colonists were with the importance of educating their children and youth; how schools and colleges were established in various colonies, some of which, as the Collegiate School in New York City, founded in 1633 by the Dutch, the Boston Latin School, founded in 1635, and the William Penn Charter School, Philadelphia, founded in 1689, still flourish and attest the foresight and wisdom of the fathers. As each new state has come into the Union, the education of the youth has claimed the serious and careful attention of her legislators; systems of education embracing schools, high schools, and colleges, have been established in almost every commonwealth, and the people have cheerfully taxed themselves to support them. Not only has public support been ungrudgingly bestowed, but private benefactions have been unexampled. In no country have there been nobler foundations than those of Johns Hopkins University, in Baltimore (1876); Tulane University, New Orleans (1884); Bryn Mawr College for Women, near Philadelphia (1885); Clark University, Worcester, Massachusetts (1889); Leland Stanford, Jr., University, California (1891); and Chicago University (1892). There have also been many endowments of professorships in colleges, and many new academies, high schools, and industrial and technical

the elegance and size of the terminal stations, have been very great.

436. **The New South; the Pacific Coast.** — While the whole country has partaken of this growth and development, in few parts of the land has there been such material advance as in the South. It is indeed "a New South." Where years ago cotton, tobacco, and naval stores were the chief products, iron, coal, and phosphate rock are mined in large quantities; cotton and iron mills have sprung up in many places; while oranges from Florida, and green vegetables from Florida, Georgia, the Carolinas, Mississippi, and Virginia, are sent north in carloads. Notwithstanding this diversity of interests, the cotton crop of 1892 was nearly double that of 1860;[1] while from the cotton seed, which in former days was thrown away or at best used for manure, valuable oil is pressed, and the cake which is left is used as food for cattle or as a fertilizer.[2] New lines of railroad have been opened, and thereby easy and rapid communication with other parts of the Union secured. Thousands of travellers annually visit Florida and the health resorts in the highlands of Georgia and the Carolinas.

The New South.

On the Pacific coast also the growth and development have been great. In southern California the production of grapes, oranges, lemons, figs, nuts, raisins, plums, and other varieties of fruit has attained large proportions, and the native-grown product is rapidly driving the European out of the market. The climate of southern California, on

Pacific coast.

[1] The cotton crop of 1860 was estimated at 4,669,770 bales, that of 1892 at 9,038,707 bales, that of 1899 at 11,235,383 bales. It should be stated that the bales vary in weight; those for 1860 being about 400 lbs., those for 1899, about 487 lbs.

[2] There is about one ton of seed for every two bales of cotton.

דיא רעלסען, דוויערהאַפטער דעם פונדאַמענט אויף וועלכען דיא רעלסען זיינען אויסגעלייגט און דיא בריקען, און אויך זיינען אויסגעבויט געוואָרען עלעגאַנטע און גרויסע באַהן־סטאַציאָנען.

436. **דאָס נייע זיד; דער פּאַסיפישער ברעג.** — וועהרענד דאָס גאַנצע לאַנד האָט פּראָפּיטירט פון דיזען וואוקס און פּאָרטשריט, זיינען געווען וועניג טיילען אין דיא פערייניגטע שטאַאטען וואו דער מאַטעריעלער געווינס איז געווען אַזוי גרויס וויא אין זיד, וועלכע איז ווירקליך געוואָרען אין גאַנצען "אַ נייער זיד". מיט יאָהרען צוריק זיינען דאָרט דיא הויפּט פּראָדוקטען געווען בוימוואָל, טאַבאַק און פּאָרראַטה פאַר דער מאַרין פון דיא פערייניגטע שטאַאַטען; אָבער יעצט ווערן דאָרט אויך אויסגעגראָבען פון דער ערד גרויסע מאַסען אייזען, קאָהלען און פּאָספּאָר־זאַלץ; אין פיעלע פלעצער זיינען אויסגעוואַקסען בוימוואָל און אייזען מילען; און נאָך דיא נאָרד ווערן געשיקט גאַנצע וואַגאָנען מיט אַפּעלסינען פון פלאָרידאַ און גרינסען פון פלאָרידאַ, דזשאָרדזשיא, דיא קעראָליינאַס, מיסיסיפּי און ווירדזשיניא. טראָץ דיזע פערשיעדענאַרטיגקייט פון אינטערעסען איז דער בוימוואָל גערעטענים פון 1892 געווען כמעט דאָפּעלט אין ווערטה פון דעם יאָהר 1860.*) אין דער זעלבער צייט מוז דערמאָנט ווערן אַז אַ נייע אינדוסטריע איז אַרויסגעוואַקסען פון בוימוואָל. פון דיא זאַמען (וועלכע מען פלעגט אין פריהעריגע טעג אַוועקוואַרפען אָדער געברויכען בלויז פאַר מיסטיגען פעלדער) פּרעסט מען איצט אַרויס אַן אויל וואָס האָט אַ גרויסען ווערטה, און דאָס איבערגעבליבענע ווערט געברויכט אַלס שפּייז פאַר בהמות אָדער פאַר בעפרוכטען דיא פעלדער.**) נייע באַהן־ליניען זיינען אויסגעלייגט געוואָרען און דער פערקעהר מיט דיא אַנדערע טיילען פון דיא פערייניגטע שטאַאטען איז דאַדורך געוואָרען לייכטער. טויזענדע רייזענדע בעזוכען יעהר־ליך פלאָרידאַ און דיא ערהאָלונגס־אַנשטאַלטען אין דיא בערג פון דזשאָרדזשיא און דיא קעראָליינאַס.

אויף דעם ברעג פון פּאַסיפישען אָקעאַן איז אויך געווען גרויס דער וואוקס און דיא ענטוויקלונג פון דאָס לאַנד. אין זיד קאַליפאָרניא האָט דיא פּראָדוק־ציאָן פון וויינטרויבען, אַפּעלסינען, לימענעס, פייגען, ניס, ראָזינקעס, פלוימען און אַנדערע פערשיעדענע זאָרטען פרוכט דערגרייכט אַ זעהר גרויסע מדרגה, און

---

*) דער בוימוואָל גערעטענעס פון 1860 האָט בעטראָפען אַ 4,669,770 פּעק, פון 1892 — 9,038,707 פּעק, פון 1899 — 11,235,383 פּעק. עס דאַרף אָבער דאָ געזאָגט ווערן אַז דיא פּעק (ביילס) האָבען ניט אַלע מאָל ענטהאַלטען דיזעלבע וואָג. אין 1860 איז אַ פּאַק געווען אונגעפעהר 400 פונט, אין 1899 אונגעפעהר 487 פונט.

**) פון יעדע צוויי פּעק בוימוואָל איז דאָ אונגעפעהר אַ טאָן בוימוואָל זאַמען.

435. ערפינדונגען; טראנספארטאציע; אינלענדישער האנדעל. — זעהר ראש איז דיא גאנצע צייט אנגעגאנגען דער פארטשריט אין מאכען פראקטישען נוצען פון וויסענשאפטליכע קענטניסע. דאס איז הויפטזעכליך אמת וועגען עלעקטריציטעט, וועלכע ווערט יעצט בענוצט פאר בעלייכטונג און פאר צוועקען פון וועלכע מען האט פריהער גאר ניט גע־טרוימט. צווישען אנדערע גרויסע מענשען האט טאמאס א. עדיסאן זעהר פיעל בייגעשטייערט צו דיזען פארטשריט דורך זיינע פערשיעדענע ענטדעקונגען און ערפינדונגען. איהם האט דיא מענשהייט צו דאנקען פאר'ן פאנאגראף — אן אינסטרומענט דורך וועלכען קלאנגען ווערן פערצייכענט און צוריק ארויסגע־געבען ווען מען וויל. צאהלרייך זיינען אויך געוועזען אונטער דער צייט דיא אויסבעסערונגען אין אלע צווייגען פון מאשינעריען וועלכע פערלייכטערן דיא ארבייט פון מענשען. דיא פערשיעדענארטיגקייט אין דיא פאבריצירטע סחורות האט זיך אויך שטארק פערגרעסערט, און אין שעהנקייט און אויסגעצייכענטקייט זיינען דיא פראדוקטען ניט געבליבען הינטערשטעליג צו דעם פארטשריט פון דער פראדוקציאן אין אלגעמיין.

אבער דער וואוקס פון דיא פעראייניגטע שטאאטען איז דורך קיין אנדער זאך ניט געוועזען אזוי מערקבאר וויא אין דער מאסע פראכט וואס איז גע־פיהרט געווארען אויף דיא אייזענבאהנען, וויא אויך אין דעם אינלענדישען האנדעל־פערקעהר אויף דיא טייכען און גרויסע אזערעס, וועלכער איבער־שטייגט יעצט אין ווערטה, אין וויכטיגקייט און אין געוויכט דעם אויסלענדי־שען האנדעל. דיא מאסע פראכט אויף שיפען וואס ווערט יעצט געפיהרט דורך דעם סאלט סעינט מאריע קאנאל, וועלכער פערבינדעט לייק סופיריאר מיט לייק יוראן און וועלכער איז אפען פאר שיף־פאהרט נור זיבען חדשים א יאהר, איז אונגעפעהר דאפעלט פון דיא מאסע שיף־פראכט וועלכע ווערט גע־פיהרט דורך'ן סועץ קאנאל אין צוועלף חדשים.*) אויך איז זעהר גרויס געוועזען דער פארטשריט אין דער אויסברייטונג פון דיא באהן ליניען, אין דיא אויס־בעסערונגען פון דיא טראנספארט־מיטלען און דיא לאקאמאטיוען, וויא אויך אין דעם כאראקטער פון דיא פראכט בעדיענונג און דיא פאסאזשירען בע־האנדלונג. מען האט אונטער דער צייט אויסגעפונען וויא צו מאכען זיכערער

*) דאס געוויכט פון דער שיפס־פראכט וואס איז דורכגעפיהרט געווארען אין סאלט סעינט מאריע (אדער "סעינט מערי") קאנאל אין 1900 האט בעטראפען 22,315,834 טאן.

and the gas has been extensively used. Whether the supply will last for many years is problematical, as already in many wells the pressure has greatly diminished.

Invention.

**435. Invention; Transportation; Inland Commerce.** — The advance in the practical application of scientific knowledge has continued to be very great. This is particularly true in regard to electricity, which is now used for illuminating purposes and for power in ways not before dreamed of. Thomas A. Edison, among others, has contributed greatly to this advance by his various discoveries and inventions. To him also is due the phonograph, an instrument by which sounds are recorded and reproduced at pleasure. Improvements in all branches of labor-saving machinery have been numerous. The variety of goods manufactured has been greatly increased, and the beauty and excellence of the products have kept pace with the production.

Transportation.

Nowhere has the growth of the country been more apparent than in the amount of freight carried by the railroads, and in inland traffic on the rivers and great lakes, where it now exceeds in value, importance, and tonnage the foreign commerce. The tonnage which now passes through the Sault Sainte Marie Canal, connecting Lake Superior and Lake Huron, and open only seven months of the year, is about double the tonnage which passes through the Suez Canal in twelve months.[1] The increase in the mileage of the railroads, and the improvements in the facilities for transportation, in the efficiency of the motive power, and in the character of both the freight and passenger service, as well as in strength of the rails, stability of the roadbed and bridges, and in

[1] The tonnage passing through the Sault Sainte Marie or St. Mary Canal in 1900 was 22,315,834.

434. **Natural Gas.** — The fact that inflammable gas is generated in the earth has long been known. As early as 1824, on the occasion of Lafayette's visit to this country, a house in Fredonia, New York, was illuminated by natural gas in his honor. At places in Pennsylvania and Ohio this product was made use of in various ways. In the year 1878, while a well for oil was being sunk near Pittsburg, the whole apparatus was suddenly blown up, and great quantities of gas continued to escape from the

Natural gas.



A VIEW IN THE OIL DISTRICT, 1868.

From Petrolia, by Cone & Johns, New York, 1870.

opening. Pipes were laid from the well and the gas ignited, but no practical application was attempted for five years, when it was successfully used in the production of steel.[1] In 1884 it was introduced through long pipes into Pittsburg, where it was employed for all domestic and manufacturing purposes for which heat or light is needed. Many other wells were sunk in the Pittsburg district. At various places between the Alleghanies and the Rockies reservoirs of gas have been discovered by deep borings,

[1] Natural gas was first used in the manufacture of steel in 1875.

434. נאַטירליכער גאַז. — דער פאַקט דאָס דער ענטצינדבאַרער גאַז איז אַ פּראָדוקט פון דער ערד איז שוין לאַנג געוועזן בעוואוסט. אזוי ווייט צוריק וויא 1824, ווען לאַפאַיעט איז געקומען צו גאַסט אין דיזען לאַנד, איז אַ הויז אין פרעדאָניאַ, ניו יאָרק, געווען בעלייכטעט פון נאַטירליכען גאַז לכבוד דעם בעריהמטען גאַסט. אין געוויסע פּלעצער פון פּענסילווייניאַ און אָהייאָ האָט מען דיזען פּראָדוקט פון דער ערד בענוצט אויף פערשיעדענע אופנים. אין דעם יאָהר 1878, בעת מען האָט געהאַלטען אין אויסגראָבען אַ פּעטראָלעאום קוואַל ניט ווייט פון פּיטסבורג, איז דיא גאַנצע מאַשינעריי אויפגעריסען גע־וואָרען און צושטערט געוואָרען פון אַן עקספּלאָזיאָן, און פון דער עפנונג האָט זיך געהאַלטען אין אַרויסשפּאַרען זעהר אַ סך גאַז. מען האָט ביי דעם קוואַל אויסגעלייגט רעהרען און דיא גאַז געברענט, אָבער עס זיינען דורכגע־גאַנגען אַ פינף יאָהר צייט איידער מען האָט אונטערגענומען צו מאַכען אַ פּראַקטישען נוצען דערפון. צוערשט האָט זיך דיא גאַז אַרויסגעצייגט פּאַר אַן אויסגעצייכענטען מיטעל אין דער פּראָדוקציאָן פון שטאָל.*) אין 1884 האָט מען אויסגעלייגט לאַנגע רעהרען ביז פּיטסבורג און דיא גאַז האָט אָנגעהויבען בענוצט ווערן אין הייזער און פאַבריקען וואו מען האָט נור געדאַרפט היץ אָדער ליכט. דאָס האָט געפיהרט דערצו דאָס מען האָט אויסגעגראָבען אַנדערע גאַז־קוואַלען אין דער געגענד פון פּיטסבורג.**) אויך האָט מען אויס־געפונען פיעלע גאַז־קוואַלען אין פערשיעדענע ערטער צווישען דיא אַלעגעני בערג און דיא ראָקי בערג, וואו מען האָט טיעף געגראָבען, און כמעט איבעראַל האָט מען אָנגעהויבען געברויכען גאַז. עס איז אָבער אַ גרויסע פראַגע וויפיעל יאָהרען דיא גאַז קוואַלען וועלען בלייבען אונערשעפּפּט, ווייל פיעלע קוואַלען האָבען שוין אָנגעהויבען אַרויסגעבען וועניגער גאַז וויא פריהער.

---

*) אין דער פּראָדוקציאָן פון שטאָל האָט מען נאַטירליכען גאַז געברויכט צוערשט אין דעם יאָהר 1875.

**) אויף דער ענגלישער זייטע 463 געפינט זיך אַ בילד פון דער פּעטראָלעאום געגענד אין דעם יאָהר 1868. אמעריקא איז דיא גרעסטע פּעטראָלעאום פּראָדוצירענדע לאַנד אין דער וועלט. פאַר אַ צייט פון אונגעפעהר 10 יאָהר האָט מען אין שטאַאַט פּענסילווייניאַ פּראָדו־צירט כמעט דאָס גאַנצע פּעטראָלעאום וואָס איז געברויכט געוואָרען, אָבער שפּעטער זיינען גרויסע פּעטראָלעאום פעלדער ענטדעקט געוואָרען אין פיעלע אַנדערע טיילען פון דיא פער־אייניגטע שטאַאַטען און אויך אין אַנדערע לענדער. רוסלאַנד קומט נאָך אמעריקא אין דער פּראָדוקציאָן פון פּעטראָלעאום, וועהרענד גאַליציען, רומעניען, יאַוואַ און באָרנעאָ האָבען זיך אויך ניט צו שעהמען מיט דער רייכקייט פון זייערע פּעטראָלעאום פעלדער.

פאר א לאנגער צייט האט מען פון דיזער געגענד גערעדט אלס דער ״גרויסער אמעריקאנער מדבר״, אדער דאס ״שלעכטע לאנד״, און מען האט ניט גערע־כענט אז מענשען זאלען דארט גאר קענען וואהנען. אבער דער ביישפיעל פון דיא מארמאנען אין שטאאט יוטא, און פון קאלאניסטען אין אנדערע ערטער, האט בעוויזען אז דיא איינציגע זאך וואס פעהלט איז וואסער, און אויב מען זאל דאס קענען האבען ווערט געלייזט דיא פראגע פון בעזעצען און בעארבייטען דיא גאנצע טרוקענע געגענד. דורך קינסטליכע בעוואסערונג איז געלונגען צו מאכען פרוכטבאר גרויסע טראקטען לאנד פון קאליפארניא, אריזאנא, קאלא־ריידא, איידאהא און אנדערע טיילען פון דער געגענד. אבער עס איז נאך אלץ ניט זיכער וויא גרויס עס קען זיין דער שטח פון דאס לאנד וועלכע וועט בע־פרוכטעט ווערן דורך דעם עקזיסטירענדען וואסער־זאפאס.*)

דיא שריטע וועלכע דער קאנגרעס האט גענומען צו גרינדען דיא יאסעמיט, דיא סעקוואיא און דיא יעלאוסטאן נאציאנאלע פארקס, האבען געקראגען דיא פולע צושטימונג פון דאס פאלק. אין 1891 איז דורכגעפיהרט געווארען א גע־זעץ וואס האט געצויגען וועניג אויפמערקזאמקייט אבער וואס איז געוועזען פון גרויס וויכטיגקייט. דער געזעץ האט בעשטימט אז מען זאל אפצאמען און רע־זערווירען פיעלע וועלדער, וועלכע זאלען בעלאנגען צו דער גאנצער נאציאן. דיזע אלע רעזערווירטע וועלדער זיינען צוזאמען מעהר וויא צוואנציג טויזענד קוואד־ראט מייל גרויס — א שטח דריי מאל אזוי גרויס וויא דער שטאאט מאססאטשו־זעטס.**) דער צוועק פון דיזען געזעץ איז געוועזען צו בעשיצען דיא וועלדער און צו פערהיטען דיא פיעלע וואסער קוועלען, וועלכע זיינען אזוי וויכטיג פאר דעם וואוילזיין פון דאס לאנד און אזוי נויטיג פאר דער שטענדיגער אויפהאל־טונג פון דיא קינסטליכע בעוואסערונגען וואס ווערן אלץ מעהר און מעהר בענוצט אויף בעפרוכטען געוויסע טיילען פון אמעריקא.

---

*) אויף דער ענגלישער זייטע 462 געפינט זיך א בילד פון א געגענד וואס איז אויף א קינסטליכען אופן בעוואסערט געווארען.

**) דיזע רעזערווירטע וועלדער זיינען גאנץ פערשיעדען אין גרויס, אבער דורכשניטליך זיינען זיי א מיליאן אקער יעדע. דער יעלאוסטאן נאציאנאל פארק איז דער בעריהמטעסטער אין דיא פעראייניגטע שטאאטען. דיזער פארק איז 62 מייל דיא לייגג און 54 מייל דיא ברייט און פערנעהמט א שטח פון אונגעפעהר 3350 קוואדראט מייל. דער פארק געפינט זיך אין סטייט ווייאמינג און גרייכט אריין אויך אין דיא סטייטס מאנטאנא און איידאהא. דיא לעצטע יאהרען האבען מאסען טוריסטען אהין אנגעהויבען רייזען.

Irrigation.

long period a large part of this region was spoken of as the "Great American Desert" and the "Bad Lands," and was regarded as uninhabitable. The example of the Mormons in Utah, and of settlers elsewhere, showed that water was the only thing needed, and that if this could be introduced, the problem of cultivating and inhabiting the arid region was solved. Already large tracts of California, Arizona, Colorado, Idaho, and other portions of the region have been brought into rich cultivation by means of more or less



VIEW OF AN IRRIGATED DISTRICT.

extensive systems of irrigation. The area which the existing water supplies will irrigate is as yet uncertain.

National parks.

The acts of Congress establishing the Yosemite, the Sequoia, and the Yellowstone National parks, were highly approved by the people. An act passed in 1891, which attracted very little attention, was that providing for a series of national forest reservations; these aggregate more than twenty thousand square miles, an area nearly three times as great as the state of Massachusetts.[1] The purpose of this act is to preserve the forests and to guard the sources of the rivers and streams, so important for the welfare of the country, and essential for the permanence of the systems of irrigations rapidly being introduced.

[1] Though varying in size, they average about 1,000,000 acres each.

thousand. Most of these immigrants have become valuable citizens, and have adapted themselves to their new conditions of life though their influence on the country of their adoption has not had that attention which it deserves. Settling in communities, as many of them have done, mostly in the western states, preserving their language, and to some extent their customs, it was impossible for the social, political, and industrial conditions of life in America not to be modified by their influence. To a certain degree this statement is true of every part of the country where foreign immigrants have settled. **Immigrants.**

432. **Urban Population.** — Another movement which has been silently going on is the increase of the population living in cities and large towns. According to the census of 1890 nearly one-third of the total population was urban (Appendix VI.). This increase has been almost wholly in the North Atlantic states[1] and the northern central states.[2] It is due to several causes, largely to the rapid extension of manufactures and commerce, both of which require compact living. In the South and in most of the western states the urban population is relatively small. **Urban population.**

433. **Irrigation; Forest Reservations.** — West of a line nearly corresponding to the 100th meridian west from Greenwich the territory of the United States, except in northern California and the western portions of Oregon and Washington, is arid or semi-arid, the natural rainfall not being sufficient to support agricultural crops.[3] For a **Irrigation.**

[1] The New England states, New York, New Jersey, Pennsylvania; to which should be added Delaware and Maryland.

[2] In these states the increase has been mostly in Ohio, Illinois, Michigan, Wisconsin, Minnesota, and Missouri.

[3] See Introduction, pp. xiv–xvi.

דיזע אימיגראַנטען זיינען געוואָרען ניצליכע בירגער און האָבען זיך צוגעפּאַסט צו זייערע נייע אומשטענדען פון לעבען, הגם זייער איינפלוס אויף דאָס לאַנד, וועלכעם זיי האָבען אויסגעקליבען פאַר זייער נייע היים, האָט ניט געקראָגען יענע אויפמערקזאַמקייט וועלכע עס האָט פערדיענט. פיעלע פון דיזע אימי־גראַנטען וואָס האָבען זיך בעזעצט אין גאַנצע געמיינדעס, הויפּטזעכליך אין דיא וועסטליכע שטאַאטען, האָבען בענוצט זייער שפּראַכע און זיך געהאַלטען ביז אַ געוויסען גראַד ביי זייערע מנהגים, און עס וואָלט געווען אַ זאַך דער אונ־מעגליכקייט אַז דיא סאָציאַלע, פּאָליטישע און אינדוסטריעלע אומשטענדען פון לעבען אין אַמעריקא זאָלען פערבלייבען אונפערענדערט פון זייער איינפלוס. דיזע בעהויפּטונג איז ביז אַ געוויסען גראַד ריכטיג פון יעדען טייל פון לאַנד וואו אויסלענדישע אימיגראַנטען האָבען זיך בעזעצט.

432. שטאָטישע בעפעלקערונג. — אַן אַנדער בעוועגונג וואָס איז גאַנץ שטיל אָנגעגאַנגען איז דיא פערגרעסערונג פון דער בעפעלקערונג אין דיא שטעט. לויט דעם צענזוס פון 1890 איז כמעט אַ דריטעל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג געווען קאָנצענטרירט אין דיא שטעט (זעה ביילאַגע IV). דיזע פערגרעסערונג איז געווען כמעט אין גאַנצען אין דיא נאָרדליכע שטאַאטען וואָס האָבען זיך געפונען ביים אַטלאַנטישען אָקעאַן*) און דיא נאָרדליכע שטאַאטען וואָס האָבען זיך געפונען אין צענטער פון אַמעריקא.**) עס זיינען דאָ עטליכע אורזאַכען דאַפיר. דיא הויפּט אורזאַכע איז אָבער דיא שנעלע אויסברייטונג פון פאַבריקאַציע און האַנדעל — צוויי זאַכען וואָס מאַכען נויטיג אַז מען זאָל וואָהנען געדיכט צוזאַמען. אין דיא זידליכע און מעהרסטע פון דיא וועסטליכע שטאַאטען איז דיא שטאָטישע בעפעלקערונג פערהעלטניסמעסיג קליין.

433. דיא בעוואַסערונג פון טרוקענע לענדער; דיא בעשיצונג פון וועלדער. — אַ גרויסער טייל פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען אין דיא וועסט, מיט דער אויסנאַהמע פון נאָרדליכע קאַליפאָרניא און וועסטליכע טיילען פון אָרעגאָן און וואַשינגטאָן, בעשטעהט פון טרוקענע אָדער האַלב־טרוקענע לאַנד.***) עס פעלט דאָרט ניט גענוג רעגען פאַר דעם וואַקסען פון תבואה.

*) דאָס זיינען דיא ניו ענגלאַנד שטאַאטען, ניו יאָרק, ניו דזשוירזי, פּענסילווייניא; און צו דיזע דאַרף מען צושטעלען דעלאַווער און מערילענד.

**) אין דיזע שטאַאטען איז דער צואוואַקס הויפּטזעכליך געווען אין אָהייאָ, אילינאָי, מישיגען, וויסקאָנסין, מינעסאָטאַ און מיזורי.

***) ריכטיג אויסצודריקען זיך, געפינט זיך דיזע טרוקענע לאַנד וועסט פון אַ ליניע וועלכע איז גלייך מיט דעם הונדערטען מערידיאַן וועסט פון גריניטש. אַ בליק אויף אַ גוטער קאַרטע פון דער וועלט קען גלייך צייגען וואָס פאַר טעריטאַריע דאָס איז.

### צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

## עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און ליטעראַרישע צושטענדע

431. **אינלענדישע עמיגראַציאָן; אויסלענדישע אימיגראַציאָן.** — אין דיא אַלע יאָהרען, וועלכע זיינען אין דיזען בוך געוועזען בעשריבען, זיינען אין לאַנד פאָרגעקומען וויכטיגע בעוועגונגען וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אַזוי שטיל אַז זיי האָבען קוים געצויגען אירגענד וועלכע אויפמערקזאַמקייט, וועהרענד אַנדערע האָבען געצויגען אויפמערקזאַמקייט בלויז פון צייט צו צייט. צווישען דיא וויכטיגסטע פון דיזע בעוועגונגען איז געוועזען דער גרויסער שטראָם פון אויסוואַנדערונג נאָך דעם וועסטליכען טייל פון לאַנד. דיזע אינלענדישע עמיגראַציע איז געוואָרען מעגליך דורך דיא אויפבויאונג פון ניט נור דיא גרויסע באַהן ליניען, זאָנדערן אויך פון דיא צאָהלרייכע צווייג־ליניען, וועלכע האָבען געפיהרט עמיגראַנטען איבער דיא לייננ און ברייט פון לאַנד. דיזע אינלענדישע עמיגראַציאָן איז מעהרסטענטיילס אָנגעגאַנגען אין דער ריכטונג פון מזרח נאָך מערב.

אין דער זעלבער צייט איז אויך אָנגעגאַנגען אַ גרעסערע בעוועגונג. היס־טאָריקער רעדען געוואָהנליך פון דיא זיבעצעהנטע און אַכצעהנטע יאָהרהונ־דערטע אַלס דיא "פּעריאָדע פון קאָלאָניזאַציאָן". זיי זיינען אויך גערעכט. אָבער דיא קאָלאָניזאַציאָן פון לעצטען האַלבען נייִנצעהנטען יאָהרהונדערט איז אָנגעגאַנגען אויף אַ פיעל גרעסערן מאַסשטאַב. פון 1820 ביז 1893 זיינען אין דיא פעראייניגטע שטאַאַטען אָנגעקומען איבער 16,000,000 אימיגראַנטען.*) מעהר וויא אַ דריטעל פון דיזע זיינען אָנגעקומען אין דיא צעהן יאָהר וואָס האָבען זיך געענדיגט דעם 30טען יוני, 1890. אין דיא לעצטע עטליכע יאָהר איז דיא דורכשניטליכע יעהרליכע פערגרעסערונג פון דער בעפעלקערונג דורך דיזער קוועלע געוועזען איבער דריי מאָל הונדערט טויזענד. דיא מעהרסטע פון

---

*) פון 1820 ביז דעם 30טען יוני, 1893, זיינען אָנגעקומען 16,443,823 אימיגראַנטען; פון 1893 ביז 1900 — 2,158,100.

# CHAPTER XX.

## ECONOMIC, SOCIAL, AND LITERARY CONDITIONS.

REFERENCES.

The current periodicals, especially American Review of Reviews.

Interstate emigration.

**431. Interstate Emigration; Foreign Immigration.** — In the years which we have just been considering, many important movements have been going on in the country, some so silently as hardly to attract notice, while others have claimed attention from time to time. Among the most important of these has been the great westward march of emigrants within the country, made possible by the construction not only of the great trunk railroads, but also of the numerous branch roads, which have carried population far and wide. This native emigration has in the main been along the parallels of latitude.

Foreign immigration.

A greater movement has also been in progress. It is the habit of historians, and rightly so, to speak of the seventeenth and eighteenth centuries as the "period of colonization"; but the colonization of the last half of the nineteenth century has been on a vastly greater scale. From 1820 to 1893 there were landed in the United States over 16,000,000 immigrants,[1] more than one-third of these having come during the ten years ending June 30, 1890. For the last few years the average annual increase of population from this source has been over three hundred

[1] From 1820 to June 30, 1893, 16,443,823; 1893 to 1900, 2,158,100.

the centennial celebration of the surrender at Yorktown, Virginia, was celebrated. A cotton exposition was held at New Orleans, 1884, which showed the progress of the "New South."

Grover Cleveland was elected President in 1884. Important acts passed by Congress were the Presidential Succession Act (1886), the Interstate Commerce Act (1887), and the Chinese Exclusion Act (1888). There were many labor troubles, strikes, and riots. Charleston, South Carolina, suffered from an earthquake in 1886.

Harrison was elected President in 1888. The great Johnstown flood happened May 31, 1889. North Dakota, South Dakota, Montana, and Washington became states in 1889, Idaho and Wyoming in 1890, and Utah in 1896. Republicans pass the McKinley Tariff Bill and Pension Bill in 1893. The Census of 1890 showed a gratifying increase in population and a growth in all material interests. Difficulty arose with Italy in regard to Italian citizens killed in a riot at New Orleans. Serious labor outbreaks occurred at Homestead, Pennsylvania, 1892. The Columbian Exposition was held at Chicago, 1893.

Cleveland was elected President for a second time in 1892. The "compulsory silver purchase clause" was repealed in 1893. A revolution in Hawaii led to a proposition for annexation to the United States, but the project failed.

פרעזידענט אין 1880; ער איז איינגעשוואָרען געוואָרען אין 1881 און איז ערמאָרדעט געוואָרען דעם 2טען יולי פון דעמזעלבען יאָהר. ער איז געשטאָרבען דעם 19טען סעפּטעמבער און זיין נאָכפאָלגער איז געווען וויים-פרעזידענט טשעסטער א. אַרטהור. דער געזעץ וועגען רעגיערונגס אָנגעשטעלטע ("סיוויל סירוויס") איז אָנגענומען געוואָרען; דער ברוקלין בריק איז פערטיג געוואָרען, און אַן אויסגעגלייכטע צייט איז אָנגענומען געוואָרען פון דיא אייזענבאַהנען אין יאָהר 1883. דער מאָנומענט צום אַנדענקען פון וואַשינגטאָן אין דער שטאָט וואַשינגטאָן איז פערטיג געוואָרען אין 1885. אין 1881 איז דער הונדערטיעהריגער יובילעאום לכבוד דעם אונטערגעבען זיך פון יאָרקטאַון, ווירדזשיניאַ, געפייערט געוואָרען. אַ בוימוואָל אויסשטעלונג איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין ניו אָרלינס, 1884, וועלכע האָט בעוויזען דעם פאָרטשריט פון "דיא נייע זיד".

גראָווער קליוולענד איז ערוועהלט געוואָרען פרעזידענט אין 1884. פון דיא וויכטיגע געזעצע וואָס מען האָט דורכגעפיהרט אין קאָנגרעס זיינען געווען דער פרעזידענט נאָכפאָלגערשאַפט געזעץ (1886), דער אינטערשטאַאט האַנדעלס געזעץ (1887), און דער כינעזער אויסשליסונגס געזעץ (1888). עס זיינען פאָרגעקומען פיעלע אַרבייטער סכסוכים, סטרייקס און אונרוהען. טשאַרלסטאָן, זיד קעראָליינאַ, האָט געליטען פון אַן ערדציטערניס אין 1886.

העריסאָן איז ערוועהלט געוואָרען פרעזידענט אין 1888. דיא גרויסע פערפליוצונג פון דזשאָנסטאַון האָט געטראָפען דעם 31טען מאַי, 1889. נאָרד דאַקאָטאַ, זיד דאַקאָטאַ, מאָנטאַנאַ און וואַשינגטאָן זיינען געוואָרען שטאַאטען אין 1889, איידאַהאַ און ווייאָמינג אין 1890 און יוטאַ אין 1896. דיא רעפּובליקאַנער האָבען דורכגעפיהרט דעם מעקינלי טאַריף געזעץ און דעם פענסיאָנס געזעץ אין 1893. דער צענזוס פון 1890 האָט בעוויזען אַ צופרידענשטעלענדען צואוואַקס אין דער בעפעלקערונג און אַ צואוואַקס אין אַלע מאַטעריעלע אינטערעסען. אַ סכסוך איז פאָרגעקומען מיט איטאַליען וועגען איטאַליענער בירגער וועלכע זיינען געטויטעט געוואָרען ביי אונרוהען אין ניו אָרלינס. ערנסטע אונרוהען זיינען פאָרגעקומען אין האָומסטעד, פּענסילווייניאַ, אין 1892. דיא קאָלאָמבוס אויסשטעלונג איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין שיקאַגאָ, אין יאָהר 1893.

קליוולענד איז ערוועהלט געוואָרען פרעזידענט אַ צווייטען מאָל אין 1892. דער פּונקט אין שערמאַן געזעץ "צו צווינגען דיא רעגיערונג צו קויפען זילבער" איז צוריק אָבגעשאַפט געוואָרען אין 1893. אַ רעוואָלוציאָן אין האַוואַי האָט געפיהרט צו אַ פאָרשלאַג אַז דיא אינזלען זאָלען אַנעקסירט ווערן צו דיא פעראייניגטע שטאַאטען, אָבער דער פּראָיעקט איז דורכגעפאַלען.

(2) אַ פּענסיאָנס געזעץ וועלכער האָט פיעל גרעסער געמאַכט דיא ליסטע פון פּענסיאָנירטע. דיא פּאָרשריפטען פון דיזען געזעץ אונטערשיידען זיך אפילו ניט זעהר שטאַרק פון דיא יעניגע געזעצע וואָס האָבען פּענסיאָנירט אַלטע סאָלדאַטען פון דער רעוואָלוציאָנס מלחמה, דיא מלחמה פון 1812 און פון דער מעקסיקאַנער מלחמה, דאָך האָט דיא גרויסע צאָהל מענשען וואָס האָבען געזאָלט קריגען בעלוינונג לויט דעם נייעם געזעץ געמאַכט דיא פראַגע פאַר אַ זעהר וויכטיגע. עס איז אָבגעשאַצט געוואָרען אַז דיא דורכשניטליכע יעהרליכע קאָסטען פאַר דאָס לאַנד וועלען פאַר היבשע עטליכע יאָהר בעטרעפען נאָהענט פון 150,000,000 דאָלער. קיין אַנדער נאַציאָן האָט ווען געמאַכט אַ פערזוך צו בעלוינען איהרע סאָלדאַטען און מאַטראָזען אויף אַן עהנליכען אופן.*)

416. רעפּובליקאַנער נידערלאַגע; דער פאַרמערס' אַליאַנץ. (1890)— אַ קורצע צייט נאָכדעם וויא דער מעקינלי געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען, זיינען דיא וואַהלען פאַר מיטגליעדער פון דעם צוויי־און־פיערציגסטען קאָנגרעס אָבגעהאַלטען געוואָרען און דיא רעפּובליקאַנער האָבען געהאַט אַ גוואַלדיגע נידערלאַגע ביים שטים־קאַסטען. דיא דעמאָקראַטען האָבען זיך אומגעביטען פון אַ מינאָריטעט פון 21 אין אַ מאַיאָריטעט פון 135. דיא ריעזיגע געלד־בעוויליגונגען פון דעם איין־און־פופציגסטען קאָנגרעס, דער צווייפעל אין דער חכמה פון דעם פּענסיאָנירונגס געזעץ, און מורא פאַר העכערע קאָסטען פון לעבענס מיטעל, צוליב דעם מעקינלי טאַריף געזעץ, האָבען געהאָלפען בריינגען דיזע פּאָליטישע איבערקעהרעניס. עס איז אויך ביז אַ געוויסען גראַד געווען צו פערדאַנקען דעם דירעקטען און אינדירעקטען איינפלוס פון אַ נייע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע איז אפילו אָנפאַנגס ניט געווען פּאָליטיש אין איהר כאַראַקטער, אָבער וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף דיא שטימען געבער. דאָס איז געווען דיא "נעשיאָנעל פאַרמערס' עלייענס ענד אינדאָסטריעל יוניאָן" (דער "נאַציאָנאַלער פאַרמער אַליאַנץ און אינדוסטריעלער פערבאַנד"). דיא אויפגאַבען פון דיזער אָרגאַניזאַציאָן איז געווען געגענזייטיגע פערבעסערונגען און דיא בעשיצונג פון דיא פאַרמערס' אינטערעסען. דיא ערשטע אַליאַנץ, וויא עס שיינט, איז געווען אין ניו יאָרק אונגעפעהר אין 1873; אַרום 1889 זיינען דיא פערשיעדענע שטאַאַטען אָרגאַניזאַציאָנען פעראייניגט געוואָרען אין אַ נאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט, וועלכע האָט אין 1890 אָנגעגעבען אַ מיטגליעדערשאַפט פון 2,000,000.

*) אַלע (פריהעריגע) קאָנפעדעראַטען שטאַאַטען גיבען פּענסיאָנען צו אונפעהיג־געוואָרענע אָדער הילפלאָזע געוועזענע קאָנפעדעראַטען סאָלדאַטען, אָדער זיי האָבען סאָלדאַטען־היימען; מערילענד און מיזורי האָבען סאָלדאַטען־היימען. דיא סומע וואָס ווערט בעוויליגט איז נויטווענדיגער ווייזע קליין. אויף אַזאַ אופן טראָגט דיא זיד ביי צו דער אונטערשטיצונג פון דיא איבערלעבענדע פון ביידע אַלטע אַרמעען. דיא גאַנצע סומע וואָס איז בייגעטראָגען געוואָרען צו העלפען געוועזענע קאָנפעדעראַטען האָט, אין 1892, בעטראָפען מעהר וויא אַ מיליאָן דאָלער.

אַבשטעלען אַלע פערהאנדלונגען ביז מען האָט געקענט צוזאמענקריגען אַ "קוואָרום".*)

ספיקער ריד האָט אָבער בעשלאָסען צו מאַכען אַ סוף צו דיזע שטערענדע טאַקטיק, אָדער "פיליבוסטערינג", וויא מען האָט עס גערופען, און ער האָט עס געטהאָן מיט דעם וואָס ער האָט געצעהלט אַלס אנוועזענד אַלע מיטגליעדער וואָס זיינען אנוועזענד געווען, סיי זיי האָבען אַליין געשטימט און סיי ניט. אַ נייע ליסטע מיט רעגלען איז נאכהער אָנגענומען געוואָרען וועלכע האָט געגעבען דעם ספיקער דיזע מאַכט.

415. דער מעקינלי טאַריף; "רעסיפּראָסיטי"; דער פּענסיאָנס געזעץ. (1890) — דיא רעפּובליקאנער האָבען געהאַט דיא קאָנטראָלע איבער ביידע הייזער פון קאָנגרעס, און אַזוי וויא דער פּרעזידענט איז אויך געווען אַ רעפּובליקאנער, איז דער קאָנגרעס געווען אין דעם בעסטען צושטאַנד דורכצופיהרען געזעצע. צוויי וויכטיגע און ווייט גרייכענדע געזעץ פאָרשלעגע זיינען אָנגענומען געוואָרען: (1) אַ נייער טאַריף געזעץ. דיזער טאַריף געזעץ איז גערופען געוואָרען נאָך'ן נאָמען פון מעקינלי, פאָרזיצענדער פון דער קאָמיטעע איבער מיטלען און וועגען, וועלכער האָט עס בעריכטעט אין רעפּרעזענטאַנטען הויז. דער געזעץ־פאָרשלאַג איז דורכגעגאַנגען אין ביידע הייזער, נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע, און איז געוואָרען אַ געזעץ דעם 6טען אָקטאָבער 1890. זעהר וועניגע פראַגען האָבען ערוועקט אַזאַ אַלגעמיינע אינטערעסע וויא דיזע. דער טאַריף איז געווען בעגרינדעט אויף דעם פּרינציפּ דאָס דיא אַמעריקאַנער אינדוסטריען נויטיגען זיך אין בעשיצונג. הגם דער נייער טאַריף האָט רעדוצירט דיא צאָל אויף פיעלע אַרטיקלען און האָט פיעל פערגרעסערט דיא זאַכען וואָס האָבען געקענט אריינגעפיהרט ווערען אין גאַנצען אָהן צאָל, האָט ער אָבער פערגרעסערט דיא צאָל אויף אַנדערע אַרטיקלען, מיט דעם אויסדריקליכען צוועק צו בעשיצען און העלפען אַמעריקאַנער פּראָדוקטען און פאַבריקאַציאָנען. אַ פּונקט איז אויך אריינגעגעבען געוואָרען דורך וועלכען דער פּרעזידענט האָט געקראָגען דיא מאַכט אַרויפצולייגען אָדער אַרונטערצונעהמען דיא צאָל אויף געוויסע אַרטיקלען, אויב דאָס לאַנד פון וועלכען דיזע אַרטיקלען זיינען געקומען האָט אַרויפגעלייגט אָדער אַרונטערגענומען אַ צאָל אויף אַמעריקאַנער פּראָדוקטען. דאָס איז געווען בעקאַנט אַלס דער "רעסיפּראָסיטעט פּונקט" (דאָס הייסט, געגענזייטיגע פערפליכטונג פון איין לאַנד צו אַן אַנדערער).

*) דאָס פלעגט געטהאָן ווערען אויף פאָלגענדען אופן: דיא מינאָריטעט פלעגט זיך ענטזאָגען צו שטימען וועגען אַ געוויסע פראַגע, און ווען דער בעריכט פון דעם קלוירק (סעקרעטער) פלעגט צייגען אַז וועניגער וויא אַ מאַיאָריטעט האָבען זיך בעטייליגט אין שטימען איבער דער פראַגע פלעגען זיי, דיא מינאָריטעט, אויפהויבען דיא טענה אַז קיין גענוגענדע צאָהל איז אנוועזענד און פלעגען פאָדערן אַז דער נאָמען פון יעדען איינציגען זאָל אויסגערופען ווערן. אַזוי וויא אַזאַ געשיכטע פערנעהמט אַ היבשע צייט, און עס קען ווידערהאָלט ווערן פיעלע מאָל אָהן אַן אויפהער, איז פאַר אַ פערהעלטניסמעסיג קליינע צאָהל מענשען געווען מעגליך צו שטערען דיא געזעץ־געבונג גאַנץ עפעקטפאָל.

which would stop all business until a quorum could be secured.[1]

"Reed's rules."

Speaker Reed resolved to put an end to this "filibustering," as it was called, and did so by counting as part of a quorum all members present, whether voting or not. A new set of rules afterward adopted by the House gave the speaker this power.

McKinley Bill.

**415. McKinley Tariff; Reciprocity; Pension Bill.** (1890.) — The Republicans, having control of both houses of Congress and the President being a Republican, Congress was in a good position to make laws. Two important and far-reaching measures were enacted: (1) A new tariff bill. This, called the McKinley Bill, from the chairman of the Committee of Ways and Means who reported it, passed both houses, after long discussion, and became a law October 6, 1890. Few measures have excited such public interest. It was based on the principle of protecting American industries. While reducing the rate of duty on many articles, and adding largely to the free list, it increased the duty on other articles for the express purpose of protecting and stimulating American products and manufactures. A provision was included by which the President was empowered to impose or remit duties upon certain articles, according as the country from which the articles came did or did not levy duties upon American products. This was known as the "reciprocity measure."

Reciprocity.

(2) A pension bill vastly extending the list of pensioners. While the provisions of this act do not differ mate-

[1] The way in which this was done is as follows: The minority would refuse to vote upon a measure, and when the record of the clerk showed that less than a majority voted on the bill, would raise the point of order that no quorum was present, and would demand the calling of the roll. As this operation occupies considerable time, and can be repeated without limit, it was quite possible for a comparatively small number to block legislation effectively.

**413. Pan-American Congress. (1889-1890.)** — In the autumn of 1889 a congress of representatives from the principal independent nations of America began its sessions at Washington. This Pan-American Congress, as it was called, was held at the invitation of the United States, for "the purpose of recommending some plan of arbitration for the settlement of disputes between them [the republics of both American continents], and of considering questions relating to the improvement of business intercourse, and means of direct communication between said countries."

**Pan-American Congress, 1889.**

The congress made a number of recommendations, the most important of which is that "the republics of North, Central, and South America adopt arbitration as a principle of American international law for the settlement of all differences, disputes, or controversies that may arise between them." The members of this congress spent six weeks in visiting the principal cities of the United States.[1]

**414. "Filibustering" in Congress; Quorum. (1890.)** — The fifty-first Congress met in 1889, with a Republican majority in each house, and Thomas B. Reed of Maine was elected Speaker. Great complaint had often been made of the slowness of Congress in transacting the business before it. It had long been the custom of the minority to stop the progress of law-making by refusing to vote. As a member not voting was counted as not present, the minority by not voting could raise the objection of "no quorum present,"

**"Filibustering" in Congress.**

[1] The congress consisted of sixty-six members. Haiti, Nicaragua, Peru, Guatemala, Colombia, Argentine Republic, Costa Rica, Paraguay, Brazil, Honduras, Mexico, Bolivia, United States, Venezuela, Chile, Salvador, and Ecuador were represented. The congress adjourned April 19, 1890.

413. דער פּאַן־אַמעריקאַנישער קאָנגרעס. (1889—1890) — אין הערבסט פון יאָהר 1889 האָט אַ קאָנגרעס פון פערטרעטער פון דיא הויפּט אונ־אַבהענגיגע נאַציאָנען פון אַמעריקאַ אָנגעפאַנגען זיינע זיצונגען אין וואשינג־טאָן. דיזער "פּאַן־אַמעריקאַן קאָנגרעס", וויא מען האָט איהם גערופען, איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אויף דער איינלאַדונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, פאַר'ן צוועק פון "רעקאָמענדירען אַ פּלאַן פון פערמיטלונג צו שליכטען סכסוכים צווישען זיי (דיא רעפּובליקען פון ביידע אַמעריקאַנער קאָנטינענטען) און בע־טראַכטען פראַגען וואָס האָבען צו טהאָן מיט פערבעסערן דיא געשעפטס־פער־בינדונגען און מיטלען פון דירעקטען פערקעהר צווישען דיא דאָזיגע לענדער."

דער קאָנגרעס האָט געמאַכט אַן אַנצאָהל רעקאָמענדאַציאָנען, דיא וויכ־טיגסטע פון וועלכע איז "אַז דיא רעפּובליקען פון נאָרד, צענטראַל און זיד אַמעריקאַ זאָלען אָננעהמען פריעדליכע פערמיטלונג אַלס אַ פּרינציפּ פון אַמע־ריקאַנישע אינטערנאַציאָנאַלע געזעצע, צו שליכטען אַלע טענות, וכוחים אָדער סכסוכים וואָס וועלען ארויסקומען צווישען זיי". דיא מיטגליעדער פון דיזען קאָנגרעס האָבען פערבראַכט זעקס וואָכען צייט אין בעזוכען דיא הויפּט שטעט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען.*)

414. שטערונגען אין קאָנגרעס; קוואָרום. (1890) — דער איין־און־פופציגסטער קאָנגרעס האָט זיך פערזאַמעלט אין 1890 מיט אַ רע־פּובליקאַנער מעהרהייט אין יעדע הויז, און טאָמאַס ב. ריד, פון מעין, איז ערוועהלט געוואָרען ספּיקער (פּאָרזיצענדער). פילע קלאַגען זיינען אָפט גע־מאַכט געוואָרען אויף דיא לאַנגזאַמע ארבייט פון קאָנגרעס אין פערהאַנדלען דיא געשעפטען וואָס ליגען פאַר פאַר איהם. עס איז לאַנג געווען דיא מאָדע פון דער מינדערהייט אָבצוהאַלטען דעם פאָרטשריט פון דער געזעץ־געבונג מיט דעם וואָס זיי האָבען זיך ענטזאָגט צו שטימען. אַזוי וויא אַ מיטגליעדער וואָס האָט ניט געשטימט איז פעררעכענט געוואָרען אַלס אַבוועזענד, האָט דיא מינדערהייט דורכ'ן ניט שטימען געקענט אימער אויפהויבען דיא טענה אַז עס איז ניטאָ קיין "קוואָרום" (דאָס הייסט, אַז עס זיינען ניטאָ גענוג מיטגליעדער צו פער־האַנדלען דיא געשעפטען אויף אַ געזעצליכען אופן). אַזאַ טענה פלעגט געוואוינליך

*) דער קאנגרעס איז בעשטאנען פון זעקס און זעכציג מיטגליעדער. הייטי, ניקאראגוא, פערו, גוואטעמאלא, קאלאמביא, ארגענטיניען, קאסטא ריקא, פאראגוואי, בראזיליען, האנדוראס, מעקסיקא, באליוויא, דיא פעראייניגטע שטאאטען, ווענעצועלא, טשילי, סאלוואדאר און עק־וואדאר זיינען געווען פערטראטען. דער קאנגרעס האט זיך פערטאגט דעם 19טען אפריל, 1890.

אין ניו יאָרק איז אפּריל דעם 29—30טען, 1889, געפייערט געוואָרען אויף א פּאסענדען אופן דער הונדערט יעהריגער יובילעאום פון וואשינגטאָן׳ס איינשווערונג אלס פּרעזידענט אין דעם טאָג פון 30טען אפּריל, 1789, אין יענער שטאָט. פּרעזידענט העריסאָן און זיין קאבינעט מיט א גרויסע מאסע פון דער ארמעע און פלאָטע, וויא אויך פון בירגער האָבען זיך אין דעם בעטייליגט.

412. דיא דזשאנסטאַון פערפלייצונג; זיבען נייע שטאאטען. (1889—1890, 1896) — איינער פון דיא שרעקליכסטע אונגליקען וואס האָט ווען פּאסירט אין דיזען לאנד האָט געטראָפען אין דזשאנסטאון, אין מיטען פּענסילווייניא, דעם 31טען מאי, 1889. א גרויסע וואסער־וואנט ביים קאָנעמאָו טייך האָט זיך איינגעבראָכען, און א ים וואסער, כמעט א האלבער מייל ברייט און פערציג פוס הויך, האָט זיך ארונטערגעלאָזען אין טהאל צום שטאָט מיט אן איבערראשענדע שנעלקייט; מען זאָגט אז דאָס וואסער איז דורכגעלאָפען א שטרעקע פון אכצעהן מייל אין פופצעהן מינוט. כמעט אָהן א מאָמענט ווארנונג זיינען גאנצע דערפער און הייזער אוועקגעטראָגען געוואָרען; זאָגאר א שנעל־פליהענדער פּאסאזשירען צוג האָט זיך ניט געקענט רעטען פון דער פערפלייצונג און איז פערכאפּט געוואָרען אין אונגליק. דיא פערפלייצונג איז געגאנגען ביז דזשאנסטאון, א זעהר וויכטיגע פאבריק שטאָט, וועלכע איז כמעט אין גאנצען פערניכטעט געוואָרען. צוויי און צוואנציג הונדערט פּערזאָן, דענקט מען, האָבען זייערע לעבענס פערלאָרען; אין מאנכע פעלע זיינען גאנצע פאמיליען אָבגעמעקט געוואָרען פון דער וועלט. אייגענטום אין ווערטה פון 10,000,000 דאָלער איז פערניכטעט אָדער ווערטהלאָז געמאכט געוואָרען. וויא ביי אנדערע קאטאסטראָפען, זיינען אויך איצט ביישטרעגע שנעל געזאמעלט געוואָרען און ליבעראל געגעבען געוואָרען צו העלפען דיא פעראונגליקטע.

אין דיא לעצטע עטליכע טעג פון דער פריהערדיגער אדמיניסטראציאָן, האָט דער קאָנגרעס בעשלאָסען אריינצונעהמען פיער נייע שטאאטען, וועלכע האָבענדיג ערפילט דיא געשטעלטע קאָנדיציאָנען, זיינען אויפגענומען געוואָרען אין דעם בונד דורך פּראָקלאמאציאָנען פון דעם פּרעזידענט אין הערבסט פון יאָהר 1889. דיזע שטאאטען זיינען געוועזען נאָרד דאקאָטא, זיד דאקאָטא, מאָנטאנא און וואשינגטאָן. איידאהאָ און ווייאָמינג זיינען אריינגענומען געוואָרען אין יולי, 1890, און יוטא אין יאנואר 1896, מאכענדיג דיא צאָהל פון שטאאטען פינף און פיערציג.*)

---

*) יוטא האט פאר איהר אויפנאהמע געמוזט נאכקומען א ספּעציעלען בעשלוס פון קאנגרעס. איינע פון דיזע פארשריפטען פון דיזען בעשלוס האט געפאדערט פאלקאמענע פערבאטונג פון פאליגאמיע.

Washington's Centennial in New York, 1889.

An imposing celebration of the one hundredth anniversary of the inauguration of Washington at New York, April 30, 1789, was held in that city April 29–30, 1889; the President and the Cabinet with a large representation of the army and navy, as well as of citizens, took part in it.

Johnstown flood, 1889.

**412. Johnstown Flood; Seven New States. (1889–1890, 1896.)** — One of the most terrible disasters which has ever been known in the country took place at Johnstown, central Pennsylvania, May 31, 1889. A large dam on the Conemaugh River gave way, and a column of water nearly half a mile wide and forty feet high swept down the valley toward the town with amazing rapidity; it is said to have traversed a distance of eighteen miles in fifteen minutes. With scarcely a moment's warning villages and houses were carried away; even an express passenger railroad train was unable to get away from the flood, and was overtaken with destruction. The flood swept on to Johnstown, a busy manufacturing town, which was almost completely destroyed. About twenty-two hundred persons are thought to have lost their lives; in some instances whole families were swept out of existence. Property valued at $10,000,000 was destroyed or rendered worthless. As in other times of calamity, contributions were quickly and liberally made to aid the sufferers.

New states admitted.

In the last few days of the preceding administration, Congress had authorized the admission of four new states, which, having fulfilled the required conditions, were admitted to the Union by proclamations of the President in the fall of 1889. They were North Dakota, South Dakota, Montana, and Washington. Idaho and Wyoming were admitted in July, 1890, and Utah in January, 1896,[1] making the number of states forty-five.

[1] Utah, before admission, complied with a special act of Congress, one of the provisions of which required the absolute prohibition of polygamy.

to which the civil service applies were not displaced; but, as under previous administrations, many, particularly in the Post-office Department, were either removed or not reappointed when their terms expired.



BENJAMIN HARRISON.

BENJAMIN HARRISON, grandson of President William Henry Harrison and great grandson of Benjamin Harrison, signer of the Declaration of Independence, was born in Ohio, August 20, 1833. He graduated at Miami College, Ohio, 1852. He studied law, but entered the army in 1861. He served with distinction, receiving the rank of brevet brigadier-general. In 1865 he resumed the practice of law. He was a senator from Indiana 1881-1887. He was nominated for President 1888 and was elected. He was President 1889-1893. A candidate for re-election in 1892, he was defeated. He died March 13, 1901.

**411. Oklahoma; Washington Centennial.** (1889.) — One of the earliest acts of the new administration was the opening of the territory of Oklahoma to white settlers. This tract of 39,030 square miles had been part of Indian Territory. There was a rush to the new territory to take up claims under the land laws, but by proclamation of the President, any one entering the district before noon of April 22, 1889, would be debarred from acquiring any rights therein. At midday crowds of eager claim-seekers rushed across the line, claims were staked out with marvellous rapidity, and towns of tents or rough board shanties sprang up before nightfall. In about five months, Guthrie, the principal town, had a population of 4000, several banks, four daily papers and lines of street cars.[1] Oklahoma.

[1] The lands were bought from the Creek and Seminole Indians, and opened to settlers by act of Congress March 2, 1889. Great numbers of negroes went to Oklahoma. In 1890 the population of the new territory was 61,834, and in 1900, 398,245.

צוגעפּאסט, ניט ארונטערגעזעצט געוואָרען; אָבער, וויא אונטער דיא אנדערע אדמיניסטראַציאָנען, זיינען פיעלע איבערהויפּט פון פּאָסט דעפּאַרטמענט, ענטזאגט געוואָרען, אָדער זיי זיינען ניט ווידער ערנאנט געוואָרען, ווען זייערע טערמינען האָבען זיך געענדיגט.*)

411. אָקלאַהאָמאַ; וואַשינגטאָן'ס הונדערט יעהריגער פייער. (1889) — איינע פון דיא ערשטע טהאטען פון דער נייער אדמיניסטראַציאָן איז געווען דיא ערעפנונג פון דער טעריטאָריע פון אָקלאַהאָמאַ פאר ווייסע קאָלאָניסטען. דיזער טראַקט לאנד, 39,030 קוואדראט מייל דיא גרויס איז געווען א טייל פון אינדיאַנער טעריטאָריע. עס איז געוואָרען א געיעג נאָך דער נייער טעריטאָריע, אום אויסצוכאפּען חזקות לויט דיא געזעצע וועגען לאנד, אָבער א פּראָקלאמאציאָן פון פּרעזידענט האָט בעשטימט דאָס יעדער איינער וואָס וועט אריין אין דעם געגענד פאר מיטאָג־צייט פון 22טען אפּריל, 1889, וועט אין גאַנצען אויסגעשלאָסען ווערן פון יעדער געלעגענהייט צו ערווערבען וועלכע עס איז רעכטע דאָרט. ביי מיטאָג־צייט פון יענעם טאָג זיינען מאסען נייגעריגע חזקות־זוכער אריבערגעלאָפען דיא ליניע, חזקות זיינען פערכאפּט געוואָרען מיט וואונדערבארע שנעלקייט, און שטעט פון פּאלאטקעס אָדער ביידלאך צוזאמענגעשטעלט פון שטיקלאך ברעטלאך זיינען אויפגעוואקסען ביז פארנאכט. אין אונגעפעהר פינף מאָנאטען, האָט גאָטהרי, דיא הויפּט שטאָט, געהאט א בעפעלקערונג פון 4000, אייניגע באנקען, פיער טעגליכע צייטונגען און ליניעס פון באהן־שטראסען.**)

*) בענדזשאמין העריסאָן, וועמעס בילד געפינט זיך אויף דער ענגלישער זייטע 443, איז געווען אן אייניקעל פון פּרעזידענט וויליאם הענרי העריסאָן און אן אור־אייניקעל פון בענדזשאמין העריסאָן, וועלכער האט אונטערשריבען דיא אונאבהענגיגקייטס ערקלערונג. ער איז געבאָרען געוואָרען אין אָהייאָ דעם 20טען אגוסט, 1833. ער האט געענדיגט מיאמי קאָלעדזש, אין אָהייאָ, 1852. ער האט שטודירט פאר יוריסט, אבער ער איז אריינגעטרעטען אין דער אַרמעע אין יאָהר 1861. ער האָט זיך אויסגעצייכענט אין דיענסט, קריגענדיג דעם ראנג פון "ברעוועט" בריגאַדיר־גענעראל. אין 1865 האט ער ווידער אבגעגעבען זיך מיט דער פּראַפעסיאָן פון א יוריסט. ער איז געווען א סענאַטאָר פון אינדיאַנא פון 1881 ביז 1887. ער איז אַרויסגעשטעלט געוואָרען פּאָר פּרעזידענט אין 1888 און איז ערוועהלט געוואָרען. ער איז געווען פּרעזידענט פון 1889 ביז 1893. ער איז געווען קאנדידאט פאר ווידער־ערוועהלונג אין 1892, אבער איז דורכגעפאלען. ער איז געשטאָרבען דעם 13טען מערץ, 1901.

**) דאָס לאַנד איז געקויפט געוואָרען פון דיא קריק און סעמינאָל אינדיאַנער און איז געעפענט געוואָרען פאר קאָלאָניסטען, לויט א בעשלוס פון קאָנגרעס פון דעם 2טען מערץ, 1889. א גרויסע צאָהל נעגער זיינען אוועק נאָך אָקלאָהאָמאַ. אין 1890 איז דיא בעפעלקערונג פון דער נייער טעריטאָריע געווען 61,834, אין יאָהר 1900—398,245 און אין 1910—1,657,155.

בלויז פאר הכנסה״. דיזע מיינונג האט ער געגעבען דעם קאנגרעס אין זיין יעהרליכע באטשאפט פון דעצעמבער, 1887, אין וועלכער, געגען יעדען מנהג, ער האט זיך בעשריינקט בלויז אויף איין פונקט — דער טאריף.

דאס רעפרעזענטאנטען הויז האט אלס אנטווארט אויף דיזער האנדלונג אנגענומען א טאריף געזעץ, וועלכער איז גערופען געווארען נאך זיין הויפט פערפאסער, דער מילס געזעץ, וועלכער האט בעצוועקט צו פערקלענערן זעהר שטארק דיא צאל אויף אימפארטירטע סחורות. דער סענאט, וועלכער האט געהאט א רעפאבליקאנער מאיאריטעט, האט זיך ענטזאגט צו צושטימען און דער געזעץ איז דורכגעפאלען.

ביי דיא פרעזידענטען וואהלען פון יאהר 1888, האבען דיא דעמאקראטען ארויסגעשטעלט פרעזידענט קליוולענד און עלען ג. טוירמען, פון אהייא, פאר וויס-פרעזידענט. דיא רעפובליקאנער האבען ארויסגעשטעלט בענדזשאמין העריסאן פון אינדיאנא, פאר פרעזידענט, און לעווי פ. מארטאן, פון ניו יארק, פאר וויס-פרעזידענט. דיא פראהיבישעניסטען האבען ארויסגעשטעלט קלינטאן ב. פיסק, פון ניו דזשוירזי, און דזשאן א. ברוקס, פון מיזורי. דיא יונייטעד לייבאר (״פעראייניגטע ארבייטער״) פארטיי האט אויך ארויסגעשטעלט קאנדידאטען אין פעלד. וועניג אדער כמעט קיין איינוואנד, האט ניט געקענט געמאכט ווערן געגען דיא קאנדידאטען אויף פערזענליכען גרונד, אזוי דאס דיא גאנצע זאך איז געווען א פראגע וואס איז בעסער פאר׳ן פאלק. דיא דעמאקראטען האבען ארויס-געשטעלט א ״טאריף בלויז פאר הכנסה״, וועהרענד דיא רעפובליקאנער האבען אגיטירט פאר א טאריף ניט בלויז פאר הכנסה, נור אויך אלס ״א שוץ פאר דיא היימישע אינדוסטריען״. וויא אין 1884, אזוי האט זיך דער רעזולטאט פון דיא וואהלען געווענדט אן דיא שטימען אין ניו יארק, וועלכע האט דיזען מאל געגעבען א פלוראליטעט פאר דיא רעפובליקאנער קאנדידאטען.*)

410. בענדזשאמין העריסאן. (1889) — העריסאן און מארטאן זיי-נען איינגעשווארען געווארען דעם 4טען מערץ, 1889. וויא אונטער קליוולענד׳ס אדמיניסטראציאן זיינען דיא מייסטע פון דיא יעניגע וואס האבען געהאלטען רעגיערונגס שטעלען און צו וועלכע דער ״סיוויל סוירוויס״ געזעץ האט זיך

*) יעדער נארדליכער און וועסטליכער שטאאט, אויסער קאנעטיקוט און ניו דזשוירזי, האט זיך ערקלערט פאר דיא רעפובליקאנער, און יעדער זידליכער שטאאט פאר דיא דע-מאקראטען; אזוי דאס ווידער איז געווארען דיא ״פעראייניגטע זיד״. טעקסעס האט געגעבען קליוולענד׳ן אזא גרויסע פלוראליטעט וויא 146,000, וועהרענד אין זיד קעראליינא איז דיא גאנצע צאהל שטימען פאר אלע קאנדידאטען געווען מיט 13 טויזענד שטימען וועניגער וויא אין 1884, און מיט 91,000 שטימען וועניגער וויא אין 1880.

ducing it on others to a point which would bring about a "tariff for revenue" only. This opinion he gave to Congress in his annual message of December, 1887, in which, contrary to precedent, he confined himself to one subject, — the tariff.

**The Tariff.**

The House of Representatives, in response to this action, passed a tariff bill, called from its principal author the Mills Bill, which proposed to reduce largely the tariff on imports. The Senate, which had a Republican majority, refused to concur, and the measure failed.

**Nominations, 1888.**

In the Presidential election of 1888, the Democrats nominated President Cleveland, with Allen G. Thurman of Ohio for Vice-President. The Republicans nominated Benjamin Harrison of Indiana, with Levi P. Morton of New York for Vice-President. The Prohibitionists nominated Clinton B. Fisk of New Jersey, and John A. Brooks of Missouri. The United Labor party also put candidates in the field. Little or no objection could be made to the candidates on personal grounds, so the whole issue was on matters of public policy. The Democrats advocated a tariff for revenue only, while the Republicans advocated a tariff not merely for revenue, but also for "protection of home industries." As in 1884, the result of the election turned on the vote of New York, which this time gave a plurality for the Republican candidates.[1]

**Republicans successful.**

**410. Benjamin Harrison.** (1889.) — Harrison and Morton were inaugurated March 4, 1889. As under the administration of Cleveland, most of those holding offices

[1] Every northern and western state, except Connecticut and New Jersey, declared for the Republican ticket, and every southern state for the Democratic ticket; so, again, there was a "solid South." Texas gave Cleveland the large plurality of 146,000, while in South Carolina the total vote for all candidates was 13,000 less than it had been in 1884, and 91,000 less than in 1880.

**408. The Surplus.** (1886.) — As the debt of the country decreased, the need for money decreased also, and the income of the government continued to be greater than was necessary to meet the annual charges for interest and for the expenses of supporting the various departments. The reduction of the tariff (1883) (sect. 396) had amounted to little, and though the internal taxes had been removed from nearly everything except liquor and tobacco, there was still a surplus over expenditures of about $100,000,000. Of course it was a matter of great pride to the country to enjoy such prosperity that it could of its own will tax itself unnecessarily for a large sum, and yet be scarcely conscious of a burden. Surplus.

But there are vexed problems connected with a national surplus of any considerable size. First, where a financial system like the Sub-Treasury system of the United States is employed, there is no way to get the money back into circulation, except by the payment of interest, of salaries, by paying for government works, or by purchase of national bonds, often at a high rate. The first three methods are inadequate, and the last is dependent upon the willingness of the owners to part with their bonds. Secondly, a large surplus is, from the very nature of the case, difficult to expend economically and judiciously.

**409. Mills Bill; Harrison Elected.** (1888.) — Both of the prominent parties were bound to reduce the surplus. This could be done in two ways, or by a combination of the two: (1) lessening the income, (2) increasing the expenditure, (3) lessening the income in some directions and increasing the expenditure in others. President Cleveland, following the traditions of his party, naturally decided that the true way to meet the difficulty was to reduce the income of the government, by abolishing the duty on some goods, and re- Plans to reduce the surplus.

408. **דער איבערשום.** (1886) — אזוי וויא דיא חובות פון לאַנד זיינען פערקלענערט געוואָרען, איז דער פערלאַנג נאָך געלד אויף פערקלענערט געוואָרען, און דיא הכנסה פון דער רעגיערונג איז כסדר געווען גרעסער וויא עס איז נויטיג געווען צו דעקען דיא יעהרליכע אויסגאַבען אויף פּראָצענטען און אויף דיא אויסהאַלטונג פון דיא פערשיעדענע דעפּאַרטמענטען. דיא פערקלענערונג פון דעם טאַריף אין 1883 (זעה פּאַראַגראַף 396) האָט בעטראָפען וועניג; און הגם דיא אינערליכע שטייערן זיינען אָבגעשאַפט געוואָרען פון כמעט אַלעם אויסער שטאַרקע משקאות און טאַבאַק, איז נאָך אַלץ געווען אַן איבערפלוס איבער דיא אויסגאַבען אויף אונגעפעהר 100,000,000 דאָלער. נאַטירליך, אַמעריקאַ האָט געהאַט אַ גוטע אורזאַכע צו שטאָלצירען וואָס זיא איז אין אַזאַ וואָהלהאַבענדען צושטאַנד דאָס זיא קען אָהן אירגענד וועלכע נויטווענדיגקייט זיך אַליין בעשטייערן מיט אַזאַ גרויסע סומע און דאָך קוים פיהלען דיא לאַסט דערפון.

עס זיינען אָבער דאָ שווערע פראַגען וואָס האָבען אַ שייכות מיט אַ נאַציאָנאַלען איבערשום פון אירגענד וועלכע בעדייטענדע גרויס. ערשטענס, וואו אַ פינאַנץ סיסטעם וויא דיא צווייגען פון שאַץ־קאַמער סיסטעמע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען ווערט בענוצט, איז ניטאָ קיין וועג וויא צו ברייננען דאָס געלד צוריק אין אומגאַנג, אויסער דורך'ן אויסצאָהלען פּראָצענטען, געהאַלטען, אָדער דורך צאָלען פאַר רעגיערונגס אַרבייט, אָדער דורך'ן קויפען נאַציאָנאַלע ווערטה־פּאַפּיערען, אָפט פאַר זעהר אַ הויכען פּרייז. דיא ערשטע דריי מעטאָדען זיינען ניט גענינענד, און דיא לעצטע זיינען אָבהענגיג אָן דעם ווילען פון דיא אייגענטימער זיך צו שיידען מיט דיא ווערטה־פּאַפּיערען. צווייטענס, איז אַ גרויסער איבערפלוס, שוין צוליב דעם אַליין, שווער אויסצוברענגען אויף אַן עקאָנאָמישען און אויסגערעכענטען אופן.

409. **מילס געזעץ; העריסאָן ערוועהלט.** (1888) —ביידע גרויסע פּאַרטייען האָבען געמוזט פערקלענערן דעם איבערפלוס. דאָס האָט געקענט געטהאָן ווערן אויף צוויי אופנים, אָדער דורך אַ פעראייניגונג פון דיא ביידע: (1) פערקלענערן דיא הכנסה, (2) פערגרעסערן דיא הוצאות, (3) פערקלענערן דיא איינקינפטע אין געוויסע היניזיכטען און פערגרעסערן דיא אויסגאַבען אין אַנדערע. פּרעזידענט קליוולענד, פאָלגענדיג דיא טראַדיציאָנען פון זיין פּאַרטיי, האָט נאַטירליך בעשלאָסען אַז דער ריכטיגער וועג צו העלפען אין דער צרה איז צו פערקלענערן דיא הכנסה פון דער רעגיערונג, דורך דיא אָבשאַפונג פון דעם צאָל אויף געוויסע סחורות און פערקלענערען עס אויף אַנדערע ביז אַ געוויסען פונקט וואָס זאָל דעם טאַריף אַרונטערברייננען צו אַ "טאַריף

פון אן אנצאהל רעדנער, וועלכע האבען אגיטירט פאר דיא גוואלדיגסטע מעטאדען, אום צו עררייכען זייער צוועק. ווען דיא פאליציי האט בעפאהלען דער מאסע זיך פונאנדער צו געהן, האט א דינאמיט באמבע עקספלאדירט צווישען דער פאליציי, טויטענדיג און פערוואונדענדיג פיעלע פון זיי. אלס ענטפער האט זיך דיא פאליציי געווארפען און געשאסען אויף דער מאסע מיט אן עהנליך שרעקליכען רעזולטאט. דיא הויפט אנפיהרער האט מען ארעטירט און זיי זיינען געבראכט געווארען צו א פראצעס; פיער האט מען געהאנגען און אנדערע אריינגעזעצט אין געפענגניס.*) דאס לאנד האט פרייער אויפגעאטהעמט ווען מען האט געפונען אז אלע אנפיהרער, אויסער איינער, זיינען פרעמדע, און בעלאנגען צו יענעם קלאס אנארכיסטען וועמעס צוועק איז צו אומווארפען אלע רעגיערונגען און אבשאפען אלע רעכטע פון אייגענטום. דיא ארבייטער פון גאנצען לאנד האבען זיך אבגעלייקענט פון זיי און פערדאמט דיא אונרוהען.

407. **דיא טשארלסטאן ערד־ציטערנים; דיא פרייהייטס סטאטוע.** (1886) — דורך'ן זומער פון 1886 איז דיא שטאט טשארלסטאן, זיד קעראליינא, געטראפען געווארען פון א שטארקער ערד־ציטערניס. מענשען־לעבענס זיינען פערלארען געגאנגען און פיעלע געביידען זיינען אראנטערגעריסען געווארען, אדער אזוי צוטרייסעלט געווארען, אז מען האט געמוזט זיי אראנטעררייסען. דער גאנצער פערלוסט איז געשאצט געווארען אויף 5,000,000 דאלער. וויא מיט דעם פאל פון דיא אונגליקען אין שיקאגא און אין באסטאן, האבען דיא לײדענדע בירגער געקראגען גענוג ריכטיגע שטיצע פון זייערע סימפאטייזירענדע מיט־בירגער.

אן אנגענעהמע פאסירונג פון יאהר 1886 איז געווען דער ענדיגען אין דיא איינווייהונג פון דער סטאטוע פון "פרייהייט קלערט אויף דיא וועלט", וועלכע איז פרעזענטירט געווארען פון דער פראנצויזישער רעפובליק צו דיא פעראייניגטע שטאאטען, צום אנדענקען פון דיא אלטע פריינדשאפט צווישען דיזע צוויי לענדער און אלס א צייכען פון גלויבען וואס דאס פראנצויזישע פאלק האט אין רעפובליקאנער אינסטיטוציאנען. דיא בראנזענע סטאטוע, וועלכע איז גוט בעקאנט צו יעדען וואס פאהרט ארויס אדער אריין אין האפען פון ניו יארק, איז הונדערט און פופציג פוס הויך. דיא קאסטען פון דעם פעדעסטאל אויף וועלכען דיא סטאטוע שטעהט זיינען געדעקט געווארען פון דיא בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דיא גאנצע געביידע, וועלכע געפינט זיך אויף בעדלאו'ס אינזעל, שטעהט דריי הונדערט פוס הויך איבער'ן וואסער.

---

*) דיא יעניגע פון זיי וועלכע זיינען נאך געווען אין געפענגניס אין יאהר 1893 זיינען בעגנאדיגט געווארען פון גאווערנאר פון איללינאי, אויף'ן גרונד, אז זיי האבען ניט געהאט קיין ריכטיגען פראצעס.

Chicago riots, 1886.

the mob to disperse, a dynamite bomb was exploded among the officers, killing and wounding many. In return, the body of police charged and fired upon the mob with equally fatal effect. The ringleaders were arrested and brought to trial; four were hanged, and others imprisoned.[1] It was a relief to the country to find that all the ringleaders but one were foreigners, and were of that class of anarchists whose purpose is to overthrow all governments and to do away with all the rights of property. The workingmen throughout the country disclaimed and denounced these riots.

Charleston earthquake, 1886.

407. **Charleston Earthquake; Statue of Liberty.** (1886.) — During the summer of 1886 the city of Charleston, South Carolina, was visited by a severe earthquake. Lives were lost, and many buildings were thrown down or so shaken that it was necessary to pull them down. The total loss was estimated at $5,000,000. As in the case of the calamities at Chicago and at Boston, the suffering citizens had abundant and substantial aid from their sympathizing fellow-countrymen.

"Statue of Liberty."

A pleasant incident of the year 1886 was the completion and dedication of the statue of "Liberty enlightening the World," presented by the French Republic to the United States, in commemoration of the old friendship between the two countries, and as an evidence of the faith of the French people in republican institutions. The bronze statue, known to every one who leaves or enters the harbor of New York, is one hundred and fifty feet high. The expense of the pedestal was defrayed by the citizens of the United States. The whole structure, which is situated on Bedloe's Island, rises three hundred feet above the water.

[1] Those still in prison in 1893 were pardoned by the governor of Illinois on the ground of an unfair trial.

higher wages, shorter hours, dismissal of objectionable fellow-workers, or change of rules, the association or "union" would order all members to cease working, or to "strike," as it is called. Often, when "union men" struck, they would not permit "non-union" men to take their places or to work under any circumstances. Some of the employers, on their part, would make a list called the "black list," of those men who were likely to give trouble, and would refuse to give work to such men. In return, the associations made use of a method introduced from Ireland, called "boycott," which is to persuade others to have nothing to do with the person disliked, to decline to work or to deal with him, or to use goods manufactured by him or passing through his hands.[1] The boycott proved a powerful weapon, but it was like a blade without a handle, which cuts him who wields it, for it helped to bring about the importation of foreign laborers who were willing to work at a lower rate than native workmen, and who were free from the labor organizations. **Demands of labor organizations.**

**406. Strikes; Anarchist Riots in Chicago.** (1886.) — The labor troubles were especially frequent in 1886, which has been in consequence called the year of strikes. There were many riots, the worst of which took place in Chicago. Early in the spring it was estimated that forty thousand men were "on a strike" in that city alone. The disturbances culminated on May 4, when a crowd was addressed by a number of speakers who urged the most violent methods of gaining their ends. When the police ordered **Strikes.** **Chicago riots, 1886.**

[1] Captain Boycott was a landlord's agent in Ireland. The disaffected tenants, to avenge themselves for fancied wrongs, refused to sell him food or clothing, or to have any dealings whatever with him. Inciting others to "boycott" any one with the design of injuring him, has been decided by the courts of the United States to be illegal and punishable.

העכערע געהאַלט, קירצערע שטונדען, דיא ענטזאַגונג פון אונוויגשענסווערטהע מיטאַרבייטער, אָדער אַזוי אַן ענדערונג פון אַרבייטס בעדינגונגען, פלעגט דער פעראיין, אָדער "יוניאָן" בעפעהלען אַלע מיטגליעדער צו אויפהערען אַר־בייטען, אָדער צו "סטרייקען", וויא מען רופט עס. אָפט, ווען "יוניאָן לייט" האָבען געסטרייקט האָבען זיי ניט געוואָלט ערלויבען דיא "ניט־יוניאָן־לייט" צו פערנעהמען זייערע פּלעצער אָדער צו אַרבייטען אונטער אירגענד וועלכע אומשטענדען. מאַנכע פון דיא אַרבייטס־געבער, פון זייער זייט, פלעגען מאַכען אַ ליסטע (וועלכע מען רופט "שוואַרצע ליסטע") פון דיאיעניגע וואָס מען האָט גע־רעכענט אַז זיי וועלען אָנטהאָן צרות, און מען פלעגט זיך ענטזאַגען זיי צו געבען בעשעפטיגונג. אַלס ענטפער דאַרויף האָבען זיך דיא אַרבייטער פעראיינען בע־נוצט מיט אַ מעטאָדע וואָס איז געבראַכט געוואָרען פון אירלאַנד, וועלכע רופט זיך "באָיקאָט", אַ מעטאָדע וועלכע הייסט איינצוריידען אַנדערע ניט צו האָבען קיין מגע משא מיט דיא פערהאַסטע פערזאָן און צו ענטזאַגען זיך צו אַרבייטען אָדער צו האַנדלען מיט איהם, אָדער צו געברויכען וואַארע וואָס ער האָט פאַברי־צירט, אָדער וואָס איז דורכגעגאַנגען זיינע הענד.*) דער באָיקאָט האָט זיך ארויס־געצייגט אַ מעכטיגע וואַפע, אָבער ער איז געווען וויא אַ מעסער אָהן אַ הענטעל, וועלכער שניידט איין דעם וואָס האַלט איהם, ווייל ער האָט געהאָלפען צו בריינ־גען צו דער אימפּאָרטירונג פון פרעמדע אַרבייטער, וועלכע זיינען געווען ווילינג צו אַרבייטען פאַר אַ קלענערען געהאַלט וויא דיא איינגעבאָרענע אַרבייטער און וועלכע זיינען געווען פריי פון דעם איינפלוס פון דיא אַרבייטער אָרגאַני־זאַציאָנען.

406. סטרייקס; אַנאַרכיסטישע אונרוהען אין שיקאַגאָ. (1886) — דיא אַרבייטער סכסוכים זיינען הויפּטזעכליך אָפט פאָרגעקומען אין 1886, וועלכער איז צוליב דעם גערופען געוואָרען דער יאָהר פון סטרייקס. עס זיינען פאָרגעקומען פיעלע אונרוהען, פון וועלכע דיא ערגסטע זיינען געווען אין שיקאַגאָ. אין אָנפאַנג פריהלינג האָט מען אויסגערעכענט אַז פערציג טויזענד לייטע זיינען געווען "אין סטרייקס" אין יענער שטאָט אליין. דיא אונרוהען האָבען זיך געענדיגט דעם 4טען מאַי, ווען אַ מאַסע איז אדרעסירט געוואָרען

*) קאַפּיטאַן באָיקאָט איז געווען אַן אַגענט פאַר אַ לאַנד־אייגענטימער אין אירלאַנד. דיא אונצופרידענע בעוואָהנער, אום זיך אָבצורעכענען מיט איהם פאַר אונרעכטען וואָס זיי האָבען זיך איינגערעדט אַז ער האָט זיי געטהאָן, האָבען זיך ענטזאָגט איהם צו פערקויפען שפּייז אָדער קליידער, אָדער צו האָבען מיט איהם וועלכע עס איז געשעפטען. אויפצוהעצען אַנדערע צו "באָיקאָטירען" אירגענד וועמען מיט דעם צוועק איהם שאַדען צו טהאָן, איז פון דיא געריכטען פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען ערקלערט געוואָרען אַלס אונגעזעצליך און בע־שטראָפבאַר.

געוואָרען, מיט זעהר וועניג אָפּאָזיציאָן. מאנכע האָבען אָבער געגלויבט אז דיזער געזעץ און א געזעץ פון יאָהר 1880, צו וועלכען דיזער איז צוגעגעבען גע־וואָרען, זיינען געגען געווויסע טראקטאט פערפפליכטונגען מיט כינא, אויסער דעם וואָס זיי זיינען אין אַלגעמיין ניט ווינשענסווערטה. דיא פראגע איז קורץ נאָכדעם געבראכט געוואָרען פאר דאָס העכסטע געריכט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, וועלכעס האָט ענטשיעדען אז "דיא מאַכט פון דער געזעץ געבענדער אָבטיילונג פון דער רעגיערונג אויסצושליסען פרעמדע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען איז א פראגע פון אויבערהערשאפט, וועלכע קען ניט אויפגעגעבען ווערן דורך דיא מאַכט צו שליסען טראקטאטען". דיא כינעזער אויסשליסונגס געזעצע זיינען געוועזען ניט אין גאנצען ווירקענד, צוליב דיא גרויסע שוועריגקייט צו פערהיטען אז דיא אויסגעשלאָסענע זאָלען ניט אריינגעשמוגעלט ווערן אי־בער'ן גרעניץ פון קענעדע, וואו עס איז ניט געוועזען קיין געזעץ וואָס זאָל פער־באָטען דיא איינוואנדערונג פון כינעזער.

405. ארבייטער סכסוכים און דיא "ריטטער דער ארבייט". — זייט איינינגע יאָהרען האָט עקזיסטירט א וואקסענדער געפיהל פון פיינדשאפט צווי־שען דער זאָגענאנטער ארבייטער קלאַסע און דיא קאפיטאליסטען און פאברי־קאנטען. דיזער געפיהל איז פערשטארקערט געוואָרען דורך דער פערגרעסע־רענדער צאָהל רייכע לייט, וועלכע האָבען ערוואָרבען זייער רייכטהום פון דיא מינען, פון דיא אויל פעלדער, דורך געלונגענע ספעקולאציעס אין אייזענבאהן אקציעס און ווערטה־פאפיערען, אָדער אין פערשיעדענע האנדעלס אונטערנעה־מונגען. דיא ארבייטער האָבען געגלויבט אז אן אונגלייכער חלק פון דיא פראָפי־טען פון דער אינדוסטריע קומט אָן צו דיא קאפיטאליסטען, און אז "דיא רייכע ווערן רייכער און דיא אָרעמע אָרעמער" אַלע מאָל. זיי האָבען געפיהלט, און אָפט מיט רעכט, אז דיא ארבייטס שטונדען זיינען אונגעהייער לאַנג און זיי האָבען געהאט פיעלע אנדערע טענות, מאנכע פון וועלכע זיינען געוועזען גאנץ גערעכטע. אום דורכצופיהרען זייערע פאָדערונגען און צו בעשיצען זייערע אינ־טערעסען זיינען ארבייטער אָרגאניזאציאָנען געגרינדעט געוואָרען. דיא שטארק־סטע און גרעסטע פון דיזע אָרגאניזאציאָנען איז געוועזען "דהי נאַיטס אָוו לייבאָר" ("דיא ריטטער דער ארבייט"), וועלכע האָט געצעהלט פיעלע טוי־זענדע אַלס מיטגלידער און וועמעס איינפלוס האָט דערגרייכט אין יעדען שטאאט פון לאַנד.

דיזע אָרגאניזאציאָנען האָבען, דורך קאָמיטעען אָדער דעלעגאטען, אָדער דורך ביידע, פאָרגעלייגט דיא פאָדערונגען פון דיא ארבייטער צו דיא פאברי־קאנטען. ווען דיא פאבריקאנטען האָבען ענטזאגט דיא פאָדערונגען פון

Chinese Immigration Acts.

mentary, were violations of treaty obligations with the Chinese, besides being otherwise objectionable. The matter was soon brought before the Supreme Court of the United States, which decided that the "power of the legislative department of the government to exclude aliens from the United States is an incident of sovereignty, which cannot be surrendered by the treaty-making power." The Chinese Immigration Acts were not thoroughly effective, owing to the great difficulty of preventing the excluded class from being smuggled across the border from Canada, where there was no law forbidding the immigration of Chinese.

Labor troubles.

405. **Labor Troubles and Knights of Labor.** — For some years there had been a growing feeling of antagonism between the so-called laboring class and the capitalists and manufacturers. This feeling was intensified by the increasing number of rich men, who had gained their wealth from the mines, from the oil fields, by successful speculation in railroad stocks and bonds, or in various commercial enterprises. The working-men believed that an unjust share of the profits of industry went to the capitalists, and that the "rich were getting richer, and the poor poorer" all the time. They felt, and often with reason, that the hours of labor were unnecessarily long, and they had also many other grievances some of which were just. In order to enforce their demands and protect their interests, labor organizations were formed. Among the most extensive of these was "The Knights of Labor," which numbered many thousands in its membership, and the influence of which extended into every state in the Union.

"Knights of Labor."

These organizations, through committees or delegates, or both, presented the demands of the employees to the manufacturers. If the manufacturers refused the demand for

any one who has not been confirmed as secretary by the Senate in executive session.[1]

(2) The Electoral Count Act (1887), providing a method of counting the electoral votes for President and Vice-President, which will not only prevent the recurrence of the difficulty which had arisen in 1876, but also guards against others. The aim of the act is to have disputes relative to the validity of the votes settled by state tribunals.

Electoral Count Act, 1887.

**404. Interstate Commerce Act; Chinese Exclusion Act. (1887–1888.)** — Another important act of legislation was the Interstate Commerce Law (1887), designed to regulate commerce between the various states, particularly in regard to the rates charged by railroads for passengers and freight. In many respects this is one of the most far-reaching measures ever enacted by Congress.

Interstate Commerce Law, 1887.

Another act (1888) was designed to prevent the immigration of Chinese laborers, who, it was contended, were greatly lowering the rates of wages for Americans, and indeed for all other laborers than themselves. It was urged that Chinamen came to the United States with no intention of becoming citizens, but simply for the purpose of making money enough to enable them in a few years to return to China; that they brought with them no families to support, ate little but rice, and lived in a way in which Americans could not live; that they had brought immoral customs into the country, and that the influence of such a community was extremely injurious. The bill passed, with little opposition. Some believed, however, that this act and an act of 1880, to which it was supple-

Chinese Immigration Act, 1888.

[1] The acting President, upon assuming office, must convene Congress, if it is not at the time in session, giving twenty days' notice. The office of Secretary of Agriculture was not created until 1889.

טוציאַן זיין ניט גילטיג צו האַלטען דעם אַמט פון פּרעזידענט, דאַרף ער אי־בערגעהיפּט ווערן, וויא אויך אירגענד וועלכער פון זיי וואָס איז פון דעם סענאַט אייף אַן עקזעקוטיווער זיצונג ניט בעשטעטיגט געוואָרען אַלס סעק־רעטער.*)

2) דער עלעקטאָרעל צעהלונגס געזעץ (1887), וועלכער שרייבט פאָר א מעטאָדע וויא צו צעהלען דיא עלעקטאָר שטימע פאַר פּרעזידענט און וויס־פּרעזידענט — א מעטאָדע וועלכע זאָל ניט נור פערהיטען אזא שוועריגקייט וויא דיא וואָס איז אַרויסגעקומען אין יאָהר 1776, נור וואָס זאָל אויך פערהי־טען אַנדערע צרות. דער ציעל פון דעם געזעץ איז צו מאַכען אז ספסוכים וועגען דיא גילטיגקייט פון דיא שטימען זאָלען ענטשיידעט ווערן פון דיא טריבונאַ־לען פון יעדען שטאַאט פאַר זיך.

404. אינטערשטאַאַט האַנדעלס־געזעץ; כינעזער אויסשליסונגס־געזעץ. (1887—1888) — נאָך א וויכטיגע געזעץ־געבונג איז געווען דער אינטער־שטאַאט האַנדעלס געזעץ (1887), וועלכער האָט בעצוועקט צו רעגולירען דעם האַנדעל צווישען דיא פערשיעדענע שטאַאטען, איבערהויפּט וועגען דיא פּריי־זען וואָס ווערן געפאָדערט פון אייזענבאַהנען פאַר פיהרען פּאַסאַזשירען און פראַכט. אין פיעלע הינזיכטען איז עס איינער פון דיא וויים גרייכענדעסטע געזעצע וואָס דער קאָנגרעס האָט ווען עס איז דורכגעפיהרט.

נאָך א געזעץ (1888) איז געשאַפען געוואָרען מיט דעם צוועק צו פער־מיידען דיא איינוואַנדערונג פון כינעזישע אַרבייטער, וועלכע האָבען, וויא עס איז בעהויפּטעט געוואָרען, זעהר נידריג אַרונטערגעבראַכט דיא פערדינסטען פון אַמעריקאַנער און פון אַלע אַנדערע אַרבייטער. עס איז בעהויפּטעט געוואָרען אז כינעזער קומען אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען ניט מיט דעם ווילען צו ווערן בירגער, נור בלויז מיט דעם צוועק צו מאַכען געלד גענוג אז זיי זאָלען קענען אין עטליכע יאָהר אַרום זיך צוריק קעהרען נאָך כינא; אז זיי ברייגגען מיט זיך ניט קיין פאַמיליען צום אויפהאַלטען; אז זיי עסען זעהר וועניג אַנדערע זאַכען אויסער רייז, און לעבען אויף אזא אופן וויא קיין אַמעריקאַנער קען ניט לעבען; אז זיי ברייגגען אונמאָראַלישע זיטען אין דיזען לאַנד; און אז דער איינפלוס פון אזא געזעלשאַפט איז העכסט שעדליך. דער געזעץ איז אָנגענומען

*) דער במקום פּרעזידענט, ביים איבערנעהמען דעם אַמט, מוז איינבערופען דעם קאָנגרעס, אויב ער איז דאַמאַלס ניט פערזאַמעלט, געבענדיג צוואַנציג טעג צייט. דער אַמט פון אַגריקול־טור־סעקרעטער איז ערשט געשאַפען געוואָרען אין 1889. דער אַמט פון סעקרעטער פון האַנדעל און אַרבייט איז ערשט געשאַפען געוואָרען אין 1903.

און פאַר דעם ערשטען מאָל זייט 1856 איז דיא פרעזידענטשאַפט אריינגעפאַלען צו דיא דעמאָקראַטען.*)

403. **פרעזידענט קליוולענד (1885) ; געזעצע וועגען דיא וועהלונג פון אַ פרעזידענט. (1886—1887)** — קליוולענד און הענדריקס זיינען איינגעשוואָרען געוואָרען דעם 4טען מערץ, 1885. פרעזידענט קליוולענד'ס מעגליכע פיהרונג איז געווען אַ זאַך פון גרויס אינטערעס פאַר דיא פריינדע פון דיא רעפאָרמען אין דער מעטאָדע פון ערנענען רעגיערונגס אָנגעשטעלטע. ער האָט זיי אָבער ניט ענטטוישט. צום ערשטען מאָל זייט ענדרו דזשעקסאָן איז ניט פאָרגעקומען קיין אַלגעמיינע אומבייטונג פון דיא רעגיערונגס אָנגעשטעלטע. דיא פאָרשריפטען פון דעם "סיוויל סורוויס" געזעץ (וועלכער בעציהט זיך אויף רעגיערונגס-אָנגעשטעלטע) זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען אויף אַלע יענע עמטער צו וועלכע זיי האָבען זיך געפאַסט, טראָץ דעם גרויסען דרוק וואָס איז אויסגעאיבט געוואָרען אויף'ן פרעזידענט, וועלכער האָט פאָרגעשטעלט אַ נייע פאַרטיי וואָס האָט אריינגעקראָגען דיא מאַכט.

הגם דער סענאַט איז קאָנטראָלירט געוואָרען פון דיא רעפובליקאַנער און דאָס רעפרעזענטאַנטען הויז פון דיא דעמאָקראַטען, זיינען פון דעסטוועגען צוויי זעהר וויכטיגע געזעצע אָנגענומען געוואָרען און זיינען אונטערשריבען געוואָרען פון פרעזידענט.

דיא צוויי געזעצע זיינען געווען : —

1) דער פרעזידענט'ס נאָכפאָלגער געזעץ (1886) וועלכער שרייבט פאָר אַז אין פאַל פון דעם טויט אָדער אַזוי אונמעגליכקייט פון דעם פרעזידענט אָדער וויס-פרעזידענט צו ערפילען דעם אַמט, זאָל, ערשטענס, דער שטאַאטס-סעקרעטער, און דאַן, ווען נויטיג, דיא אַנדערע מיטגליעדער פון קאַבינעט אין דער אָרדנונג פון זייער ראַנג, זיין במקום פרעזידענט ביז דיא אונמעגליכקייט וועט פאָריבער, אָדער אַ נייער פרעזידענט וועט ערוועהלט ווערן אין דער געוואוינליכער צייט. אום צו פערהיטען שטרייטיגקייטען, ווערן אַלע סעקרעטערע פון פרעזידענט'ס קאַבינעט אָנגערופען אין דער אָרדנונג אין וועלכער דיא פערשיעדענע דעפאַרטמענטען זיינען געשאַפען געוואָרען : 1) שטאַאטס-סעקרעטער, 2) פינאַנץ-סעקרעטער, 3) קריעגס-סעקרעטער, 4) יוסטיץ-סעקרעטער, 5) פאָסט-סעקרעטער, 6) מאַרין-סעקרעטער, 7) סעקרעטער פון אינערליכע אַנגעלעגענהייטען. ווען אירגענד וועלכער פון דיזע זאָל לויט דער קאָנסטי-

*) דיא דעמאָקראַטישע פלוראַליטעט אין ניו יאָרק איז געווען בלויז 1.149 שטימען פון דיא 1,125,159 שטימען וואָס זיינען גאַנצען אַבגעגעבען געוואָרען אין יענעם שטאַאט.

Cleveland the state by a small plurality, and for the first time since 1856 the Presidency fell to the Democrats.[1]

President Cleveland and Civil Service.

**403. President Cleveland (1885); Acts relating to Election of President (1886–1887).** — Cleveland and Hendricks were inaugurated March 4, 1885. President Cleveland's probable course was a matter of much interest to the friends of civil service reform. He did not disappoint them. For the first time since Andrew Jackson, there was no wholesale change of government employees. The provisions of the Civil Service Act were carried out in respect to the offices to which it applied, in spite of the great pressure brought to bear upon the President who represented a new party in power.

Though the Senate was controlled by the Republicans and the House of Representatives by the Democrats, two very important acts were passed and were approved by the President.

Presidential Succession Act, 1886.

(1) The Presidential Succession Act (1886), which provides that in the case of the death or disability of both the President and Vice-President, first the Secretary of State, and then, if necessary, the other members of the Cabinet, in the order of their succession, shall be acting President until the disability is removed, or a new President shall be elected at the usual time. To avoid any invidious distinction, the secretaries are named in the order in which the several departments were created: (1) Secretary of State, (2) Secretary of the Treasury, (3) Secretary of War, (4) Attorney-General, (5) Postmaster-General, (6) Secretary of the Navy, (7) Secretary of the Interior. Should any one of these be constitutionally disqualified for holding the office of President, he is to be passed over, as well as

[1] The Democratic plurality in New York was only 1149 in a vote of 1,125,159.

People's party, nominated General Benjamin F. Butler of Massachusetts, and A. M. West, of Mississippi. The Prohibitionists nominated Governor John P. St. John of Kansas, and William Daniel of Maryland. A feature of the Prohibition convention was the presence of women as delegates. The platform of this party demanded the prohibition, wherever the national government had control, of the manufacture, sale, and use of intoxicating beverages; it declared against the collection of revenue from the sale of alcoholic liquors, and it opposed the admission of any state the constitution of which did not prohibit polygamy, and the manufacture and sale of intoxicating liquors.

People's party.

Prohibition party.



GROVER CLEVELAND.

From a photograph.

GROVER CLEVELAND was born in New Jersey, March 18, 1837. He received a common school and academic education. He studied law. He was sheriff in 1870, and in 1881 was elected mayor of Buffalo, New York. In 1882 he was elected governor of New York by a very large majority. In 1884 he was nominated as the Democratic candidate for President, and was elected. He was President 1885–1889. Renominated in 1888, he was defeated. A candidate again in 1892, he was elected and was President 1893–1897. Since his retirement he has resided at Princeton, New Jersey.

Cleveland elected, 1884.

**402. Cleveland elected.** (1884–1885.) — The election which followed was so close that the result depended upon the vote of the state of New York, and there the two great parties were so evenly divided that several days elapsed before the result could be determined. A condition of affairs very similar to that which had defeated Henry Clay in 1844 (sect. 257) defeated Blaine. A sufficient number of dissatisfied Republicans voted with the Democrats or with the Prohibitionists to give

וועלכע האָט זיך גערופען אַנטי־מאָנאָפּאָל, פּאַפּיער־געלד, ארבייטער, פּאָלק'ס פּאַרטיי, האָט ארויסגעשטעלט גענעראַל בענדזשאַמין פ. באָטלער, פון מאַ־סאַטשוזעטס, און א. מ. וועסט, פון מיסיסיפּי. דיא פּראָהיבישעניסטען האָבען ארויסגעשטעלט גאָווערנאָר דזשאָן פּ. סעינטדזשאָן, פון קענזעס, און וויליאַם דאַניעל, פון מערילענד. א וויכטיגע ערשיינונג אויף דער פּראָהיבישען קאָנ־ווענציאָן איז געווען דיא אַנוועזענהייט פון פרויען אַלס דעלעגאַטען. דיא פּלאַטפאָרמע פון דיזער פּאַרטיי האָט געפאָדערט, אז וואו נור דיא נאַציאָנאַל רעגיערונג האָט דיא דעה זאָל פערבאָטען ווערן צו פאַבריצירען, פערקויפען און געברויכען שטארקע משקאות; זיא האָט זיך ערקלערט געגען דעם זאַמלען פון שטייערן אויף דעם פערקויף פון אַלקאָהאָלישע משקאות; און איז געווען געגען דער אויפנאַהמע פון אירגענד וועלכען נייעם שטאַאט, וועמעס קאָנסטי־טוציאָן פערבאָט ניט אויסדריקליך פּאָליגאַמיע (פּיעל־ווייבעריי) און דיא פּאַב־ריקאַציאָן און פערקויף פון פער'שיכור'ענדע משקאות.

402. קליוולענד ערוועהלט.*) (1884—1885) — דיא וואַהלען וואָס זיי־נען פאָרגעקומען האָבען זיך געענדיגט אַזוי גלייך פאַר ביידע פּאַרטייען, אז דער רעזולטאַט איז אין גאַנצען אָבגעהאַנגען אָן דיא שטימען אין שטאַאט ניו יאָרק, און דאָרט זיינען אויך דיא צוויי פּאַרטייען געווען אַזוי גלייך צר־טיילט אז איינגע טעג זיינען פּאַראיבער איידער דער רעזולטאַט האָט געקענט בעשטימט ווערן. א צושטאַנד, וועלכער איז געווען שטאַרק עהנליך צו דעם ביי וועלכען הענרי קלעי איז געשלאָגען געוואָרען אין 1844 (זעה פּאַראַגראַף 257), האָט אויך יעצט געשלאָגען בלעין. א גענינגענדע צאָהל פון אונצופרי־דענע רעפּובליקאַנער האָט געשטימט מיט דיא דעמאָקראַטען אָדער דיא פּראָהי־בישעניסטען צו געבען קליוולענד'ן דעם שטאַאט מיט א קליינער פּלוראַליטעט,

*) גראָווער קליוולענד, וועמעס בילד געפינט זיך אויף דער ענגלישער זייטע 435, איז געבאָרען געוואָרען אין ניו דזשוירזי, דעם 18טען מערץ, 1837. ער האָט געקראָגען א געוואוינ־ליכע שול און אַקאַדעמיע בילדונג. ער האָט שטודירט פאַר יוריסט. ער איז געווען שעריף אין 1870, און אין 1881 איז ער ערוועהלט געוואָרען מעיר פון באַפּלאָ, ניו יאָרק. אין 1882 איז ער ערוועהלט געוואָרען גאָווערנאָר פון ניו יאָרק מיט א זעהר גרויסער מאַיאָריטעט. אין 1884 איז ער ארויסגעשטעלט געוואָרען אַלס דעמאָקראַטישער קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט און ער איז ערוועהלט געוואָרען. ער איז געווען פּרעזידענט פון 1885 ביז 1889, איז ווידער ארויס־געשטעלט געוואָרען אין 1888, אָבער ער איז דורכגעפאַלען. ער איז ווידער געווען קאַנדידאַט אין 1892 און איז ערוועהלט געוואָרען. ער איז געווען פּרעזידענט פון 1893 ביז 1897. זייט זיין צוריקציהען זיך פון אַמט האָט ער געוואָהנט אין פּרינסטאָן, ניו דזשוירזי.

נעטיקוט, געגעבען 1,000,000 דאָלער אויף בילדען דיא בעפרייטע שקלאפען פון זיך. דיזע ביידע גרויסע נדבות געפינען זיך אונטער דער אויפזיכט פון פערוואלטונגס קאָמיטעען. דיא זיד שטאאטען אליין גיבען אויך אויס גרויסע סומען אויף בילדונג.

איינע פון דיא אינטערעסאנטעסטע ערשיינונגען אין דעם לעבען פון דאָס "נייע זיד" איז דאָס וואָס דיא פריהעריגע שקלאפען און זייערע קינדער האָבען זיך אויסגעלערענט אָנצוזאמלען אייגענטום. אין 1865 האָט דיזער קלאַס, קען מען זאָגען, קיין אייגענטום ניט פערמאָגט; דער צענזוס פון יאָהר 1890 האָט געצייגט דאָס זיי זיינען שוין געוואָרען דיא אייגענטימער פון א הונדערט מיליאָן דאָלער.

401. פיער פאַרטייען ביי דיא וואהלען פון 1884. — אין דעם וואהל־קאמפף פאר פרעזידענט אין יאָהר 1884 זיינען געווען פיער קאנדידאטען אין פעלד. דיא רעפובליקאנער האָבען ארויסגעשטעלט דזשיימס דזש. בלעין, פון מעין, פאר פרעזידענט, און דזשאָן א. לאָגען, פאר וויים־פרעזידענט. אין דער פאַרטיי זיינען פיעלע ניט געווען צופריעדען מיט דיזע קאנדידאטען און זיי האָבען בעהויפטעט אז דיזע קאנדידאטען זיינען ארויסגעשטעלט געוואָרען אין דיא אינטערעסען פון געוויסע פאָליטיקער מעהר וויא אין דיא אינטערעסען פון דאָס לאנד. דיזע אונצופריעדענע האָבען זיך צוריק געצויגען פון דער רע־פובליקאנער פאַרטיי און האָבען זיך גערופען "אונאבהענגיגע", אָבער זיי זיינען צווישען עולם גערופען געוואָרען "מאָגוואָמפּס".*)

אַן אנצאָהל פון דיזע האָבען אָבגעהאלטען א קאָנווענציאָן און ארויס־געלאָזען א צירקולאר, אויפרופענדיג אלע דיא־יעניגע וואָס סימפּאטיזיר'ען מיט זיי צו אונטערשטיצען דיא דעמאָקראטישע קאנדידאטען און צו בעוועגען אנ־דערע בירגער אויך אזוי צו טהאָן.

דיא דעמאָקראטישע קאָנווענציאָן האָט ארויסגעשטעלט גראָווער קליוו־לענד, וועלכער איז געווען גאָווערנאָר פון ניו יאָרק, פאר פרעזידענט, און טאָמאס א. הענדריקס, פון אינדיאנא, פאר וויים־פרעזידענט. א קאָנווענציאָן וועלכע האָט פערטראָטען פערשיעדענע שאטירונגען פון פּאָליטישע פרינציפּען, און

*) דיא ריכטיגע בעדייטונג פון דעם וואָרט איז ניט בעקאנט. עס שיינט צו שטאמען פון דיא נארד־אמעריקאנער אינדיאנער, ביי וועמען דער וואָרט האָט בעדייטעט א הויפטלינג, אבער יעצט ווערט דער וואָרט בענוצט צו בעצייכענען איינעם וואָס רייסט זיך אב פון א פארטיי, אדער אן אונאבהענגיגען.

John F. Slater.

sum, afterward increased to $3,500,000, in aid of education in the South; and in 1882 John F. Slater, a wealthy manufacturer of Norwich, Connecticut, gave $1,000,000 for the education of the freedmen in the South. Both these large endowments are under the care of boards of management. The southern states themselves are spending large sums in the cause of education.

One of the most striking features of the "New South" is the accumulation of property by the former slaves and their descendants. In 1865 this class may be said to have had no property; in the census of 1890 they are shown to have already become owners of $100,000,000.

Nominations of 1884, Republican.

**401. Four Parties in Election of 1884.** — In the Presidential campaign of 1884 there were four candidates in the field. The Republicans nominated James G. Blaine of Maine, for President, and John A. Logan for Vice-President. Many in the party were dissatisfied with these nominations and asserted that they were in the interest of the politicians rather than of the country. These men withdrew from the Republican party, and called themselves Independents, but were popularly named "Mugwumps."[1]

A number of these held a convention and issued a circular, calling upon those who sympathized with them to support the Democratic candidates and to persuade other voters to do likewise.

Democratic.

The Democratic convention nominated Grover Cleveland, who was governor of New York, for President, and Thomas A. Hendricks of Indiana, for Vice-President. A convention representing various shades of political belief, and called the Anti-Monopoly, Greenback, Labor,

[1] This word seems to be of North American Indian origin, and meant originally a chief, but is now used as signifying a "bolter," or an independent.

of 1860, at that time the largest ever raised, amounted to about 5,000,000 bales, that of 1884 was about 6,000,000 bales. In addition to this, besides a large amount of corn and wheat, the South now raised vast quantities of early fruits and vegetables, which, owing to the means of rapid transportation offered by railroads and steamship lines, found a ready market in the northern cities; and in Florida thousands of orange groves supplied the northern markets with fruit, excelling in flavor that from Italy and the West Indies, and to a very great extent displacing it. Progress in the South.



GEORGE PEABODY.

GEORGE PEABODY, the philanthropist, was born in Danvers, Mass., February 18, 1795. His family was poor, and he received a scanty education. He began his business life at the age of eleven. Before he was twenty he removed to Georgetown, District of Columbia, and thence to Baltimore. Here he became a successful merchant. In 1837 he removed to London, England, and became a banker and amassed a large fortune. In 1822 he gave to his native town of Danvers twenty thousand dollars "for the promotion of knowledge." From this time his gifts for philanthropic purposes were large and frequent. In all he is supposed to have given away eight and a half million dollars, besides leaving large sums to his relatives. Among his gifts were a million and a half dollars to found the Peabody Institute in Baltimore; two hundred thousand dollars to the Peabody Institute in Danvers; three and a half million dollars for the promotion of education in the southern states without regard to race; and two and a half millions for the better housing of the deserving poor in London. He died in London, November 4, 1869.

**400. Education in the South.** (1884.)—It was evident that it would be a long time before the political and social condition of the freedmen and that of their descendants in the South would be thoroughly satisfactory. In South Carolina, Louisiana, and Mississippi, where the whites were in an actual minority, an especially difficult problem presented itself. In 1866 George Peabody, the philanthropist, gave a large Social problems in the South. George Peabody.

5,000,000 פעק, דיא פון יאהר 1884—אונגעפעהר 6,000,000 פעק. דערצו האָבען נאָך אין דיא זיד, אויסער אַ גרויסע מאַסע קאָרן און ווייץ, אויך געוואַקסען אונגעהייערע גרויסע מאַסען פריה־יעהריגע פרוכטען און גרינסען, וועלכע האָבען, צו פערדאַנקען דיא שנעלע טראַנספּאָרטאַציאָן דורך אייזענבאַהנען און שיפען־ליניעס, געפונען אַ גרייטען מאַרק אין דיא שטעט פון דיא נאָרד; און אין פלאָרידאַ האָבען טויזענדע אַפּעלסינען־וועלדלאַך פערזאָרגט דיא מערק פון דיא נאָרד מיט פרוכט וואָס האָט איבערשטיגען אין טעם דיא וואָס זיינען געקומען פון איטאַליען און פון דיא וועסט אינדיס, און ביז צו אַ זעהר גרויסען גראַד האָט עס פערנומען דעם פּלאַץ פון יענע.

400. בילדונג אין דיא זיד שטאַאטען. (1884) — עס איז דייטליך געווען צו זעהן אַז עס וועט דויערן אַ היבשע צייט איידער דיא פּאָליטישע און סאָציאַלע צושטענדע פון דיא בעפרייטע און פון דיא וואָס שטאַמען אָב פון זיי אין דיא זיד וועלען זיין אין גאַנצען צופרידענשטעלענד. אין זיד קעראָליינאַ, לואיזיענע און מיסיסיפּי, וואו דיא ווייסע זיינען געווען אין אַ ווירקליכער מינדערהייט, איז דיא פראַגע געווען אַ ספּעציעל שווערע. אין 1866 האָט דער פּילאַנטראָפּ דזשאָרדזש פּיבאָדי*) געגעבען אַ גרויסע סומע געלד, וועלכע איז שפּעטער פערגרעסערט געוואָרען צו 3,500,000 דאָלער אויף בילדונג אין זיד; און אין 1882 האָט דזשאָן וו. סלייטער, אַ רייכער פאַבריקאַנט פון נאָרוויטש, קאָ־

*) דער פּילאַנטראָפּ דזשאָרדזש פּיבאָדי, וועמעס בילד געפינט זיך אויף דער ענגלישער זייטע 433, איז געבאָרען געוואָרען אין דאַנווערס, מאַסאַטשוזעטס, דעם 18טען פעברואַר, 1795. זיין פאַמיליע איז געווען זעהר אָרעם, און ער האָט געקראָגען זעהר ווענינ בילדונג. ער האָט אָנגעפאַנגען זיין געשעפטס לעבען ווען ער איז אַלט געווען עלף יאהר. איידער ער איז נאָך געווען צוואַנציג יאהר, האָט ער זיך אַריבערגעקליבען נאָך דזשאָרדזשטאַון, דיסטריקט אָוו קאָלאָמביא, און פון דאָרט נאָך באַלטימאָר. דאָ איז ער געוואָרען אַן ערפאָלגרייכער סוחר. אין 1837 איז ער אַוועק נאָך לאָנדאָן, ענגלאַנד, און איז געוואָרען אַ באַנקיר און האָט אָנגעזאַמעלט אַ גרויסען פערמעגען. אין 1822 האָט ער געגעבען צו זיין געבורטס־שטאָט, דאַנווערס צוואַנציג טויזענד דאָלער פאָר דיא פערברייטונג פון בילדונג. פון דיזער צייט אָן זיינען זיינע מתנות פאָר פּילאַנטראָפּישע צוועקען געווען גרויס און אָפט. צוזאַמען רעכענט מען האָט ער אַוועקגעגעבען אַכט און אַ האַלב מיליאָן דאָלער, אויסער דעם וואָס ער האָט איבערגעלאָזען גרויסע סומען געלד צו זיינע קרובים. צווישען זיינע נדבות זיינען געווען אַ מיליאָן און אַ האַלב דאָלער צו גרינדען אַ פּיבאָדי אינסטיטוט אין באַלטימאָר; צוויי הונדערט טויזענד דאָלער צום פּיבאָדי אינסטיטוט אין דאַנווערס; דריי און אַ האַלב מיליאָן דאָלער פאָר דיא פערברייטונג פון בילדונג אין דיא זיד שטאַאטען, אָהנע אונטערשייד פון ראַסע; און צוויי און אַ האַלב מיליאָן פאָר בעסערע וואָהנונגען פאָר דיא אָנשטענדיגע אָרעמע לייט אין לאָנדאָן. ער איז געשטאָרבען אין לאָנדאָן דעם 4טען נאָוועמבער, 1869.

גענהייט איז געווען דיא בעטייליגונג פון דעם ענגלישען געזאנדטען און אנדערע ענגלענדער אין דיא צערעמאָניעס, צייגענדיג אויף אזא אופן וויא ווייט דיא געפיהלען האָבען זיך געביטען אין פערגלייך מיט הונדערט יאָהר פריהער. צום שלוס פון דער צערעמאָניע האָט פּרעזידענט ארטהור בעפאָהלען אז דער ענגלי־שער פלאַג זאָל ארויפגעצויגען ווערן צו קריגען א מיליטערישע בעגריסונג אלס צייכען פון דיא גוטע געפיהלען וואָס עס הערשען צווישען דיא צוויי לענדער.

399. דיא ניו אָרלינס בוימוואָל אויסשטעלונג. (1884) — נאָך א הונדערט יעהריגער פעסט פון אן אנדער זאָרט איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין ניו אָרלינס, אין יאָהר 1884. אין 1784 זיינען אכט זעק*) מיט בוימוואָל עקספּאָרטירט געוואָרען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דאָס איז געווען דיא ערשטע ליפערונג פון דעם זאָרט וואָס איז ווען עס איז געמאכט געוואָרען; און אום צו פייערן דיזע פּאַסירונג איז דיא "וועלט אינדוסטריעלע און בוימוואָל הונדערט-יעהריגע אויסשטעלונג" אָבגעהאַלטען געוואָרען אין גרעסטען בוימוואָל האַפען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען — ניו אָרלינס. פון דיא אכט זעק בוימ־וואָל איז געוואָרען 3,898,905 פּעק אין יאָהר 1884, פון וועלכע אונגעפעהר 2,000,000 פּעק זיינען עקספּאָרטירט געוואָרען פון ניו אָרלינס אליין.**)

וויא אינטערעסאַנט דער וואוקס פון דער בוימוואָל אינדוסטרי איז געווען, איז דיא אויסשטעלונג געווען נאָך מעהר בעלעהרענד אין דעם וואָס עס האָט בעוויזען דיא ריעזען שריטע וואָס דיא זיד האָט געמאכט אין דיא זיבעצעהן יאָהר זייט דעם סוף פון דעם בירגער קריעג אין אַגריקולטור און איבערהויפּט אין פאַבריקאַציע. אין 1860 זיינען זיד פון מערילענד קוים געווען וועלכע עס איז פאַבריקען צו בעריכטען אין דעם צענזוס; אין 1884 זיינען מיליאָנען דאָלער געווען פערטהאָן אין פאַבריקען וואָס האָבען פּראָדוצירט בוימוואָל שטאָף, אייזען, אויל, מעהל און פיעלע אנדערע אַרטיקלען, וועהרענד אין אַגריקולטור איז דיא פּראָדוקציאָן אונטער דער סיסטעמע פון פרייע אַרבייט פיעל איבערשטיגען דיא וואָס אונטער שקלאַפעריי. דיא בוימוואָל ערנטע פון יאָהר 1860, צו יענער צייט דיא גרעסטע וואָס איז ווען געווען, האָט בעטראָפען אונגעפעהר ביז

*) דיא אכט זעק זיינען גלייך געווען צו איין יעצטיגען פּאַק.

**) א פּאַק בוימוואָל אין וואָג ווערט דא אנגענומען אלס אונגעפעהר 450 פונט, הגם דיא פּעק זיינען מייסטענס פערשיעדען אין זייער וואָג.

Yorktown Centennial, 1881.

representatives from France, were present. One of the very pleasant features of the occasion was the participation of the British minister and other Englishmen in the exercises, thus showing how changed were the feelings from those of one hundred years before. At the close of the exercises, President Arthur gracefully ordered the British flag to be raised, that it might receive a military salute in proof of the good feeling existing between the two countries.

New Orleans Cotton Exposition, 1884.

399. **New Orleans Cotton Exhibition.** (1884.) — There was another centennial celebration of a different character held in New Orleans in 1884. In 1784 eight bags[1] of cotton were exported from the United States, the first shipment of the kind which had ever been made, and it was to commemorate this event that "The World's Industrial and Cotton Centennial Exposition" was held at the greatest cotton port of the United States, — New Orleans. The eight bags of 1784 had become 3,898,905 bales in 1884, of which about 2,000,000 bales were exported from New Orleans.[2]

Progress in the South.

Interesting as the growth in the cotton industry was, the exhibition was still more instructive in showing the vast strides which the South had taken in the seventeen years since the close of the war, in agriculture, and particularly in manufactures. In 1860, south of Maryland, there were hardly any manufactures to be reported in the census; in 1884 millions of dollars were invested in mills producing cotton cloth, iron, oil, flour, and many other articles, while in agriculture the production under free labor far surpassed that under slavery. The cotton crop

[1] The eight bags were about equal to one bale.

[2] A bale of cotton is here taken as weighing about 450 pounds, though bales vary considerably in weight.

given place. The railroads are so important in the economy of modern civilization, that almost all persons in the country have adopted the new system, and set their clocks and watches to agree with "railroad standard time."

398. **Washington Monument Completed (1885); Yorktown Celebration (1881).** — During Arthur's administration two interesting events brought back the memory of the Forefathers' days, and illustrated the changes which have taken place in the meantime. Immediately after the death of Washington, Congress had voted to erect a monument in his honor, but it was not until nearly fifty years had passed that even the corner-stone was laid (1848). The work was undertaken by an association, but went on so slowly that the unfinished monument became a subject of ridicule. At last Congress was persuaded to appropriate money for its completion, and it was finished and dedicated February 21, 1885. It is five hundred and fifty-five feet high, a simple obelisk of white marble capped with aluminum. It was a remarkable circumstance that Robert C. Winthrop of Massachusetts, the orator who gave the address at the time of laying the corner-stone, was still living and able to prepare that for the dedication. When the work was more than half completed it was found that the foundation was sinking, so it was determined to try to build a new foundation without taking down that part of the structure which had already been erected. This work, a triumph of modern engineering, was successfully accomplished under the direction of Colonel Casey, of the United States Corps of Engineers.

**Dedication of Washington Monument.**

The other event was the celebration of the centennial anniversary of the surrender at Yorktown, October 19, 1881. The celebration was held on the spot; and, by invitation, several of the Lafayette family, and other

**Yorktown Centennial, 1881.**

שטעלט זייערע זייגערס און זייגערלאך צו שטימען מיט דיא "אייזענבאהן פעסט־געשטעלטע צייט".

398. וואשינגטאן מאנומענט געענדיגט (1885); יארקטאון אנדענקונגס פייער. (1881) — אין דער צייט פון פרעזידענט ארטהור'ס אדמיניסטראציאן האבען צוויי וויכטיגע פאסירונגען געעהרט דעם אנדענקען פון דיא אור־עלטערן טעג און האבען בעוויזען דיא ענדערונגען וואס זיינען זייט דאן פארגעקומען. באלד נאך וואשינגטאן'ס טויט האט דער קאנגרעס בעשטימט צו בויען א מאנומענט צו זיין עהרע, אבער ניט וועניגער וויא פופציג יאהר זיינען אוועק איידער זאגאר דער ווינקעל־שטיין איז געלעגט געווארען (1848). דיא ארבייט איז אונטערנומען געווארען פון א געזעלשאפט, אבער עס איז צוגעגאנגען אזוי לאנגזאם אז דער אונגעענדיגטער מאנומענט איז געווארען א זאך פון וועלכע מען פלעגט חוזק מאכען. ענדליך איז דער קאנגרעס בעוואגען געווארען צו בעוויליגען געלד אום עס צו ענדיגען, און עס איז געענדיגט און איינגעווייהט געווארען דעם 21טען פעברואר, 1885. דער מאנומענט איז פינף הונדערט און פינף־און־פופציג פוס הויך, אן איינפאכער פערשפיצטער אבעליסק, פון ווייסען מארמאר, בעדעקט מיט אלומיניום. עס איז געווען א מערקווירדיגער אומשטאנד, אז ראבערט ס. ווינטראפ, פון מאסאטשוזעטס, דער אראטאר, וועלכער האט געהאלטען דיא רעדע ביים לעגען דעם ווינקעל־שטיין, האט נאך געלעבט און איז געווען אימשטאנדע צוצוגרייטען דיא רעדע ביי דער איינווייהונג. ווען דיא ארבייט איז געווען מעהר וויא העלפט געמאכט, האט מען געפונען אז דער פונדאמענט זינקט. עס איז דארום בעשלאסען געווארען צו פרובירען בויען א נייעם פונדאמענט, אהנע ארונטערצונעהמען דעם אויבערשטען טייל פון דער געביידע, וועלכע איז געווען שוין אויפגעבויט. דיזע ארבייט, א טריאומף פון מאדערנע אינזשעניר קונסט, איז ערפאלגרייך פערפאלקאמט געווארען אונטער דער אויפזיכט פון קוירנעל קייסי, פון דעם קארפוס אינזשענירען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

דיא צווייטע פאסירונג איז געווען דער הונדערט יעהריגער פעסט צום אנדענקען פון דער איינגעהמונג פון יארקטאון, דעם 19טען אקטאבער, 1881. דער פעסט איז געהאלטען געווארען אויף'ן פלאץ; און אויף אן איינלאדונג זיינען איינינגע פון לאפאיעט'ס פאמיליע, און אנדערע פערטרעטער פון פראנקרייך אנוועזענד געווען. איינע פון דיא זעהר אנגענעהמע זאכען פון דער געלע־

טען וואַסער־פאַל. ער איז געשטאָרבען איידער דער בריק האָט זיך אָנגעפאַנגען; אָבער זיין זוהן, וואשינגטאָן א. רעבלינג האָט דורכגעפיהרט דיא פּלענער, און דיא גרויסע אונטערנעהמונג איז געענדיגט געוואָרען אין יאָהר 1883. עס איז איינער פון דיא לייגגסטע און שעהנסטע הענג־בריקען אין דער וועלט. דער בריק איז מעהר וויא א מייל דיא לייגג און ווערט אויפגעהאַלטען פון דראָטענע שטריק מעהר וויא א פוס דיא דיק יעדע, און געפינט זיך הונדערט צוויי און דרייסיג פוס איבער'ן וואַסער ביים הויכען פלוטה.

אין 1883 האָבען דיא גרויסע אייזענבאַהן קאָמפּאַניעס, וועלכע האָבען גע־האַט פיעל אונבעקוועמליכקייט איבער דיא פערשיעדענע זאָרטען צייט־רעכ־נונגען אין דיא פערשיעדענע טיילען פון לאַנד, אָבגעמאַכט צווישען זיך צו צוטיילען דאָס לאַנד פון אָסט ביז וועסט אין פיער סעקציאָנען, יעדע סעקציאָן אזוי גלייך וויא נור מעגליך. דער פּלאַן איז געוועזן אַז אין יעדער גאַנצער סעק־ציאָן זאָל דיזעלבע צייט רעכענונג געברויכט ווערן, און דיא צייט רעכענונג זאָל זיין דער מערידיאַן (דיא "מיטטאָגס־ליניע") אין דעם מיטען פון דער סעק־ציאָן.*) דיזע צענטראַלע מערידיאַנען זיינען פונקט איין שטונדע ווייט איינע פון דיא אַנדערע און אויסגערעכענט פון מערידיאַן ביי גריניטש, ענגלאַנד, אזוי דאָס ווען עס איז מיטאָג־צייט אין ניו יאָרק, מאַכט עס עלף אוהר פאַרמיטאָג אין שיקאַגאָ, וועלכע געפינט זיך אין דער נעכסטער סעקציאָן, און אזוי ווייטער, ניט אַכטענדיג אויף דער ריכטיגער צייט פון וועלכען פּלאַטץ. דיא אייזענבאַהנען זיינען אזוי וויכטיג אין דער עקאָנאָמיע פון היינטיגער ציוויליזאציאָן, דאָס כמעט אַלע פערזאָנען אין לאַנד האָבען אָנגענומען דיא נייע סיסטעמע און האָבען אָנגע־

*) דיא לאַנד־קאַרטע אויף דער ענגלישער זייטע 430 צייגט דיא פיער סעקציאָנען אין וועלכע דאָס לאַנד איז איינגעטיילט געוואָרען צוליעב דער אָנגענומענער צייט און וועלכע שטאַאטען געפינען זיך אין יעדער סעקציאָן. ווען עס איז 12 אוהר מיטאַג-צייט אין דער "איסטערן סעקשען" איז עס 11 אוהר אין דער "סענטראַל סעקשען", 10 אוהר אין דער "מאַונטיין סעקשען" און 9 אוהר אין דער "פּאַסיפיק סעקשען". וויא מען קען זעהן אויף דער קאַרטע איז דער צענטער פון יעדע פון דיא 4 סעקציאָנען 15 מערידיאַנען ווייט איינע פון דיא אַנדערע. דער צענטראַלער מערידיאַן אין דער "איסטערן סעקשען" איז דער 75טער, אין דער "סענטראַל סעקשען" דער 90טער, אין דער "מאַונטיין סעקשען" דער 105טער און אין דער "פּאַסיפיק סעקשען" דער 120טער.

דער ערשטער מערידיאַן איז אָנגענומען דער יעניגער וואָס ציהט זיך דורך גריניטש, לעבען לאָנדאָן. ווען עס איז מיטאַג-צייט אין לאָנדאָן איז ערשט 7 אוהר אין דער פריה ביים 75טען מערידיאַן, ד. ה., אין אונזער "איסטערן סעקשען".

the plans, and the great work was completed in 1883. It is one of the longest and most beautiful suspension bridges in the world. It is more than a mile in length, is supported by wire cables more than a foot thick, and is one hundred and thirty-two feet above the water at high tide.

**Standard time.** In 1883 the great railroad companies, which had suffered much inconvenience from the different standards of time in use in different parts of the country, agreed to




divide the country from east to west into four sections, as nearly equal as practicable. Throughout each section the same time was to be used, the time to be that of the meridian passing through the middle of the section. These central meridians are exactly one hour apart, and are calculated from the meridian of Greenwich, England. Thus when it is noon in New York, standard time makes it eleven o'clock in the forenoon at Chicago, which is in the next section, and so on, regardless of the actual time at any

(1883). — For a time attention was turned from political matters by a great disaster in the southwest. In 1882 the Mississippi River overflowed its banks, broke through the levees, and flooded the neighboring country for miles; thousands were forced to leave their homes, and there was great suffering in consequence. There would have been many deaths from exposure and starvation had not Congress promptly authorized the War Department to furnish tents and rations. **Mississippi floods, 1882.**

It has been seen that one way adopted to secure part of the funds necessary for the carrying on of the Civil War had been to raise the duty on imported goods, and at the same time greatly to extend the list of dutiable articles. It was now eighteen years since the close of the war. A large part of the debt had been paid off, and the income of the government was much greater than its necessary expenses. Many persons believed not only that taxation was too high, but also that a surplus of revenue was bad for the country, as it tended to encourage extravagant appropriations by Congress. Accordingly, it was determined to lower the tariff. A commission was appointed; and as a result of its work, a revision of the tariff was made in 1883, but the reductions were very slight, and little was accomplished. **Tariff commission.**

397. **Brooklyn Bridge (1869–1883); Standard Time (1883).** — Between New York and Brooklyn flows the East River, a deep stream and a great highway of commerce. Proposals for bridging it had often been discussed, but no attempt was made until 1869, when the work was undertaken by John A. Roebling, the civil engineer who designed the suspension bridge across the Niagara River just below the falls. He died before the bridge was begun; but his son, Washington A. Roebling, carried out **Brooklyn bridge.**

פאר א געוויסע צייט איז דיא אויפמערקזאמקייט אבגעצויגען געווארען פון פאליטישע פראגען דורך א גרויסען אונגליק אין דיא זיד־ווערסט פון לאנד. אין 1882 איז דער מיסיסיפי טייך ארויס פון זיינע ברעגעס, האט דורכגעבראכען דיא ווענד וואס זיינען געווען אויפגעשטעלט צו פערהיטען אן איבערפלייצונג, און האט פערפלייצט דיא ארומיגע לאנד פאר מיילען ווייט; טויזענדע זיינען געצוואונגען געווען צו פערלאזען זייערע היימען, און גרויסע ליידען זיינען איבער דעם פעראורזאכט געווארען. עס וואלטען אויך געווען פיעלע טויטענפעלע פון קעלט און הונגער, ווען דער קאנגרעס וואלט ניט בעאויפטראגט דעם קריעגס־דעפארטמענט צוצושטעלען לאגערן און שפייז.

עס איז שוין ערקלערט געווארען, אז איינער פון דיא מיטלען וואס איז אנגעווענדעט געווארען צו שאפען א טייל פון דיא געלדער וואס זיינען נויטיג געווען צום פיהרען דעם בירגער קריעג, איז געווען צו העכערען דיא צאל אויף אימפארטירטע סחורות, און צו דערזעלבער צייט צו פערגרעסערען פיעל דיא ליסטע פון אבצאל ארטיקלען. יעצט איז שוין געווארען אכצעהן יאהר נאך דער ענדע פון בירגער קריעג. א גרויסער טייל פון דעם חוב איז שוין געווען בעצאהלט און דיא איינקינפטע פון דער רעגיערונג זיינען געווען פיעל גרעסער וויא איהרע נויטיגע אויסגאבען. פיעלע פערזאנען האבען געגלויבט ניט נור אז דיא שטייערן זיינען צו הויך, נור אויך אז אן איבערפלוס אין דער הכנסה איז שלעכט פאר'ן לאנד, ווייל עס פיהרט דערצו אז דער קאנגרעס איז צו פרייגעביג ביים אויס־מאכען דעם בודזשעט. דארום איז בעשלאסען געווארען צו פערקלענערען דעם טאריף. א קאמיסיאן איז ערנאנט געווארען; און אלס רעזולטאט פון איהר אר־בייט, איז א רעוויזיאן פון טאריף געמאכט געווארען אין 1883, אבער דיא פערקלענערונגען זיינען געווען זעהר אונבעדייטענד און זעהר ווייניג איז דאמיט אויפגעטהאן געווארען.

397. דער ברוקלין בריק (1869—1883); "אויסגעגליכטע צייט" (1883) — צווישען ניו יארק און ברוקלין פליסט דער "איסט ריווער" (אסט־טייך), א טיעפער שטראם און א גרויסער האנדעלס וועג. פארשלעגע צו מאכען א בריק איבער דעם טייך זיינען אפט פערהאנדעלט געווארען, אבער קיין פערזוך איז ניט געמאכט געווארען ביז 1869, ווען דיא ארבייט איז אונטערנומען גע־ווארען פון דזשאן א. רעבלינג, דער "סיוויל" אינזשעניער וועלכער האט פרא־יעקטירט ז'עם הענג־בריק איבער דעם נייאגרא טייך, ניט ווייט פון דעם בעריהמ־

געקליבען ווערן ניט דערפאר וואס ער איז א דעמאקראט אדער א רעפובליקאנער נור צוליעב זיין פאסען זיך פאר'ן אמט; אויך דארף ער ניט ארונטערגעזעצט ווערן, סיידען פאר אונפעהיגקייט, אדער אונעהרליכקייט. פרעזידענט גרענט האט געצוויגען דיא אויפמערקזאמקייט פון קאנגרעס צו דיזען פונקט און א געזעץ צו שאפען א באארד פון "סיוויל סוירוויס" קאמיסיאנערן איז אנגענומען געווארען. דיזע ניי־געגרינדעטע קאמיסיאנערן קערפערשאפט האט אויסגעארבייט דיא ריכ־טיגע מעטאדע וויא אזוי צו קריגען אונפארטייאישע אנגעשטעלטע וועלכע זאלען טויגען פאר זייערע פפליכטען. אבער דער קאנגרעס האט נאכהער זיך ענטזאגט צו בעוויליגען דיא נויטיגע געלד צום אויפהאלטען דיא קאמיסיאנערן קערפער־שאפט. אין 1883 האט דער קאנגרעס אנגענומען דעם פענדעלטאן "סיוויל סוירוויס" געזעץ, וועלכער איז אונטערשריבען געווארען פון פרעזידענט ארטהור. דער געזעץ האט ערלויבט דעם פרעזידענט צו ערנענען עקזאמינירער, וועלכע האַ־בען געהאט צו ענטשיידען וועגען דיא פעהיגקייטען פון דיא וואס זוכען רעגיע־רונגס־שטעלען; און דיא ערנענונגען האבען בעדארפט געמאכט ווערן פון דיא וואס זיינען ערקלערט געווארען אלס פאסענד. דיא פארשריפטען פון דעם געזעץ האבען אנפאנגס אנגעריהרט בלויז אייניגע פון דיא עמטער, אבער זייט דאן זיינען זיי שוין איינגעפיהרט געווארען אויף פיעלע אנדערע.*)

נאך א וויכטיגער פונקט פון דעם געזעץ איז געווען דער פארשריפט, אז קיינע בייטרעגע זאלען ניט געבעטען ווערן פון דיא רעגיערונגס אנגעשטעלטע פאר פאליטישע צוועקען, און אז אנגעשטעלטע זאלען ניט נעהמען קיין טהע־טיגען אנטייל אין פאליטישע סכסוכים. דיא קאנסטיטוציאן גיט דיא מאכט פון ערנענען בעאמטע, אויסער פאר קלענערע עמטער, צום פרעזידענט, און איר־גענד וועלכע געזעץ וועגען ערנענונגען קען געמאכט ווערן בלויז אין דער פארמע פון אן עצה. דיא מאכט פון דער עפענטליכער מיינונג און דער וואונש צו פערמיידען דעם גרויסען דראנג נאך עמטער האבען געצוואונגען פרעזידענטען מעהר און מעהר זיך בענוצען מיט דיזען געזעץ.

396. מיסיסיפי פערפלייצונגען (1882); טאריף רעוויזיאן. (1883) —

*) דער געזעץ איז אריינגעבראכט געווארען פון דזשארדזש ה. פענדעלטאן, א דעמאק־ראטישער סענאטאר פון אהייא, און איז אנגענומען געווארען אין ביידע הייזער פון קאנגרעס, אהנע אונטערשייד פון פארטייען. דער אויסדרוק "סיוויל סוירוויס" נעהמט אין זיך ארייז אלע נידריגערע עקזעקוטיווע עמטער, אויסער פון דער ארמעע און פלאטע. דער געזעץ ריהרט ניט אן דיא הויפט קעפ פון דעפארטמענטען, אדער דיא העכערע עמטער.

Civil Service Act, 1883.

should be carried on according to business principles, and that a government clerk should be chosen not because he was a Democrat or a Republican, but because of his fitness for the position; nor should he be removed unless for incompetency or breach of trust. President Grant had urged the subject upon the attention of Congress, and a bill creating a board of civil service commissioners had been passed, and appointments made under its advice; but Congress refused to continue the appropriation for its support. In 1883 Congress passed the Pendleton Civil Service Act, which was approved by President Arthur. This allowed the President to appoint examiners, who were to decide upon the qualifications of the applicants for the offices; from those shown to be qualified appointments were to be made. The provisions of the bill at first applied to only a few of the offices, but have since been extended to many more.[1]

Another important feature of the act was the provision that contributions should not be solicited from the government employees for political purposes, and that employees should not take an active part in political contests. The Constitution vests the power of appointment, except for inferior offices, in the President (Art. II., sect. 2), and any law respecting appointments can be in the nature of advice only. The force of public opinion and the desire to escape the great pressure for offices have led Presidents more and more to avail themselves of the act.

**396. Mississippi Floods (1882); Tariff Revision**

[1] The bill was introduced by George H. Pendleton, a Democratic senator from Ohio, and was passed in both houses of Congress, irrespective of party. The civil service includes all lower executive offices, except those in the army and navy. The bill does not apply to heads of departments or to the higher offices.

titude with which he bore his suffering aroused the sympathy and admiration of the world.

**394. Arthur Succeeds.** (1881.) — Vice-President Arthur quietly succeeded to the Presidency. He had little reputation beyond that of a politician, nominated for political reasons, and many had voted for him reluctantly; but his admirable deportment during the illness of the President reassured the country, and he proved himself fully worthy of the office which had fallen to him without the wish or expectation of the people.

**Vice-President Arthur succeeds.**



CHESTER A. ARTHUR.

From a photograph.

CHESTER ALAN ARTHUR was born in Vermont, October 5, 1830. He graduated at Union College, New York, 1848. He taught school for two years and studied law. He was Collector of the Port of New York 1871-1878. He was nominated as Vice-President with Garfield 1880, and on the death of President Garfield became President. He died November 18, 1886.

**395. Anti-Polygamy Bill. (1882); Civil Service Act (1883).** — In 1882 a bill introduced by Senator Edmunds of Vermont was passed by Congress to suppress polygamy in Utah and the territories. It was supplemented by another bill in 1887. The United States Supreme Court declared these acts constitutional (1890), and the president of the Mormons announced that polygamy would be abolished.

**Anti-Polygamy Bill.**

The death of President Garfield had attracted the attention of the people to the question of reform in the matter of appointments and removals in the public service. Ever since the time of Andrew Jackson, public offices had been considered the legitimate reward for party services. Now the people began to feel that the government business

ליידען האָט ערוועקט דיא סימפּאַטיע און בעוואונדערונג פון דער גאַנצער וועלט.

394. אַרטהור נעהמט איבער דעם אַמט. (1881) — וויים־פּרעזידענט אַרטהור האָט שטיל איבערגענומען דיא פּרעזידענטשאַפט. ער האָט גֶעהאַט אַ קליינעם נאָמען אויסער וואָס מען האָט איהם געקענט אַלס פּאָליטיקער, וועלכער איז אַרויסגעשטעלט געוואָרען צוליעב פּאָליטישע אורזאַכען, און פילע האָבען געשטימט פאַר איהם אָהן חשק; אָבער זיין גרויסאַרטיגער בענעהמען זיך דורך דער צייט פון דער קראַנקהייט פון דעם פּרעזידענט, האָט בערוהיגט דאָס לאַנד, און ער האָט זיך נאָכהער אַרויסגעצייגט אַלס אַ מאַן וואָס האָט פול פערדיענט דעם אַמט, וועלכער איז איהם צוגעפאַלען אָהן דעם וואונש אָדער דיא ערוואַרטונג פון דאָס פאָלק.*)

395. דער "אַנטי־פּאָליגאַמי" געזעץ. (1882); דער געזעץ וועגען רעגיערונגס אָנגעשטעלטע. (1883) — אין יאָהר 1882 איז אַ געזעץ, פאָרגעשלאָגען פון סענאַטאָר עדמאָנדס, פון ווערמאָנט, אָנגענומען געוואָרען פון קאָנגרעס צו אונטערדריקען "פּאָליגאַמי" (פיעל־ווייבעריי) אין יוטאַ און דיא טערריטאָריען. נאָכהער איז דיזעם געזעץ פערשטאַרקערט געוואָרען דורך אַנאַדער געזעץ אין 1887. דאָס העכסטע געריכט פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען האָט ערקלערט דיזע געזעצע אַלס קאָנסטיטוציאָנעל (1890), און דער פּרעזידענט פון דיא מאָרמאָנען האָט געלאָזט וויסען אַז "פּאָליגאַמי" וועט אָבגעשאַפט ווערן.

דער טויט פון פּרעזידענט גאַרפיעלד האָט צוגעצויגען דיא אויפמערקזאַמקייט פון דאָס פאָלק צו דער פראַגע וועגען מאַכען רעפאָרמען אין דיא אַרט און ווייזע וויא רעגיערונגס בעאַמטע ווערן ערנאַנט און אַרונטערגעזעצט. זייט דיא צייט פון ענדריו דזשעקסאָן, זיינען רעגיערונגס עמטער בעטראַכט געוואָרען אַלס גרעסטע בעלוינונגען פאַר פּאַרטיי לייסטונגען. יעצט האָט דאָס פאָלק אָנגעפאַנגען צו פיהלען אַז דיא רעגיערונגס געשעפטע דאַרפען געפיהרט ווערן לויט געוויסע געשעפטס פּרינציפען, אַז אַ רעגיערונגס אָנגעשטעלטער דאַרף אויס־

*) טשעסטער עלען אַרטהור, וועמעס בילד געפינט זיך אויף דער ענגלישער זייטע 427, איז געבאָרען געוואָרען אין ווערמאָנט, דעם 5טען אָקטאָבער, 1830. ער האָט געענדיגט יוניאָן קאָלעדזש, אין ניו יאָרק, אין 1848. ער איז צוויי יאָהר צייט געוועזן אַ לעהרער אין אַ שולע און האָט שטודירט פאַר יוריסט. ער איז געוועזן דער קאָלעקטאָר פון ניו יאָרקער האַפען פון 1871 ביז 1878. ער איז אַרויסגעשטעלט געוואָרען פאַר וויים־פּרעזידענט מיט גאַרפיעלד'ן אין 1880 און נאָך גאַרפיעלד'ס טויט איז ער געוואָרען פּרעזידענט. ער איז געשטאָרבען דעם 18טען נאָוועמבער, 1886.

צענט, וויא ווען עס איז פריהער, און אבצוצאהלען א גרויסען טייל פון איהר חוב, שפארענדיג דאביי א היבשע סומע אין דיא יעהרליכע אויסגאבען אויף דיא פראצענטען. *)

393. גארפיעלד ערוועהלט פרעזידענט; זיין ערמארדונג. (1880) — אין דיא פרעזידענטען וואהל פון יאהר 1880, זיינען דזשיימס א. גארפיעלד און טשעסטער א. ארטהור, דיא רעפובליקאנער קאנדידאטען, ערוועהלט געווארען איבער גענעראל ווינפילד ס. הענקאק און וויליאם ה. ענגליש, דיא דעמאקראטישע קאנדידאטען. קיין מאן, זייט דזשאן קווינסי עדעמס, איז ניט ערוועהלט געווארען פרעזידענט, וועלכער זאל זיין אין יעדער הינזיכט מעהר פאסענד פאר דעם אמט וויא ער. ער האט דיא קאנדידאטור ניט געזוכט, און ער איז ניט געוועזן געבונדען פון פאליטישע פערשפרעכונגען. זעהר פיעל האט מען ערווארטעט פון זיין אדמיניסטראציאן; אבער עס איז איבערגעהאקט געווארען דורך אן ענטוישטען אמט-זוכער, וועלכער האט דערשאסען דעם פרעזידענט אויף אן אייזענבאהן סטאנציאן אין וואשינגטאן, דעם 2טען יולי, 1881, ווען ער האט געהאלטען ביים אבפאהרען צו א פייערטען יולי פעסט אין זיין אלטען קאלעדזש אין מאסאטשוזעטס. נאכדעם וויא ער האט זיך געראנגעלט מיט'ן טויט עטוואס מעהר וויא דריי מאנאטען, איז ער געשטארבען דעם 19טען סעפטעמבער, אין עלבעראן, אויף'ן ניו דזשוירזי ברעג, וואו מען האט איהם געהאט איבערגעפיהרט מיט דער אומזיסטער האפנונג, אז ער וועט זיך בעסערען.**) דיא ענטשלאסענהייט מיט וועלכע ער האט אריבער געטראגען זיינע

*) הלוואות אויף 6 פראצענט און מעהר זיינען איינקאסירט געווארען און זיינען צוריק ארויסגעגעבען געווארען אויף פיער און האלב פראצענט. אונגעפעהר 30 מיליאן דאלער א יאהר אין פראצענטען איז אויף אזא אופן געשפארט געווארען.

**) דזשיימס אייברעהעם גארפיעלד, וועמעס בילד געפינט זיך אויף דער ענגלישער זייטע 426, איז געבארען געווארען אין אהייא, דעם 19טען נאוועמבער, 1831. זיין יוגענד האט ער פערבראכט אין ארמוטה. ער האט געענדיגט וויליאם קאלעדזש אין 1856. ער איז געוועזן א לעהרער פון לאטיין און גריכיש אין היראם קאלעדזש, אהייא, און איז געווארען דער פרעזידענט פון דעם אנשטאלט. ער האט שטודירט פאר יוריסט, אבער ער איז אריין אין דער ארמעע אין 1861, וואו ער האט געדיענט מיט גרויס אויסצייכנונג. אויף'ן ראטה פון פרעזידענט לינקאלן און אנדערע האט ער רעזיגנירט פון דער ארמעע, אום אריינצוקומען אין קאנגרעס. דא איז ער פערבליבען ביז 1880, לייסטענדיג אויף דיא וויכטיגסטע קאמיטעען. ער איז ערוועהלט געווארען סענאטאר אין 1880, און אין יוני 1880, איז ער אונערווארטעט ארויסגעשטעלט געווארען פאר פרעזידענט. ער איז ערוועהלט געווארען און איז איינגעשווארען געווארען אין מערץ, 1881.

of interest than ever, and to refund a large portion of its debt with a great saving in the annual expense for interest.[1]

Garfield and Arthur elected 1880.

**393. Garfield elected President. Assassination. (1880.)** — In the Presidential election of 1880, James A. Garfield and Chester A. Arthur, the Republican candidates, were elected over General Winfield S. Hancock and William H. English, the Democratic candidates. No man since John Quincy Adams had been elected to the Presidency who seemed in every way better fitted for the office. His nomination had been unsought, and he was untrammelled by political bargains. Much was looked for from his administration; but it was cut short by a disappointed office-seeker who shot the President in a railroad station at Washington, July 2, 1881, as he was about leaving for a Fourth of July celebration at his old college in Massachusetts. After lingering for a little over three months, he died, September 19, at Elberon, on the New Jersey coast, where he had been removed in the vain hope of improvement. The for-



James A. Garfield.

James Abram Garfield was born in Ohio, November 19, 1831. His youth was spent in poverty. He graduated at Williams College in 1856. He taught Latin and Greek at Hiram College, Ohio, and became the president of the institution. He studied law, but entered the army in 1861, where he served with great distinction. By the advice of President Lincoln and others he resigned in order to enter Congress. Here he remained until 1880, serving on the most important committees. He was chosen senator in 1880, and in June, 1880, was unexpectedly nominated for President. He was elected and was inaugurated in March, 1881.

**President Garfield assassinated.**

[1] Loans at 6 per cent and over were called in and reissued at 4½ and 4 per cent. About $30,000,000 a year in interest was thus saved.

possible heretofore. Congress grudgingly gave him permission to test his plan, and made an appropriation conditional upon his success, compelling him, moreover, to try his experiment upon the South Pass, which was the mouth or pass of the river least used and most unpromising.

His purpose was to confine the water within narrower bounds, thus making the current swifter, and forcing the water not only to clear out its own channel, but to keep it cleared out, the swiftness of the current preventing much deposit of sediment. This "jetty system,"[1] had been pursued with great success on the Danube. Within the contract time he had deepened the channel from eight to twenty feet, as he had promised, and later the channel was further deepened, so that large vessels can now come up to New Orleans without difficulty.

**Eads' "jetty system."**

392. **Resumption of Specie Payments.** (1879.) — On the 1st of January, 1879, in accordance with the act of Congress four years previously (sect. 380), the Secretary of the Treasury, John Sherman, announced that he would give gold for any United States notes which might be presented for payment. So confident were the people that such would be the case, and so excellent was the credit of the government on account of the steady payment of the debt, that the premium on gold had gradually disappeared, or more correctly, the notes had become equal to gold. When the holders knew that they could get gold whenever they wished, no one cared to exchange the convenient notes for the heavy metal. The success of the operation increased the credit of the government still more, so that it was now able to borrow at a lower rate

**Resumption of specie payments, January 1, 1879.**

[1] A jetty is a structure of wood, stone, etc., confining the current of a river or the tide.

לויבנים צו פּרובירען זיין פּלאַן און האָט געמאַכט אַ געלד־בעוויליגונג וועלכע איז אָבגעהאַנגען אָן זיין ערפאָלג. דערצו נאָך איז ער געצוואונגען געווען צו מאַכען אַ פּראָבע פון זיין פּלאַן ביים זיד דורכגאַנג, וועלכער איז געווען דער דורכגאַנג וואָס איז אַם ווענינסטען נוציג געוואָרען און האָט געהאַט דיא קלענסטע אויסזיכטען אויף ערפאָלג.

זיין צוועק איז געווען צו פערשפּאַרען דאָס וואַסער אין אַ שמעלערן גרענעץ, מאַכענדיג אויף אַזאַ אופן דעם שטראָם שנעלער און צווינגענדיג דאָס וואַסער ניט נור אליין אויסצורייניגען דעם קאַנאַל, נור עס אויך צו האַלטען ריין, ווייל דיא שנעלקייט פון דעם שטראָם האָט ניט ערלויבט אַז פיעל פּסולת זאָל זיך אָב־שטעלען אויף׳ן גרונד. דיזע "וואַסער־וואַנד סיסטעמע"*) איז אויספּרובירט געוואָרען מיט גרויס ערפאָלג אויף דעם טייך דאַנוב. אין דער בעשטימטער צייט האָט אידס טיעפער געמאַכט דעם קאַנאַל פון אכט אויף צוואַנציג פוס, וויא ער האָט פערשפּראָכען, און שפּעטער איז דער קאַנאַל נאָך מעהר טיעפער גע־מאַכט געוואָרען, זאָ דאָס גרויסע שיפען קענען יעצט פאָהרען נאָך ניו אָרלינס אָהן וועלכע עס איז שוועריגקייטען.

392. גאָלד ווידער אָנגעפאַנגען צאָהלען. (1879) — דעם 1טען יאַנואַר, 1879, אין איינקלאַנג מיט דעם געזעץ וואָס דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען מיט פיער יאָהר פריהער (זעה פּאַראַגראַף 380), האָט דער פינאַנץ סעקרעטער, דזשאָן שערמאַן , ערקלערט, אַז ער וועט געבען גאָלד פאַר יעדע אַסיגנאַציע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, וועלכע וועט פאָרגעלעגט ווערן צום אויס־צאָהלען. אַזוי זיכער איז דאָס פאָלק געווען אַז דאָס וועט זיין אַזוי, און אַזוי גרויס איז געווען דער קרעדיט פון דער רעגיערונג צוליעב דיא ניט־אונטער־בראָכענע אָבצאָהלונגען אויף׳ן חוב, אַז דיא פּרעמיע אויף גאָלד איז ביסלעכווייז פערשוואונדען, אָדער נאָך ריכטיגער, דיא אַסיגנאַציעס זיינען געוואָרען גלייך מיט גאָלד. ווען דיא אייגענטימער האָבען געוואוסט אַז זיי קענען קריגען גאָלד ווען נור זיי ווילען, האָט קיינער מעהר קיין ניט חשק געהאַט אויסצובייטען דיא בעקוועמע אַסיגנאַציעס אויף שווערען מעטאַל. דער ערפאָלג פון דיזער ענדערונג האָט נאָך מעהר פערגרעסערט דעם קרעדיט פון דער רעגיערונג, אַזוי דאָס זיא איז יעצט געווען אימשטאַנדע צו קריגען געבאָרגט געלד אויף אַ קלענערען פּראָ־

*) אַ וואַסער־וואַנד איז אַ געביידע פון האָלץ אָדער שטיינער וואָס האַלט איין דעם שטראָם פון אַ טייך אָדער דעם שטייגען פון דאָס וואַסער.

ארומיגע שטאאטען, בעזונדערס געווארען פון א שרעקליכע עפידעמיע פון געלען פיבער. דיא שטעט מעמפיס און ניו ארלינס האבען געליטען מעהר פון אלע אנדערע. וויא אין דעם פאל פון דעם שיקאגא פייער, איז הילפע פון יעדען זארט באלד געשיקט געווארען צו דיא געפלאגטע שטעט. ווען עס זיינען ניטא געניגענדע סאניטאציאנס געזעצע האט געוואוינליך דער געלער פיבער א פרייע האנד צו בושעווען. אנגעלערנט פון דיזער שווערער לעקציאן, זיינען שפעטער שטריינגע געזעצע אנגענומען געווארען. איבערהויפט אין מעמפיס איז דיא גאנצע שטאט דורך און דורך גערייניגט געווארען, א נייע סיסטעמע פון אבצוג קאנאלען איז איינגעפיהרט געווארען, און א שטריינגע סיסטעמע פון סאניטאציאנס געזעצע איז פערפאסט און דורכגעפיהרט געווארען. דיזע האנדלונג האט געבראכט העכסט צופרידענשטעלענדע רעזולטאטען.

391. דיא מיסיסיפי וואסער-ווענד. (1875) — דער מיסיסיפי טייך ברייננגט ארונטער יעדען יאהר א גרויסע מאסע פסולת, דיא מייסטע פון וועלכע פאלט נאכהער ארונטער צום גרונד, ניט ווייט פון דער עפנונג פון דעם פלוס. דאס מאכט דעם טייך ניט טיעף, שטערט דיא נאוויגאציאן און פיהרט דערצו, אז דער טייך געהט ארויס פון זיינע ברעגעס און פעראורזאכט גרויסען שאדען צו אייגענטום. צוויי עפנונגען פון דעם מיסיסיפי זיינען שוין געווען ניט טיעף גענוג אריינצולאזען גרויסע שיפען, און זאגאר דורך'ן הויפט קאנאל האט א גאנץ גרויסע שיף שוין ניט געקענט דערגרייכען ניו ארלינס. דזשיימס ב. אידס, פון סעינט לואיס, א "סיוויל" אינזשעניר, וועלכער האט שוין געהאט פראיעקטירט א בריק איבער'ן טייך ביי סעינט לואיס, האט פארגעלעגט פאר'ן קאנגרעס א פלאן, וועלכער ער איז געווען זיכער וועט טיעפער מאכען דעם קאנאל און צו דער זעלבער צייט האלטען דעם טייך אין זיינע ברעגעס בעסער וויא עס איז פריהער מעגליך געווען.*) דער קאנגרעס האט איהם אהן חשק גגעבען דיא ער-

*) דאס בילד אויף דער ענגלישער זייטע שטעלט פאר דיא מיסיסיפי וואסער-ווענד ביי פארט אידס, אין יאהר 1878. דער פארט, וויא מען זעהט, טראגט דעם נאמען פון דעם אינזשעניר, וועלכער האט אויסגעקלערט דיא וואסער-ווענד און האט זיי אויך אליין אויפגעבויט.

דזשיימס ביוקהענען אידס איז געבארען געווארען אין אינדיאנא אין 1820. זיין ערשטע אינזשענירישע ארבייט אין וועלכער ער האט זיך אויסגעצייכענט איז בעשטאנען אין אויפהויבען פון וואסער געזונקענע שיפען. אין דער צייט פון דער בירגער מלחמה האט ער פאר דער רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען געבויט געפאנצירטע שיפען. ער האט אויך שפעטער געבויט דעם גרויסען בריק איבער'ן טייך מיסיסיפי ביי דער שטאט סעינט לואיס. אבער זיין גרויסען נאמען האט ער ערשט בעקומען דורך דיא וואסער-ווענד וואס ער האט אויסגעבויט. ער איז געשטארבען אין 1887.

Yellow fever.

the Chicago fire, assistance of all kinds was cheerfully sent to the afflicted cities. The lack of sanitary regulations contributes greatly to the spread of yellow fever. Taught by this severe lesson, strict laws were enacted. In the case of Memphis particularly, the whole city was thoroughly cleansed, a new system of drainage adopted, and a rigorous system of sanitary laws devised and carried out. This action has been followed by highly satisfactory results.

Mississippi jetties.

**391. Mississippi Jetties.** (1875.) — The Mississippi River brings down every year a vast amount of sediment; much



A Bird's-eye View of the Mississippi Jetties at Port Eads in 1878.

of which falls to the bottom near the mouth of the stream. This makes the river shallower, impedes navigation, and tends to make the river overflow its banks, causing great loss of property. Already two of the mouths of the Mississippi were too shallow to admit large vessels, nor could the largest ships reach New Orleans even by the principal channel. James B. Eads of St. Louis, a civil engineer, designer of a bridge across the river at St. Louis, proposed to Congress a plan, which he was confident would deepen the channel and at the same time keep the river within its banks better than had been

James B. Eads.

איבער דרייסיג מייל, און עס איז געוועזן א סצענע וואס מען האט עהנליך צו דעם נאך קיינמאל פריהער ניט געזעהן אין דיא פעראייניגטע שטאאטען. אין א קורצער צייט זיינען אלע ארמעען אויפגעלייזט געווארען, מיט דער אויסנאהמע פון א פופציג טויזענד סאלדאטען וועלכע מען האט געפונען פאר נויטיג איבער־צולאזען אויף אויפהאלטען דיא ארדנונג. אין גאנצען זיינען אין דיא נארד אונגעפעהר א מיליאן מענער געשיקט געווארען צוריק צו זייערע היימען, און אין זיד א צוויי מאל הונדערט טויזענד.

קיינמאל זיינען גרויסע ארמעען ניט אויפגעלייזט געווארען מיט אזוי ווייניג שטערונג אדער אונצופרידענהייט פון דיא סאלדאטען; ביי קיינעם איז ניט געוועזן דער קלענסטער וואונש פאר א מיליטערישער ממשלה; און פאר רע־פאבליקאנער פרינציפען איז דאס געוועזן א גרויסער טריאומף. דאך, קיין צוויי־פעל איז עס ניט דאס אין פיעלע הינזיכטען איז דאס לאנד פון א מאראלען שטאנדפונקט געזונקען — א לאגישער רעזולטאט פון יעדע מלחמה; דיא מוחות פון פיעלע מענשען ווערן צוגעוואוינט צו טרעטען דיא רעכטע פון אנדערע מיט דיא פיס און צו לייגען ווייניג ווערטה אויף א מענשליכען לעבען. פיעלע פון דיא מאראלע אזוי גוט וויא דיא סאציאלע און עקאנאמישע ווירקונגען האבען זיך ניט געפיהלט גלייך, זאנדערן ערשט שפעטער. דיא גאנצע נאציאן איז גע־ווארען צוגעוואוינט צו גרויסע אונטערנעהמונגען און צו גוואלדיגע פינאנץ אפעראציעס פון דער רעגיערונג; דאס קען טיילווייז זיין אן ערקלערונג פאר דיא צופרידענהייט מיט וועלכע עס זיינען נאך דער מלחמה אויסגעגעבען געווארען גרויסע סומען רעגיערונגס־געלדער, וויא אויך פאר יענעם ספעקולאציאנס־גייסט און אויסברייטונג אין דיא געשעפטען וועלכער האט געהאלפען ארויסברייגנען דעם קריזיס פון 1873 (זעה פאראגראף 375).

355. דיא פערלוסטען פון דער מלחמה. (1865) — דער סך הכל פון דיא פערלוסטען אין דער מלחמה, אויף אזוי וויט וויא מען קען עס אויסרעכענען, איז א שרעקליכער. אין צאהל פון דיא וואס האבען פערלארען זייערע לעבענס אויף'ן שלאכט־פעלד, דיא וואס זיינען געשטארבען פון זייערע וואונדען, און פון פערשיעדענע קראנקהייטען, איז דער פערלוסט פוןביידע זייטען געוועזן כמעט גלייך. מען רעכענט דעם סך הכל מעהר וויא זעקס מאל הונדערט טויזענד. דער פערלוסט פון דעם וואס עטליכע הונדערט טויזענד מענער זיינען אויף עוויג פערקריפעלט אדער אזוי אונפעהיג געמאכט געווארען אלס טהעטיגע

Blockade raised, May 22, 1865.

On the 22d of May the President issued a proclamation, raising the blockade except for the ports of Texas. These were opened a month later. On the 23d and 24th of May the armies of Grant and Sherman, before being disbanded and sent home, were reviewed in Washington by the President and the Cabinet. The column of soldiers was over thirty miles long, and was a sight the like of which had never before been seen in the United States. In a short time all the troops were disbanded except about fifty thousand, which were considered necessary to keep order. In all, about one million men were sent back to their homes in the North, and about two hundred thousand in the South.

Union armies disbanded, May, 1865.

Effect of the war.

Never had such large forces been returned to civil life with so little exhibition of lawlessness. Nor was there any desire for aught of military rule. This was a great triumph for republican principles; and yet there is no doubt that in many ways the moral tone of the whole country was lowered, — a logical result of all war, which must beget in most minds a disregard for the rights of others and for the value of human life. Many of the moral as well as the social and economic effects did not show themselves at once, but were seen later. The whole nation had become accustomed to large enterprises, and enormous financial operations by the government; this may partly account for the willingness to continue to make large outlays of public money after the war had ended, as well as for that spirit of speculation and expansion in business which helped to bring about the crisis of 1873 (sect. 375).

Losses from the war.

**355. Losses from the War.** (1865.) — Of the losses which can be estimated, the total is appalling. The loss of life in battle, from wounds, and from disease is thought

him, and how much they had learned to rely upon his kindliness and judgment. No vindictiveness had ever been apparent in his words or actions; and the southern people mourned him as well as the people of the North, for they felt they had lost one who would have been their friend. His real statesmanship received a tardy recognition; but his state papers, now that they can be read calmly, are seen to be almost unsurpassed for clearness of meaning and vigor of style.[1] Character of Lincoln.




A RACE SET FREE
AND THE COUNTRY AT PEACE
LINCOLN
RESTS FROM HIS LABORS

THE EMANCIPATION STATUE IN BOSTON.

354. **Andrew Johnson becomes President; Moral Effects of the War.** (1865.) — A few hours after the death of Lincoln, Chief Justice Chase administered the oath to the Vice-President, Andrew Johnson, who assumed the position and duties of President in accordance with the constitutional provision. On the 26th of April General Joseph E. Johnston surrendered his army to General Sherman. On the 10th of May Jefferson Davis[2] was captured in Georgia, and shortly afterward the remaining Confederate forces, one after another, laid down their arms.[3]

Andrew Johnson President.

Jefferson Davis captured.

[1] Appendix III.

[2] Davis was first taken to Savannah, and thence to Fortress Monroe, where he was kept in imprisonment about two years. He was then released on bail, Cornelius Vanderbilt, Horace Greeley, and Gerrit Smith becoming his bondsmen. He was never brought to trial. He died in New Orleans, December 6, 1889.

[3] The last engagement was on the banks of the Rio Grande (May 12), and was, strangely enough, a success for the Confederates.

אַ פריינד. שפּעט איז געקומען די אַנערקענונג פאַר זיין ווירקליכע גרויסקייט אַלס שטאַאַטס־מאַן; אָבער פון זיינע שטאַאַטס־דאָקומענטען וועלכע מען קען יעצט לעזען גאַנץ געלאַסען זעהט מען דאַס אין קלאָהרקייט פון געדאַנק און שטאַרקייט פון סטיל איז כמעט ניטאָ קיין אַנדערער וואָס זאָל איהם איבער־שטייגען.*)

354. ענדריו דזשאָנסאָן ווערט פרעזידענט; מאָראַלע ווירקונג פון דער מלחמה. (1865) — אַ פּאָר שטונדען נאָכדעם וויא לינקאָלן איז גע־שטאָרבען, איז דער וויים־פרעזידענט, ענדריו דזשאָנסאָן, איינגעשוואָרען גע־וואָרען פון דעם הויפּט ריכטער טשייס אַלס פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַאַטען, לויט די בעשטימונג פון דער קאָנסטיטוציאָן. דעם 26טען אַפּריל האָט גענעראַל דזשאָזעף ע. דזשאָנסטאָן זיך אונטערגעגעבען מיט זיין אַרמעע צו גענעראַל שערמאַן. דעם 10טען מאַי איז דזשעפערסאָן דייוויס געפאַנגען געוואָרען אין דזשאָרדזשיא;**) און קורץ נאָכדעם האָבען די איבעריגע קאָנפעדעראַטען חיל אויפגעגעבען דעם קאַמפּף איינע נאָך די אַנדערע און אָוועקגעלייגט זייערע וואָפען.***)

דעם 22טען מאַי האָט פרעזידענט דזשאָנסאָן אַרויסגעלאָזען אַ פּראָקלאַ־מאַציע, אין וועלכער ער האָט אויפגעגעבען די בלאָקאַדע אויף אַלע האַפענס אין זיד חוץ אין טעקסעס. די האַפענס אין טעקסעס זיינען געעפענט גע־וואָרען אַ חודש שפּעטער. דעם 23טען און 24טען מאַי האָבען די אַרמעען פון גראַנט און שערמאַן, איידער מען האָט זיי אויפגעלייזט און פונאַנדערגע־שיקט אַהיים, פּאַראַדירט אין וואַשינגטאָן פאַר דעם פרעזידענט און זיין מי־ניסטאָרען קאַבינעט. די לייַנג פון דער סאָלדאַטען פּראָצעסיאָן איז געוועזן

*) אויף דער ענגלישער זייטע 385 געפינט זיך דאַס בילד פון אַ לינקאָלן סטאַטוע אין באָסטאָן. די אויפשריפט אויף'ן פעדעסטאַל איז וויא פאָלגט: — "אַ ראַסע בעפרייט, און דאַס לאַנד אין פריעדען, רוהט לינקאָלן פון זיין שווערע אַרבייט".

**) דייוויס, דער פרעזידענט פון דער קאָנפעדעראַטען־רעגיערונג, איז צוערשט אַבגע־פיהרט געוואָרען נאָך סאַוואַנאַ, און פון דאָרט נאָך דער פעסטונג מאָנראָ, וואו מען האָט איהם געהאַלטען געפאַנגען אונגעפעהר צוויי יאָהר. דערנאָך האָט מען איהם אַרויסגעלאָזט אויף בירגשאַפט, וועלכע קאָרנילִיוּס וואַנדערבילט, האָרייס גרילי און גערית סמיטה האָבען פאַר איהם גענעבען. מען האָט איהם קיינמאָל ניט געשטעלט צום געריכט. ער איז געשטאָרבען אין ניו אָרלינס דעם 6טען דעצעמבער, 1889.

***) דער לעצטער צוזאַמענשטויס צווישען די חיל פון נאָרד און זיד איז פאָרגעקומען דעם 12טען מאַי, ביי די ברעגעס פון דעם טייך ריאָ גראַנד, און דאַס מערקווירדיגע איז וואָס עס האָט זיך געענדיגט מיט אַ נצחון פאַר די קאָנפעדעראַטען.

353. לינקאָלן ערמאָרדעט; זיין גרויסקייט. (1865) — ווען לי האָט זיך אונטערגעגעבען מיט זיין ארמעע האָט מען עס איבעראל אָנגענומען אלס א סוף צו דעם בלוטיגען קאמפף. לינקאָלן אליין האָט בעזוכט ריטשמאָנד א טאָג נאָכדעם וויא דיא שטאָט איז אריין אין דיא הענד פון דער פעדעראַליס־טישער ארמעע און איז געגאנגען דורך איהרע גאסען. דיא גרויסע שמחה אין נאָרד איז נאָך ניט געווען פאריבער ווען דאָס גאנצע לאנד, נאָרד און זיד, איז אויפגעטרייסעלט געוואָרען פון דער שרעקליכער נייעס דאָס פרעזידענט לינקאָלן איז ערמאָרדעט געוואָרען פון דזשאָן ווילקס בוט אין פאָרד'ס טהעאטער, אין אבענד פון דעם 14טען אפריל.*) דער פערברעכער, וועלכער, ווייזט אויס, איז געווען דיא ארבייט פון איינעם וואָס האָט סימפאטיזירט מיט דער קאָנפעדעראציע און וואָס האָט געהאַט א האלב משוגענע אידעע פון ראכע אויסגעמישט מיט א פערלאַנג צו ווערן בעוואוסט. אַן אַנדער פערשווערער האָט געמאכט אַן אטאַ־קע אויף סעקרעטער סיוארד, וועלכער איז טראָץ דיא שווערע וואונד וואָס ער האָט געקראָגען געזונד געוואָרען.**)

ערשט נאָכדעם וויא פרעזידענט לינקאָלן איז געשטאָרבען האָט דאָס גאנצע פאָלק פון דיא פעראייניגטע שטאאטען בעגריפען וויא שטארק ער איז פון זיי בעליבט געווען און וויפיעל זיי זיינען געוואוינט צו פערלאַזען זיך אויף זיין גוטהערציגקייט און קלוגען שכל. אין זיינע ווערטער אָדער האנדלונגען האָט מען קיינמאָל ניט געמערקט קיין געפיהל פון ראכע; און דיא איינוואָהנער פון זיד האָבען אזוי געטרויערט נאָך איהם וויא דיא איינוואָהנער פון נאָרד, ווייל זיי האָבען געפיהלט דאָס זיי האָבען פערלאָרען איינעם וואָס איז זיי געווען

*) בוט איז אנטלאָפען געוואָרען, אבער מען האָט איהם נאָכגעיאָגט און ער איז דער־שאָסען געוואָרען פון איינעם פון דיא פערפאָלגער. פיעלע פון דער באנדע פערשווערער זיינען געפאנגען געוואָרען. מען האָט זיי גע'משפט און פעראורטיילט. געגען מאנכע פון זיי זיינען געווען זעהר ווענינ בעווייזע. פיער זיינען אויפגעהאנגען געוואָרען און פיער האָט מען פערשיקט אויף א סך יאהרען אין געפענגנים.

**) אויף דער ענגלישער זייטע 384 געפינט זיך א פערקלענערטע נאָכבילדונג פון דער טעגליכער צייטונג, "ניו יאָרק העראַלד", מיט דער מעלדונג פון דעם מערדערישען אנגריף אויף לינקאָלן. דיא צייטונג איז דאטירט שבת, 15טער אפריל, 1865. אויך געפינט זיך אויף דער זעלבער זייטע א פערקלענערטע נאָכבילדונג פון א פראָקלאמאציע וואָס דער מעיר (הויפט בעאמטער) פון דער שטאָט גארדינער האָט ארויסגעלאָזען וועגען דעם טויט פון פרע־זידענט לינקאָלן. אין דער פראָקלאמאציע פאָדערט ער אויף אלע איינוואָהנער פון שטאָט צו בעטען גאָט פאר דעם וואוילזיין פון דאָס לאנד.

President Lincoln visits Richmond.

**353. Lincoln assassinated; his Greatness.** (1865.) — The surrender of Lee's army was recognized to be the end of the struggle. Lincoln himself visited Richmond the day after the capture, and walked through its streets. The rejoicing in the North had not ended when the whole country, North and South, was horrified by the news of

**THE NEW YORK HERALD.**

WHOLE NO. 10.468. NEW YORK, SATURDAY, APRIL 15, 1865.

IMPORTANT.

ASSASSINATION OF PRESIDENT LINCOLN.

The President Shot at the Theatre Last Evening.

THE PRESS DESPATCHES.

THE REBELS.

JEFF. DAVIS AT DANVILLE.

His Latest Appeal to His Deluded Followers.

He Vainly Promises to Hold Virginia at All Hazards.

THE NEW YORK "HERALD'S" ANNOUNCEMENT.

President Lincoln assassinated, April 14, 1865.

the assassination of President Lincoln by John Wilkes Booth at Ford's Theatre, Washington, on the evening of April 14. The crime seems to have been the work of a southern sympathizer filled with a half-crazy idea of vengeance joined with a desire for notoriety. Secretary Seward was attacked by another conspirator, but though severely wounded, recovered.[1]

MAYOR'S OFFICE, APRIL 15th, 1865.

WHEREAS, We are informed of the death of

ABRAHAM LINCOLN,

PRESIDENT of the UNITED STATES,

by the hand of an assasin, and in consideration of the great and irreparable calamity that has befallen our country, I hereby request all the people of Gardiner not prevented by disability, to assemble at the several places of public worship and bow themselves before Almighty God, imploring his Divine assistance at this time of our country's peril, on Sunday, 16th inst. I hope all the citizens will forego every little inconvenience and thus show their sympathy for the great sorrow that has come upon us, and I also request the prayers of the Clergy and people be offered up that the life of Secretary Seward may be spared.

N. O. MITCHELL, Mayor.

Gardiner, Me.

A MAYOR'S PROCLAMATION OF DEATH OF LINCOLN.

Seward attacked.

It was not until after the death of President Lincoln that the people of the country realized how much they loved

[1] Booth escaped, but was pursued, and shot by one of his pursuers. A number of the conspirators were captured, tried, and convicted, some on slender evidence. Four were hanged, and four sentenced to long terms of imprisonment.

7 Apl '65—

Genl

I have recd your note
of this date. Though not enter
taining the opinion you express
of the hopelessness of further resis
-tance on the part of the Army
of N. Va.—I reciprocate your
desire to avoid useless effusion
of blood, & therefore before Consider
ing your proposition ask
the terms you will offer on
Condition of its Surrender—

Very respt your Obt Servt

R E Lee
Genl

Lt Genl U. S. Grant
Commd Armies of the U. States

GENERAL LEE'S LETTER CONCERNING SURRENDER.

Facsimile of the autograph copy.

# גענעראַל ליס בריעף צו גענעראַל גרענט

אויף דער ענגלישער זייטע 383 געפינט זיך א ריכטיגע נאָכבילדונג פון דעם בריעף וועלכען גענעראַל לי האָט געשיקט צו גענעראַל גרענט וועגען אונטערגעבען זיך. דער אינהאלט פון דעם בריעף איז וויא פאָלגט:

9טער אפריל, 1865.

גענעראַל —

איך האָב ערהאַלטען אייער בריעף פון היינט. הגם איך האַלט ניט מיט דער מיינונג וועלכע איהר דריקט אויס וועגען דיא האָפנונגסלאָזיגקייט פאר דער ארמעע פון נאָרד ווירדזשיניא צו פיהרען ווייטער דעם ווידערשטאנד, שטים איך פון דעסטוועגען איין מיט אייך אין אייער וואונש אויסצומיידען נוצלאָזע בלוט-פערגיסונג. דארום, איידער איך קען נעהמען אין אנבעטראכט אייער פאָרשלאג, בעט איך אייך מיר צו לאָזען וויסען דיא בעדינגונגען, וועלכע איהר ווילט אָנבאָטען פאר דער ארמעע זיך אונטערצוגעבען.

זעהר אכטונגספאָל, אייער אונטערגעבענסט,

ר. ע. לי, גענעראַל.

צו גענעראַל יו. ס. גרענט,
קאָמאנדיר פון דיא ארמעען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

352. שערידען'ס אנפאל; פיטערסבורג; ריטשמאנד איינגענומען; לי גיט זיך אונטער. (1865) — אין פעברואר, 1865, איז איינגענומען געווארען ווילמינגטאן, נארד קעראליינא, און דיא קאנפעדעראציע איז געבליבען אהן א האפען. אין פעברואר און מערץ האט שערידען, אן דער שפיצע פון זיין קאוואלעריע, געמאכט אן אנפאל אויף דעם טהאל פון שענאנדא אזוי ווייט וויא ביז סטאונטאן, און האט איבערגעשניטען דיא באהן ליניען אויף וועלכע לי איז געווען שטארק אבהענגיג פאר זיין פראוויאנט. דערנאך, ווען שערידען האט זיך אנגעשלאסען אן גרענט'ס ארמעע, איז ער געשיקט געווארען נאך זיד-וועסט פון פיטערסבורג. פירכטערליכע שלאכטען זיינען פארגעקומען און דיא פעדעראליסטישע חיל זיינען געווען זיעגרייך. זעהענדיג אז ער קען ניט האלטען פיטערסבורג, האט לי דעם 2טען אפריל געשיקט א טעלעגראמע צו פרעזידענט דייווים, אין וועלכער ער האט מודיע געווען דאס עס איז געווארען נויטווענדיג צו פערלאזען זאפארט אי פיטערסבורג אי ריטשמאנד. די טרויעריגע בשורה האט דייווים ערהאלטען זאנטאג, ווען ער איז געווען ביי גאטעס-דיענסט אין זיין קירכע. פון דיא פארבערייטונגען וואס מען האט גלייך גענומען מאכען אויף פערלאזען דיא שטאט האבען דיא איינוואהנער פון ריטשמאנד פערשטאנען וואס עס ערווארטעט זיי; דער רעזולטאט איז געווען אן אונבעשרייבליכע מישעניגע. דיא קריעגס-שיפען אויף'ן טייך זיינען אויפגעריסען געווארען, דיא טאבאק סקלאדען זיינען אונטערגעצונדען געווארען, פעסער מיט בראנפען זיינען אויפגעריסען געווארען און דיא בראנפען האט מען אויסגעגאסען אויף'ן גאס אויס מורא פאר דיא סאלדאטען. אבער מאנכע סאלדאטען זיינען שיכור געווארען פון דיא אויסגעגאסענע בראנפען און האבען זיך געכאפט צום רויבען.

עס איז געווען פארטאג פון דעם 3טען אפריל ווען גענעראל וועיטצעל האט זיך דערוואוסט דאס דיא קאנפעדעראטען פערלאזען ריטשמאנד. ער האט גלייך געגעבען דעם בעפעהל צו מארשירען און איז אריין אין שטאט מיט זיין חיל. דערמיט איז ריטשמאנד געווען איינגענומען.

זעקס טעג שפעטער (דעם 9טען אפריל) האט לי זיך אונטערגעגעבען מיט זיין ארמעע פון נארד ווירדזשיניא צו גרענט, ביי דער אפאמעטאקס געריכטס-הויז, פינף און זיבציג מייל וועסט פון ריטשמאנד, וואוהין ער האט זיך צוריקגעצויגען נאכדעם וויא ער האט אויפגעגעבען ריטשמאנד און פיטערסבורג. גרענט'ס בעדינגונגען זיינען געווען זעהר ליבעראלע. דיא קאנפעדעראטען חיל האבען בעדארפט אוועקלייגען זייער געוועהר, אומקעהרען זיך צו זייער היים, און פערפפליכטען זיך ניט צו געהן מלחמה האלטען געגען דיא פעראייניגטע שטאאטען; מען האט זיי ערלויבט מיטצונעהמען זייערע פערד, ווייל זיי וועלען זיי "בעדארפען אויף בעארבייטען דיא ערד אין פריהלינג".

Sheridan's raid in the Shenandoah Valley.

**352. Sheridan's Raid; Petersburg; Richmond taken; Lee surrenders.** (1865.) — In February, Wilmington, North Carolina, was taken, and the Confederacy was without a port. In February and March, Sheridan, at the head of his cavalry, made a raid down the Shenandoah Valley to Staunton, cutting the railroads upon which Lee largely depended for his supplies. Then, after joining Grant, Sheridan was sent to the southwest of Petersburg. Sharp battles were fought, the Federal troops were victorious.

Petersburg evacuated.

Lee, unable to hold Petersburg, sent on the 2d of April a telegram to President Davis announcing that it was necessary to evacuate both that city and Richmond at once. The message reached Davis on Sunday, when he was in his place of worship. The preparations for evacuation told the inhabitants of Richmond what was coming; there was indescribable confusion. The naval rams in the river were blown up, the tobacco warehouses set on fire, barrels of liquor were knocked in the head and their contents poured into the gutters as a precaution. Some soldiers, getting drunk from the liquor scooped up, began to pillage.

Richmond evacuated, April 3, 1865.

Early in the morning of the 3d, General Weitzel, learning that the Confederates were evacuating Richmond, advanced, and entered the city with his troops. Richmond was taken.

Lee surrenders at Appomattox, April 9, 1865.

Six days after (April 9), Lee surrendered the Army of Northern Virginia to Grant at Appomattox Court House, seventy-five miles west of Richmond, whither he had retreated after evacuating Richmond and Petersburg. Grant's terms were very liberal. The Confederate troops were to lay down their arms, return to their homes, and agree not to fight against the United States; they were allowed to keep their horses as they would "need them for the spring ploughing."

By the time Sherman approached Goldsboro, North Carolina, Johnston felt able to risk an attack, which was made with great vigor; he was, however, repelled, and Sherman reached Goldsboro, where he received reënforcements by way of Wilmington, which had fallen into Union hands in February. Both armies now halted, waiting for further developments in Virginia.

Goldsboro.

**351. Chief Justice Chase; Peace Negotiations. (1864, 1865.)** — In June, 1864, Salmon P. Chase, Secretary of the Treasury, resigned, and W. P. Fessenden was appointed to fill his place. In October of the same year Chief Justice Taney died, and President Lincoln nominated Ex-Secretary Chase as Chief Justice of the Supreme Court; and he was at once confirmed by the Senate.

**Salmon P. Chase, Chief Justice, 1864.**

During 1864 and the early part of 1865 there had been several informal attempts both North and South to bring about a cessation of hostilities. The most important of these was in February, 1865, when Alexander H. Stephens, the Vice-President of the Confederate states, with two companions met President Lincoln and Secretary Seward by previous arrangement on board a steamer in Hampton Roads and had a full, intelligent, and amicable discussion of the state of affairs. But as President Lincoln refused to negotiate except upon the basis of the disbandment of the Confederate forces, the restoration of the national authority, and the acknowledgment of the abolition of slavery, the conference came to nothing.

**Peace conference, Hampton Roads, 1864.**

During the conversation Stephens attempted to show that Lincoln would be justified in making terms with "rebels" by referring to the case of Charles I. of England. To this Lincoln replied: "I am not strong on history; I depend mainly on Secretary Seward for that. All I remember of Charles is that he lost his head."

ביז שערמאַן האָט אָנגעהויבען דערנעהנטערן זיך צו גאָלדסבאָראָ, נאָרד קעראָליינא, האָט דזשאָנסטאָן געפּיהלט דאָס ער קען שוין ריזיקירען מיט אַן אַטאַקע. דאָס האָט ער געטהאָן מיט גרויס אָנשטריינגונג. ער איז אָבער צוריקגע־שטויסען געוואָרען, און שערמאַן האָט דערגרייכט גאָלדסבאָראָ. דאָרט האָט ער בע־קומען פרישע חיל דורך׳ן וועג פון ווילמינגטאָן, וועלכע איז אין פעברואר אריינ־געפאַלען אין דיא הענד פון דיא פעדעראַליסטישע חיל.ביידע ארמעען האָבען זיך יעצט אָבגעשטעלט ווארטען אויף ווייטערע ענטוויקלונגען אין ווירדזשיניא.

351. הויפּט ריכטער טשייס; פריעדענס פערהאַנדלונגען. (1864—1865) — אין יוני, 1864, האָט סעמאָן פּ. טשייס, דער פינאַנץ סעקרעטער אויפגעגעבען זיין אַמט, און וו. פּ. פעסענדען איז ערנאַנט געוואָרען אויף זיין שטעלע. אין אָקטאָבער פון דעם זעלבען יאָהר איז געשטאָרבען הויפּט ריכטער טעני און פּרעזידענט לינקאָלן האָט ערנאַנט דעם געוועזענעם סעקרעטער טשייס אַלס הויפּט ריכטער פון דאָס העכסטע געריכט אין לאַנד, און ער איז גלייך בע־שטעטיגט געוואָרען פון דעם סענאַט.

בעת דעם יאָהר 1864 און דעם ערשטען טייל פון 1865 האָבען ביידע, נאָרד און זיד, געמאַכט איינינע ניט־אָפיציעלע פערזוכען צו ענדיגען דיא מלחמה. דער וויכטיגסטער פון דיזע איז געמאַכט געוואָרען אין פעברואר, 1865, ווען אַלעקסאַנדער ה. סטיפענס, דער וויס־פּרעזידענט פון דער קאָנפעדעראַטען רעגיערונג, האָט מיט צוויי בעגלייטער בעגעגענט פּרעזידענט לינקאָלן און סעקרעטער סיוארד אויף אַ דאַמפּפער אין העמטאָן ראָודס. דיזע אונטער־האַנדלונג איז געווען פון פריהער צוגעגרייט. דיא פערטרעטער פון ביידע צדדים האָבען געהאַט אַ לאַנגע, פריינדליכע און אויספיהרליכע בעראַטהונג איבער דער לאַגע. אָבער דיא אונטערהאַנדלונג האָט זיך געענדיגט מיט גאָר ניט, ווייל פּרעזידענט לינקאָלן האָט ניט געוואָלט הערען פון אַ פריעדענס־אָבמאַך, סיידען דיא קאָנפעדעראַטען ארמעען וועלען אויפגעלייזט ווערן, דיא דעה פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען וועט ווידער אַנערקענט ווערן, און דיא אָבשאַפונג פון שקלאַפעריי וועט צוגעשטימט ווערן.

בעת דיא בעשפּרעכונג האָט סטיפענס געוואָלט בעווייזען דאָס לינקאָלן דאַרף זיך ניט וויינערן צו מאַכען בעדינגונגען מיט "רעבעלען", און ער האָט פאַר איהם ציטירט דעם פאַל פון טשאַרלס דעם ערשטען, פון ענגלאַנד. אָבער אויף דעם האָט לינקאָלן געענטפערט: "איך בין ניט קיין גרויסער מומחה אין היסטאָריע; וועגען דעם פערלאָז איך זיך הויפּטזעכטליך אויף סעקרעטער סיוארד. אַלעס וואָס איך געדענק וועגען טשאַרלס איז דאָס ער האָט זיין קאָפּ פערלאָרען".

וועט צוציהען פיעלע קאָלאָניסטען, און דיזע ערוואַרטונג צוזאַמען מיט אויס־גערעכענטע פּאָליטישע מעלות האָט געמאַכט מען זאָל בעשליסען צו מאַכען נעוואַדאַ פאַר אַ שטאַאט.*)

350. **טשאַרלסטאָן איינגענומען; שערמאַן מאַרשירט אין אַ נאָרד־ליכער ריכטונג.** (1865) — דעם ערשטען פעברואַר, 1865, האָט שערמאַן פערלאָזען סאַוואַנאַ (זעה פּאַראַגראַף 344), אויף זיין נאָרדליכען מאַרשרוט אום אויסצומיידען דיא פיעלע טייכען און זומפען ביים ברעג פון אַטלאַנטישען אָקעאַן, האָט ער גענומען דעם וועג גלייך נאָך קאָלאָמביאַ, זיד קעראָליינאַ. דעם 17טען איז ער אריין אין שטאָט און אַ גרויסער טייל פון איהר איז פערברענט גע־וואָרען. עס איז קיינמאָל ניט דערגאַנגען געוואָרען אויב דער בראַנד איז געווען דיא אַרבייט פון דיא קאָנפעדעראַטען חיל, וועלכע זיינען אַרויס פון שטאָט אָדער פון דיא פעדעראַליסטישע חיל, וועלכע זיינען אַריין. איין צד האָט בעשולדיגט דעם אַנדערן אין זיין דיא אורזאַכע פון דעם חורבן.

אין דער זעלבער צייט וואָס קאָלאָמביאַ איז איינגענומען געוואָרען, האָבען דיא קאָנפעדעראַטען חיל פערלאָזען טשאַרלסטאָן און דיא פעדעראַליסטישע סאָל־דאַטען זיינען דאָרט געוואָרען דיא בעלי בתים. אַנדערע קאָנפעדעראַטען פעס־טונגען האָבען נאָכגעגעבען דעם ביישפּיעל, און דיא סאָלדאַטען וואָס זיינען אויף דעם אופן צוזאַמענגעקליבען געוואָרען האָט מען מיט דעם וואָס איז איבערגעבלי־בען פון הוד'ס אַרמעע (זעה פּאַראַגראַף 341), אויף דעם אַלגעמיינעם פערלאַנג אין זיד, אַוועקגעשטעלט אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל דזשאָזעף ע. דזשאָנסטאָן.

שערמאַן'ס נאָרדליכער מאַרש איז אין דער ווירקליכקייט געווען פיעל מעהר געפעהרליך וויא זיין מאַרש דורך דזשאָרדזשיאַ. דאָס לאַנד איז געווען פיעל שווערער דורכצוגעהן און פּראָוויאַנט האָט מען אַזוי לייכט ניט געקענט קריגען. מעהר פון אַלעס איז דאָ דיא געפאַהר געווען אין דעם וואָס געגענ־איבער האָט זיך געפונען אַ טייל פון דעם שונא. הגם דיזע גענערישע מאַכט איז ניט געווען שטאַרק גענוג צו ריזיקירען אַן אָפענע שלאַכט, איז זיא אָבער געווען שטאַרק גענוג צו מאַכען אַ שריט וואָס איז אין העכסטען גראַד געפעהר־ליך, און דער הויפט קאָמאַנדיר פון דיזער מאַכט האָט אימער אַרויסגעקוקט אויף דעם קלענסטען טעות וואָס שערמאַן קען מאַכען, אום איהם פיעלייכט דורך דעם צו קענען שלאָגען.

*) נעוואַדאַ האָט געהאַט דיא ערפאַהרונג פון אַן אַבפאַל אין איהר בעפעלקערונג — אַ זאַך וואָס האָט מיט קיין אַנדער שטאַאט ניט געטראָפען. דיא בעפעלקערונג אין 1870 איז געווען 42,491; אין 1880, 62,266; אין 1890, 45,761; אין 1900, 42,335. דיזער אַבפאַל איז דער רעזולטאַט פון דעם וואָס דיא מינען געשעפטען זיינען ערגער געוואָרען. פיעלע מינען האָבען זיך ניט געצאַהלט און איז אַלגעמיין איז עס שווער צו מאַכען אַז עס זאָל זיך לוינען גראַבען אין דיא מינען זעהר טיעף.

It was expected that the enormous output of the mines would attract many settlers, and this expectation, together with supposed political expediency, carried the day.[1]

Sherman's northern march.

**350. Charleston taken; Sherman marches Northward. (1865.)** — Sherman left Savannah (sect. 344) February 1, 1865, on his northern march. Owing to the numerous rivers and swamps along the coast, he struck directly for Columbia, South Carolina. On the 17th he entered the city, and a large part of it was burned. Whether the fires were started by the Confederate troops as they went out of the town, or by the Union troops as they came in, has never been shown; each side charged the other with the action.

Charleston evacuated.

Simultaneously with the taking of Columbia, Charleston was evacuated by the Confederates, and the Union troops took possession. Other Confederate garrisons followed the example, and the troops thus gathered together, with the remnant of Hood's army (sect. 341) were, in answer to public demand at the South, placed under the leadership of General Joseph E. Johnston.

Sherman's northward march was in reality much more hazardous than his march through Georgia. The country was more difficult to traverse, and supplies were less sure. Above all there was an opposing general, who, if not strong enough to risk an open battle, was quite strong enough to make advance in the highest degree dangerous, and who was ever on the alert to take advantage of the slightest error which his antagonist might commit.

[1] Nevada has had the experience, unique among the states of the Union, of suffering a loss in her population. The population in 1870 was 42,491; in 1880, 62,266; in 1890, 45,761; in 1900, 42,335. This loss is due to the decline in mining interests, resulting in part from the failure of many mines and from the unprofitableness and difficulty of working mines at great depths.

states as New York and Pennsylvania might be carried by the opposition.

The destruction of the *Alabama*, the successes of Sherman in northern Georgia; the capture of Atlanta only a day or two after the Democratic convention had pronounced the war a failure; the arrangements by which the votes of the volunteer soldiers in the armies could be counted; the withdrawal of Frémont; the conviction of many that it would be a bad policy to change leaders while the war questions were unsettled; and a growing recognition of the real greatness of Lincoln, — all these influences combined to give Lincoln and Johnson at the election in November a popular majority of more than four hundred thousand, not counting the army vote,[1] and 212 electoral votes to 21 for the Democratic candidates. Every state not in the Confederacy had given its vote to Lincoln except New Jersey, Delaware, and Kentucky.

Lincoln reëlected, 1864.

**349. Admission of West Virginia and Nevada. (1863, 1864.)** — In 1863, forty-eight of the western counties of Virginia, whose inhabitants objected to secession, were admitted into the Union as the state of West Virginia. There were few slaves in these counties, and the interests of the people were mining and manufacturing rather than agricultural.[2]

West Virginia admitted, 1863.

In October, 1864, the territory of Nevada, with the addition of a small part of Arizona, was admitted as a state.

Nevada admitted, 1864.

[1] The majority for Lincoln in the army vote was over 80,000, which brought up his majority to nearly 500,000.

[2] The Constitution (Art. IV., sect. 3) requires the consent of the Legislature of the state concerned if a new state is to be formed within its jurisdiction; and Congress practically decided that the state of Virginia consisted of the part under the control of that government which was in sympathy with the United States authority; so the people of what is now West Virginia did little more than ask their own consent.

פון ריטשמאנד. זעהר פיעלע פון דיא וואס וואלטען אונטערשטיצט דיא ווידערערוועהלונג פון דעם פרעזידענט זיינען געווען אין דיא ארמעע, און עס איז געווען מעגליך דאס אין אזעלכע שטאאטען וויא ניו יארק און פענסילוויינא זאל געווינען דיא דעמאקראטישע פארטיי.

דיא פערניכטונג פון דיא "אלאבאמא"; דיא ערפאלגען פון שערמאן אין נארדליכען טייל פון דזשארדזשיא; דער איינגעהמען פון אטלאנטא א טאג אדער צוויי נאכדעם וויא דיא דעמאקראטישע קאנווענציאן האט ערקלערט דיא מלחמה פאר א דורכפאל; דיא איינארדנונג דורך וועלכע דיא שטימען פון דיא פרייוויליגע סאלדאטען אין דיא ארמעע זאלען קענען געצעהלט ווערן; דיא צוריקציהונג פון פרעמאנט אלס קאנדידאט; דיא איבערציינונג פון פיעלע דאס עס וואלט געווען שלעכטע טאקטיק צו מאכען א בייט אויף פיהרער זאלאנג דיא קריעגספראגען זיינען ניט בעזייטיגט; און א שטייגענדע אנערקענונג פון דיא ווירקליכע גרויסקייט פון לינקאלן — אלע דיזע זאכען האבען געווירקט און געגעבען ביי דער וואהל אין נאוועמבער א מאיאריטעט פון איבער פיער הונדערט טויזענד שטימען פאר לינקאלן און דזשאנסאן, ניט רעכענענדיג דיא שטימען פון דיא סאלדאטען.*) דיא זיעגרייכע רעפאבליקאנער קאנדידאטען האבען בעקומען 212 עלעקטארס און דיא געשלאגענע דעמאקראטישע קאנדידאטען בלויז 21. יעדער שטאאט וואס איז ניט איבערגעגאנגען צו דיא קאנפעדעראטען, אויסער ניו דזשוירזי, דעלאווער און קענטאקי, האט געגעבען א מאיאריטעט שטימען פאר לינקאלן.

349. וועסט ווירדזשיניא און נעוואדא צוגעקומען אלס שטאאטען. (1864—1863) — אין 1863 זיינען אכט און פיערציג קאונטים (בעצירקען) פון ווירדזשיניא, וועמעס איינוואהנער זיינען געווען געגען ארויסטרעטען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, אריינגענומען געווארען אין דיא פעראייניגטע שטאאטען אלס דער שטאאט פון וועסט ווירדזשיניא. אין דיזע קאונטים זיינען געווען וועניג שקלאפען און דיא אינטערעסען פון דיא איינוואהנער זיינען געלעגען מעהר אין מינען און פאבריקאציע וויא אין אגריקולטור.**)

אין אקטאבער, 1864, איז דיא נעוואדא טעריטאריע, מיט דעם צוגאב פון א קליינעם טייל פון אריזאנא, אריינגענומען געווארען אלס א שטאאט. מען האט ערווארטעט אז דאס גאלד וואס מען האט דארט אויסגעגראבען פון דיא מינען

---

*) דיא מאיאריטעט פאר לינקאלן אין דער ארמעע איז געווען 80,000, און דאס האט געמאכט זיין אלגעמיינע מאיאריטעט נאהענט פון א האלבען מיליאן שטימען.

**) דיא קאנסטיטוציאן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען בעשטימט דאס מען מוז קריגען דיא הסכמה פון דעם לעגיסלאטור פון דעם שטאאט אין וועמעס גרענעצען מען וויל ארגאניזירען א נייעם שטאאט. אין דיזען פאל האט דער קאנגרעס אזוי גוט וויא בעשלאסען דאס דער שטאאט ווירדזשיניא בעשטעהט פון יענעם טייל וואס איז געשטאנען אונטער דיא קאנטראלע פון יענער רעגיערונג וועלכע האט סימפאטיזירט מיט דיא פעראייניגטע שטאאטען. דיא איינוואהנער פון דאס וואס יעצט איז וועסט ווירדזשיניא האבען דארום גארניט מעהר בעדארפט טהאן וויא בעטען דיא הסכמה פון זיך אליין.

ניו דזשוירזי, ארויסגעשטעלט געווארען פאר פרעזידענט און דזשארדזש ה. פענדעלטאן, פון אהייא, פאר וויס-פרעזידענט. דיא פלאטפארמע האט ערקלערט "דאס נאך פיער יאהר פון ניט-געלונגענהייט צוריק הערצושטעלען דיא איינינקייט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען דורך דעם פערזוך פון מלחמה . . . פאדערן גערעכטיגקייט, מענשליכקייט, פרייהייט, און דאס אלגעמיינע וואוילשטאנד, אז זאפארטיגע שריטע זאלען גענומען ווערן צו ענדיגען דיא מלחמה, און עס זאל שליסליך איינבערופען ווערן א קאנווענציאן פון אלע שטאאטען, אדער עס זאלען גענומען ווערן אנדערע פריעדליכע מיטעל, מיט דער אבזיכט דאס אזוי שנעל וויא מעגליך זאל פריעדען איינגעפיהרט ווערן אויף'ן גרונד פון דער פעדעראליסטישער פעראייניגונג פון אלע שטאאטען." פערשיעדענע האנדלונגען פון דער רעגיערונג זיינען ערקלערט געווארען אלס א "שענדליכע פערלעצונג פון דער קאנסטיטוציאן", און צווישען אנדערע זאכען איז בעשולדיגט געווארען "דאס דיא אדמיניסטראטיווע פערכאפונג פון אויסערגעוואוינליכע און געפעהרליכע מאכט וועלכע ווערט אין דער קאנסטיטוציאן ניט ערלויבט . . . איז געטהאן מיט דער אבזיכט צו פערוועהרען א ווידער-הערשטעלונג פון דיא איינינקייט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען און דיא אויפהאלטונג פון א רעגיערונג וואס באזירט איהר גערעכטע מאכט אויף דער צושטימונג פון דיא רעגיערטע". אין דעם בריעף אין וועלכען מעקלעלאן האט אנגענומען דיא ערנענונג אלס קאנדידאט פאר פרעזידענט האט ער כמעט אין גאנצען פערשטויסען דיא פלאטפארמע, וויא ער האט עס געמוזט טהאן, ווייל ער אליין איז געווען פעראנטווארטליך פאר פיעלע פון דיא מעשים וועגען וועלכע דיא פלאטפארמע האט זיך בעזאנדערס בעקלאגט.

348. פאליטישער צושטאנד אין נארד; לינקאלן ווידער ערוועהלט. (1864) — אין סעפטעמבער האבען זיך פרעמאנט און קאטשריין צוריקגעצויגען פון דעם פאליטישען קאמפף, אום א צוטיילונג פון דיא רעפאבליקאנער קרעפטען זאל ניט פיהרען צו דער ערוועהלונג פון דעם דעמאקראטישען קאנדידאט. פרעמאנט איז געווען פארזיכטיג צו מאכען דאס קלאהר אין זיין בריעף, אין וועלכען ער האט געזאגט: "איך האלט דאס זיין (מר. לינקאלן'ס) אדמיניסטראציאן איז פאליטיש, מיליטעריש און פינאנציעל געווען א דורכפאל און עס איז צו בעדויערן וואס דאס לאנד איז געצוואונגען דיזע אדמיניסטראציאן צו האלטען ווייטער אין מאכט".

וויא מען קען זעהן זיינען געווען פיעלע זאכען צו ענטמוטהיגען דיא יוניאן וואס איז געווען שטארק פאר פעדעראליסטישע איינינקייט. פיעלע האבען נעדיינקט דאס מען האט ניט גענוג געוואונען צו מאכען זיכער דעם איינגעהמען

Democratic platform.

sey, and George H. Pendleton of Ohio. The platform declared "that after four years of failure to restore the Union by the experiment of war . . . justice, humanity, liberty, and the public welfare demand that immediate efforts be made for a cessation of hostilities, with a view to an ultimate convention of the states, or other peaceable means, to the end that at the earliest practicable moment peace may be restored on the basis of the Federal union of the states." Various acts of the government were declared to be "a shameful violation of the Constitution," and it was charged, among other things, "that the administrative usurpation of extraordinary and dangerous powers not granted by the Constitution . . . [is] calculated to prevent a restoration of the Union and the perpetuation of a government deriving its just powers from the consent of the governed." McClellan in his letter of acceptance almost repudiated the platform, and could hardly do otherwise, as he himself had done many of the things of which it specially complained.

Radical candidates withdraw.

**348. Political State of the North; Lincoln Reëlected.** (1864.) — In September Frémont and Cochrane withdrew from the contest, lest a division among the Republicans might elect the Democratic candidate. Frémont was careful to make this clear in his letter by saying, "I consider his [Mr. Lincoln's] administration has been politically, militarily, and financially a failure, and that its necessary continuance is a cause of regret for the country."

There was apparently much to discourage the Union party. Many thought that there had not been enough gained to make the capture of Richmond likely. Very many of those who would support the reëlection of the President were in the armies, and it was possible that such

the first ballot. Andrew Johnson, the one senator from the seceded states who refused to act with his state, and who had afterward been appointed by President Lincoln military governor of his own state, Tennessee, was nominated for Vice-President.

Union platform, 1864.

The platform adopted expressed confidence in the administration, approved the Emancipation Proclamation, the employment of colored troops, and "the determination of the government of the United States not to compromise with rebels, or to offer them any terms of peace, except such as may be based upon an unconditional surrender of their hostility and a return to their just allegiance to the Constitution and laws of the United States." A constitutional amendment abolishing slavery, "and the speedy construction of the railroad to the Pacific coast," were among the measures favored. In short, the acts of the administration were thoroughly indorsed.

Radical convention.

347. **Radical and Democratic Conventions.** (1864.) — A week previous to the meeting of the Republican convention, about three hundred and fifty persons, representing those who believed that the President was too conservative, met at Cleveland, Ohio, and nominated General John C. Frémont of California, and John Cochrane of New York. Their platform in essential points differed little from that adopted at Baltimore, except in declaring "that the confiscation of the lands of the rebels, and their distribution among the soldiers and actual settlers, is a measure of justice." The feeling of others was expressed by Wendell Phillips, who wrote, "The administration, therefore, I regard as a civil and military failure, and its avowed policy ruinous to the North in every point of view."

Democratic convention.

The Democratic convention met in Chicago, August 29, and nominated General George B. McClellan of New Jer-

אבשטימונג ווידער אויסגעקליבען געוואָרען צו לויפען פאַר פרעזידענט. פאַר וויים־פרעזידענט האָט מען ארויסגעשטעלט ענדריו דזשאָנסאָן, וועלכער איז געוועזען דער אייגציגער סענאַטאָר פון דיא ארויסגעטראָטענע שטאַאטען וואָס האָט זיך ענטזאָגט צו האַנדלען וויא זיין שטאַאט האָט פערלאַנגט, און וועלכער איז שפּעטער ערנאַנט געוואָרען פון פרעזידענט לינקאָלן אַלס מיליטערישער גאָווערנאָר פון זיין אייגענעם שטאַאט — טענעסי.

דיא אָנגענומענע פּראָגראַמע האָט אויסגעדריקט צוטרויען אין דער רעגיערונג, האָט גוט געהייסען דיא בעפרייאונגס פּראָקלאַמאַציע, דיא בענוצונג פון נעגער סאָלדאַטען, און "דעם ענטשלוס פון דער רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען ניט איינצוגעהן אויף אַ פשרה מיט רעבעלען, אָדער אָנצובאָטען זיי אירגענד וועלכע בעדינגונגען פון פריעדען, אויסער אַזעלכע וואָס זייַען בעגרינדעט אויף זייער פאָלשטענדיגע אויפגעבונג פון דעם קאַמפף און אויף זייער געזעצליכע אונטערוואַרפונג צו דער קאָנסטיטוציאָן און דיא געזעצע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען". צווישען דיא זאַכען וואָס זיינען רעקאָמענדירט געוואָרען זיינען געוועזען אַן ענדערונג פון דער קאָנסטיטוציאָן צו גונסטען דיא אָבשאַפונג פון שקלאַפעריי "און דיא שנעלע אויפבויאונג פון דעם אייזענבאַהן ביז'ן ברעג פון פּאַסיפישען אָקעאַן." אין קורצען, דיא האַנדלונגען פון דער רעגיערונג זיינען דורכאויס בעשטעטיגט געוואָרען.

347. ראַדיקאַל און דעמאָקראַטישע קאָנווענציאָנען. (1864) — אַ וואָך פאַר דער עפענונג פון דער רעפּאָבליקאַנער קאָנווענציאָן זיינען זיך אין קליוולענד, אָהייאָ, צוזאַמענגעקומען אַ דריי הונדערט און פופציג פערזאָן וואָס האָבען געגלויבט דאָס דער פרעזידענט איז צו קאָנסערוואַטיוו און האָבען ארויסגעשטעלט גענעראַל דזשאָן סי. פרעמאָנט, פון קאַליפאָרניאַ, פאַר פרעזידענט און דזשאָן קאָטשריין, פון ניו יאָרק, פאַר וויים־פרעזידענט. זייער פּלאַטפאָרמע האָט אין דיא הויפּט פונקטען זיך וועניג אונטערשיידעט פון דער וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין באַלטימאָר, מיט דער אויסנאַהמע פון דער שטעלע וואָס האָט ערקלערט "פאַר אַ גערעכטע זאַך צו קאָנפיסקירען דאָס לאַנד פון דיא רעבעלען און עס פערטיילען צווישען דיא סאָלדאַטען און ווירקליכע קאָלאָניסטען". ווענדעל פיליפּס האָט אויסגעדריקט דיא געפיהלען פון אַנדערע ווען ער האָט געשריבען: "דיא פערוואַלטונג פון דער רעגיערונג האַלט איך פאַר אַ ציווילנעם און מיליטערישען דורכפאַל, און איהר אָנגענומענע טאַקטיק איז פון יעדען שטאַנדפּונקט רואינירענד פאַר דיא נאָרד."

דיא דעמאָקראַטישע קאָנווענציאָן איז אָבגעהאַלטען געוואָרען דעם 29טען אַגוסט אין שיקאַגאָ און דאָרט איז גענעראַל דזשאָרדזש ב. מעקלעלאַן, פון

האבען דיא קאנפעדעראטען געהאט זעהר גרויסע פערלוסטען אויף'ן וואסער. דעם 19טען יוני האט דיא קריעגס־שיף "קירסערדזש" פון דיא פעראייניגטע שטאאטען געזונקען דיא "אלאבאמא" ביי שערבורג, פראנקרייך; אין אגוסט איז דיא "דזשארדזשיא" געפאנגען געווארען ביי ליסאבאן, פארטוגאל; אין אקטאבער איז דיא שטוים־באראן שיף "אלבערמארל" פערניכטעט געווארען פון א טארפעדא אין טייך ראאנאק, און דיא "פלארידא" איז געפאנגען געווארען אין דעם האפען פון באהיא, בראזיליען.*)

346. **דיא פריעדענס פארטיי; לינקאלן ווידער ארויסגעשטועלט. (1864)** — ניט אכטענדיג אויף דיא ערפאלגען וואס דיא פעראייניגטע שטאא־טען האבען געהאט אין 1863 און אויף דעם וואס דיא אנדערע נאציאנען האבען זיך צוריקגעהאלטען פון אריינמישען זיך אין דעם שטרייט, זיינען פון דעסטוועגען אין נארד געווען א היבשע ביסעל מענשען וואס האבען געהאלטען אין איין שרייען דאס מען זאל שליסען פריעדען. דיא מלחמה האט זיך שוין געצויגען כמעט פיער יאהר און עס איז ביים ענדע פון דיזער צייט קיין סימן ניט געווען פון א סוף; דיא שטייערן זיינען געווען גרויסע; דיא אויסגאבען פון אויפהאלטען דיא ארמעען און דיא פלאטען זיינען געווען גוואלדיגע; טוי־זענדע פאמיליען האבען פערלארען איינעם אדער מעהר מיטגליעדער דורך טויט אויף'ן שלאכט־פעלד, אין האספיטאל, אדער אין דיא קאנפעדעראטען גע־פענגניסע.

דאס אליין וואס אין דעם פערגאנגענעם יאהר האט מען ארויסגערופען א מיליאן נייע רעקרוטען האט געמאכט פיעלע גלויבען אז דיא פעדעראליסטישע ארמעען זיינען ניט געווען אזוי ערפאלגרייך וויא מען האט געמעלדעט און דאס אויף ענדליכען זיעג איז ניטא וואס צו האפען. פון אלע זייטען האבען זיך געהערט געשרייען געגען מיליטערישען דעספאטיזמוס און דיא רעגיערונג איז בעשולדיגט געווארען אין האנדלען טיראניש און ניט־קאנסטיטוציאנעל.

אבער טראטץ דיזע פראטעסטען איז דער רעפאבליקאנער פארטיי געלונ־גען צו זאמלען ארום זיך פיעלע וואס האבען ביזהער אונטערשטיצט דיא דע־מאקראטען.**) דעם 7טען יוני, 1864, איז אין באלטימאר אפגעהאלטען גע־ווארען א קאנווענציאן, און פרעזידענט לינקאלן איז ביי דער ערשטער אור־

*) דער פאנגען פון דיא "פלארידא" איז, לויט אינטערנאציאנאלעם געזעץ, געווען אונגעזעצליך; און דיא רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען האט בעפאהלען אז דיא שיף זאל אומגעקעהרט ווערן נאך באהיא. אבער איידער זיא האט נאך איהר רייזע אנגעפאנגען איז זיא געזונקען אין טשעסאפיק בעי.

**) פאר א צייט איז געברויכט געווארען דער נאמען "נאציאנאלע יוניאן פארטיי".

water. Farragut had the aid of the land forces, to whom the forts soon surrendered. This was August 5, 1864. During this year the Confederates met with severe losses; on the 19th of June the *Alabama* had been sunk by the United States steam war vessel *Kearsarge* off Cherbourg, France; in August the *Georgia* was captured off Lisbon, Portugal; in October the ram *Albemarle* was destroyed in the Roanoke River by means of a torpedo, and the *Florida* was captured in the harbor of Bahia, Brazil.[1]

*Kearsarge* and *Alabama*.

Peace party in the North 1864.

346. **Peace Party; Lincoln Renominated.** (1864.) — Notwithstanding the successes of the Union forces in 1863 and the continued non-intervention of foreign nations, there was a party of considerable size in the North which was clamoring for peace. The war had been prolonged for nearly four years, without any certain signs of an end; taxes were high; the expenses of keeping up the military and naval establishments were enormous; thousands of families had lost one or more members by death on the field, or in the hospital, or in southern prisons.

The fact that over a million new men had been called for during the past year led many to believe that the Union armies had not been so successful as was reported, and that ultimate triumph was hopeless. Cries of military despotism were raised, and unconstitutional and arbitrary measures were charged upon the administration.

Lincoln renominated.

Notwithstanding these protests the Republican party had gathered to itself many who had hitherto acted with the Democrats.[2] A convention was held at Baltimore, June 7, 1864, and President Lincoln was renominated on

[1] The capture of the *Florida* was illegal, according to international law; and the United States government ordered that the vessel should be returned to Bahia, but before she had actually started she was sunk in Chesapeake Bay.

[2] For a time the title "National Union Party" was adopted.

North Carolina, a great resort for blockade-runners. General Banks was sent with a land force, supported by gunboats, up the Red River of Louisiana to attack Shreveport and disperse a Confederate army in that part of the state. This expedition was also a failure, Banks being defeated at Sabine and Pleasant Hill.

**Red River of Louisiana.**

**Farragut at Mobile.**

The blockade had been frequently evaded at Mobile, Alabama. While the United States cruisers had been fairly successful in blockading the entrance to the bay, not a few vessels from time to time had slipped in. It was determined to storm the forts which defended the entrance. This enterprise was intrusted to Admiral Farragut, who, with fourteen wooden vessels and four monitors, forced his way past the forts and the obstructions in the channel into the bay where the iron-clad ram *Tennessee* was disabled and captured. She was the most formidable vessel possessed by the Confederates, and was commanded by Admiral Buchanan, who had been commander of the *Merrimac* in her fight with the *Monitor* (sect. 315). In order to get a clearer view of the operations, Admiral Farragut stationed himself in the vessel's shrouds, to which one of the officers insisted on fastening him lest a sudden shock should throw him off, or, being wounded, he should fall into the



ADMIRAL FARRAGUT.

DAVID GLASGOW FARRAGUT was born in Tennessee, July 5, 1801. He entered the navy as a midshipman when scarcely ten years old, and was on service during the War of 1812. Though a southern man he threw in his lot with the Union and became the greatest naval officer in United States history. He was created vice-admiral 1864, and admiral 1866. He died in New Hampshire, August 14, 1870.

האָבען זיך בעשעפטיגט מיט דורכברעכען דיא בלאָקאַדע. גענעראַל ביינקס איז מיט אַן אָבטיילונג סאָלדאַטען, אונטערשטיצט פון קאַנאָנען שיפלאַך, געשיקט געוואָרען איבער'ן רעד ריווער (רויטען טייך) פון לואיזיענע צו אטאַקירען שריוופאָרט און פערטרייבען אַ קאָנפעדעראַטען אַרמעע אין יענעם טייל פון שטאַאַט. דיזע עקספּעדיציע איז אויך געווען אַ דורכפאַל. ביינקס איז געשלאָגען געוואָרען ביי סייבין און פּלעזענט היל.

איינע פון דיא ערטער וואו עס איז אָפט געלונגען שיפען דורכצו'גנב'ענען זיך דיא בלאָקאַדע איז געווען מאָביל, אַלאַבאַמאַ. וועהרענד דיא קרייצערס פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען האָבען געהאַט גענוגענדען ערפאָלג אין בלאָקירען דעם אַריינגאַנג צום האַפען, איז פון דעסטוועגען געלונגען אַ היבשע עטליכע שיפען אַריינצוכאַפּען זיך אַהין. עס איז דאַרום בעשלאָסען געוואָרען צו שטורמען דיא פעסטונגען וועלכע האָבען בעשיצט דעם אַריינגאַנג. דיזע אונטערנעהמונג איז אָנפערטרויט געוואָרען אַדמיראַל פאַראַגוט, וועלכער האָט זיך מיט פיערצעהן הילצערנע און פיער פאַנצירטע שיפען דורכגעבראָכען אַ וועג פערביי דיא פעסטונגען און איבער אַלע פערשפּאַרונגען אין דעם קאַנאַל, און איז אַריין אין האַפען. דאָרט האָט ער געשעדיגט אָן געפאַנגען דעם מיט-אייזען-בעדעקטען שטוים-באַראַן "טענעסי", וועלכער איז געווען דיא גרעסטע און שטאַרקסטע שיף וואָס דיא קאָנפעדעראַטען האָבען פערמאָגט. דער קאָמאַנדיר פון דיא "טענעסי" איז געווען אַדמיראַל ביוקענען, דער זעלבער וואָס האָט קאָמאַנדירט דיא "מערימעק" בעת איהר קאַמפף מיט דער "מאָניטאָר" (זעה פּאַראַגראַף 314). אום צו קענען בעסער זעהן וויא דיא שלאַכט ווערט גע-פיהרט, האָט אַדמיראַל פאַראַגוט גענומען אַ פּלאַטץ אויף דיא אויבערשטע שטריק-לייטער, צו וועלכע איינער פון דיא אָפיצירען האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז ער זאָל איהם צובינדען, אויס מורא דאָס עפּעס אַן אונערוואַרטעטער טרייסעל זאָל איהם ניט אַרונטערשליידערן, אָדער, אויב ער ווערט פערוואונדעט, זאָל ער ניט אַריינפאַלען אין וואַסער. פאַראַגוט איז געהאָלפען געוואָרען פון דיא חיל אויף דער יבשה, צו וועמען דיא פעסטונגען האָבען זיך קורץ נאָכדעם אונ-טערגעגעבען.*) דאָס איז געווען דעם 5טען אגוסט, 1864. דיעזען יאָהר

*) דייוויד גלעזגאָו פאַראַגוט, וועמעס בילד געפינט זיך אויף דער ענגלישער זייטע 375, איז געבאָרען געוואָרען אין טענעסי דעם 5טען יולי, 1801. ער איז אַריינגעטראָטען אין דער מאַרין אַלס שיפס-יונקער ווען ער איז קוים צעהן יאָהר אַלט געווען און האָט שוין זיך בעטייליגט אין דער מלחמה פון 1812. אָבוואָהל ער איז געווען פון דעם זיד טייל פון אַמעריקאַ איז ער געבליבען געטריי דיא פעדעראַליסטישע רעגיערונג און איז געוואָרען דער גרעסטער מאַרין קאָמאַנדיר אין דער געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. אין 1864 האָט מען איהם געמאַכט פאַר אַ וויצע-אַדמיראַל און אין 1866 פאַר אַן אַדמיראַל. ער איז געשטאָרבען אין ניו העמשיר דעם 14טען אַגוסט, 1870.

געבען פאפיער־געלד אויף פערשיעדענע סומען. פון דעם גרינעם קאליר אויף דיא רוקענס פון דיזע פאפיער־געלד זיינען זיי שפעטער געווען בעוואוסט אלס "גרינ־בעקס".*) דיזע אסיגנאציעס זיינען ערקלעהרט געווארען פאר געזעצליכעס־געלד פאר אלעס אחוץ פאר אבצאל אויף אימפארטירטע סחורות און פאר צאהלען צינ־זען אויף דיא רעגיערונגס־שולדען.**) מען האט גערעכענט דאס אויב מען וועט בעשליסען אז דיא רעגיערונג זאל איהרע צינזען בעצאהלען אין גאלד, וועט מען שנעלער קענען מאכען הלואות, סיי אין דער היים און סיי אין אויסלאנד; אום אבער צו קריגען דאס נויטיגע געלד אויף דעם האט מען בעשלאסען אז דאס אבצאל אויף אימפארטירטע סחורות זאל געצאהלט ווערן נור מיט גאלד.

333. "פרעמיע אויף גאלד". (1862—1879) — אם אנפאנג פון 1862 האט גאלד אנגעפאנגען פאדערן, וויא מען האט זיך דאן אויסגעדריקט, א פרע־מיע אין גרינבעקס.***) אזוי וויא דער ענדליכער אויסטויש פון דיא גרינבעקס אויף גאלד איז געווען אבהענגיג אן דעם ערפאלג פון דער מלחמה, איז דיא "פרעמיע אויף גאלד" געווען בעטראכט פאר א מין טהערמאמעטער, אדער פערצייכענונג, נאך וועלכען מען האט געקענט אורטהיילען דעם וואהרשיינליכען רעזולטאט פון דער מלחמה. נאר פון אנפאנג אין 1862 האט דיא פרעמיע בע־טראפען צוויי פראצענט; אין דעצעמבער איז עס געווארען דריי און דרייסיג פראצענט; אין דעצעמבער, 1863, טראץ דיא ערפאלגען ביי געטיסבורג און וויקסבורג, איז עס געווען איין און פופציג פראצענט; אין יוני, 1864, איז דיא פרעמיע געווען הונדערט פראצענט. דאס האט דעם פאפיערענעם דאלער געמאכט ווערטה ניט מעהר וויא פופציג סענט אין גאלד. אין יולי, 1864, האט דיא פרעמיע דערגרייכט דעם העכסטען פונקט, הונדערט פינף און אכציג פרא־צענט, און דער פאפיערענער דאלער איז ווערטה געווען ניט מעהר וויא פינף און דרייסיג סענט אין גאלד. פון דיזער צייט אן איז דיא פרעמיע געווארען אלץ קלענער, ביז דיא פעראייניגטע שטאאטען האט אנגעהויבען אויסצאהלען גאלד אין 1879, א דאלער אין גאלד פאר א דאלער אין פאפיער (זעה פאראגראף 392).

אזוי וויא עס וואלט ניט געטויגט ארויסצולאזען צופיעל פאפיער געלד, האט דיא רעגיערונג דורכגעפיהרט גרויסע הלואות אויף אזעלכע גוטע בעדינגונגען

---

*) דער ווארט "גרינבעקס" בעדייטעט אין ענגליש "גרינע רוקענס".

**) געזעצליכעס-געלד איז געלד מיט וועלכע דאס געזעץ ערלויבט א שולדנער צו בע-צאהלען זיין חוב און וועלכע דער קרעדיטאר איז געצוואונגען אנצונעהמען.

***) אין דער אמת'ן איז עס געווען דאס פאפיער געלד וואס איז געווארען קלענער אין ווערטה און וואס וואלט בעדארפט פערצייכענט ווערן מיט א דיסקאונט. אבער מען האט עס געהאלטען פאר ניט נור מעהר פאטריאטיש, נור אויך פאר א בעסערע טאקטיק, צו הויבען גאלד איידער ארונטערצושטופען דעם ווערטה פון דאס פאפיערענע געלד.

Legal tender. were made a legal tender[1] for everything except payment of duties on imports, and of interest on the public debt. It was thought that if the interest on the debt was made payable in coin, the loans would be more readily subscribed to, both at home and abroad, and in order to get the gold coin to do this, duties on imports were required to be paid in gold.

"Premium on gold." **333. "Premium on Gold."** (1862–1879.)—Early in 1862 gold began, as it was said, to demand a premium in "greenbacks."[2] As the payment of the greenbacks in coin depended upon the success of the government in the war, the "premium on gold" was regarded as a sort of thermometer, or bulletin, by which to estimate the probable result of the conflict. In the early part of 1862 the premium was two per cent; in December it was thirty-three per cent; in December, 1863, notwithstanding the successes of Gettysburg and Vicksburg, it was fifty-one per cent; in June, 1864, the premium was one hundred per cent, making the paper dollar worth but fifty cents in gold. In July, 1864, the premium reached the highest point, one hundred and eighty-five, making the paper dollar worth only about thirty-five cents in gold. From this time the premium gradually declined, until the United States resumed specie payment in 1879, when the bills were exchangeable for gold at their face value (sect. 392).

Loans. As it would not do to issue too many bills, large loans were negotiated on as good terms as possible. The large

[1] Legal tender is money or currency which the law authorizes a debtor to offer in payment of a debt, and requires the creditor to receive.

[2] In reality it was the paper money which declined and which should have been quoted at a discount, because gold was the standard with which the bills were compared, but it was thought not only more patriotic, but also a matter of policy, to quote gold at a premium rather than bills at a discount.

devised. The two principal means open to a nation for raising funds are (1) Taxation; (2) Borrowing. The latter involves taxation, but it is not so evident. At the special session of Congress held in July, 1861, the duties on many articles of import were increased, and later internal taxation was resorted to.

**How to raise revenue.**

Congress made use also of borrowing to a large extent. This can be done in two ways: first, by issuing bonds, agreeing to pay interest on the sum named in the bond at a certain rate per annum; secondly, by issuing bills, similar to bank-bills, promising to pay on demand the sum named in the bill. Congress tried both of these plans.

As the expenses of the war increased more and more, the loans and bills authorized did not suffice. The banks of the country suspended specie payments December 30, 1861; they had done this several times before, notably in 1837 (sect. 243). The government was forced to follow their example, and soon neither gold nor silver was to be seen in circulation.

**Suspension of specie payments December, 1861.**

332. **Small Notes and "Greenbacks."** (1862.)—People were driven to all sorts of expedients to "make change," and, as in 1837, business firms issued "tokens," and notes for small amounts redeemable in sums of one dollar or over; but the most popular way was to enclose postage stamps in small envelopes, with the amount enclosed written or printed on the outside. The government, however, soon issued bills of the denominations of fifty cents, twenty-five cents, etc., which met the demand for change.

**Small notes.**

It was plain that something more must be done. So, early in 1862, Congress authorized the issue of bills of various denominations, which came to be known, from the color of the backs of the bills, as "greenbacks." These bills

**"Greenbacks."**

טען. (1861) — דיא געוואוינליכע איינקינפטע פון דאָס לאַנד זיינען ניט גע־ וועז גענוגענד אויף אויסהאַלטען דיא אַרמעען וועלכע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען און דיא קריעגס־שיפען וועלכע זיינען אויסגעבויט געוואָרען, און עס איז געוואָרען נויטווענדיג צו געפינען אַ נייעם וועג וויא צו קריגען געלד. דיא צוויי הויפּט וועגען וועלכע זיינען אָפען פאַר אַ נאַציאָן צו קריגען געלד זיינען: 1) שטייערן; (2) הלואות. דאָס לעצטע נעהמט שוין אריין שטייערן, אָבער עס זעהט זיך אַזוי ניט אָן. אויף דער ספּעציעלער קאָנגרעס זיצונג פון יולי, 1861, איז דיא צאָל אויף פיעלע אימפּאָרטירטע זאַכען פערגרעסערט געוואָרען, און שפּעטער האָט מען זיך בענוצט מיט דער מאַכט פון אַרויפלייגען אינלענדישע שטייערן.

דער קאָנגרעס האָט זיך אויך היבש בענוצט מיט דער מאַכט צו באָרגען געלד. דאָס קען געוואוינליך געטהאָן ווערן אויף צוויי וועגען: ערשטענס, דורך אַרויסלאָזען ווערטה־פּאַפּירען, פערפּפליכטענדיג דער רעגיערונג צו צאָהלען אַ געוויסען עהרליכען פּראָצענט אויף דער סומע וואָס איז אָנגעוויזען אויף'ן ווערטה־פּאַפּיער; צווייטענס, דורך אַרויסלאָזען אַסיגנאַציעס, עהנליך צו באַנק־ נאָטען, פערשפּרעכענדיג צו צאָהלען אויף פערלאַנג דיא סומע וואָס איז אָנגעווי־ זען געוואָרען אויף דער אַסיגנאַציע. דער קאָנגרעס האָט פּרובירט ביידע דיזע וועגען.

אַזוי וויא דיא קריעגס־אויסגאַבען זיינען געוואָרען אַלץ גרעסער און גרע־ סער, זיינען דיא הלואות און אַסיגנאַציעס ניט געווען גענוגענד. דיא באַנקען האָבען שוין דעם 30טען דעצעמבער, 1861, אויפגעהערט צאָהלען באַרעס געלד; זיי האָבען שוין דאָס עטליכע מאָל פריהער געטהאָן, הויפּטזעכליך אין 1837 (זעה פּאַראַגראַף 243). דיא רעגיערונג איז געווען געצוואונגען נאָכצוטהאָן זייער ביישפּיעל, און באַלד האָט מען ערגיץ ניט געקענט זעהן ניט קיין גאָלד און ניט קיין זילבער מטבעות.

332. קליינע וועקסלען און "גרינבעקס". (1862) — איבער דיזען צו־ שטאַנד זיינען מענשען געטריבען געוואָרען צו זוכען אַלערליי מיטלען אויף אויס־ צובייטען געלד, און, וויא אין 1837, האָבען געשעפטס־פירמעס אַרויסגעלאָזען אַ מין "געלד־מאַרקע", וויא אויך וועקסלען וואָס זיינען געווען אויסלייזליך אין סומען פון איין דאָלער אָדער מעהר. אָבער דיא מעהרסטע מענשען האָבען זיך בענוצט מיט אַן אַנדער מיטעל. זיי פלעגען אַריינלייגען פּאָסט־מאַרקעס אין קליי־ נע קאָנווערטען, אויף וועלכע עס איז געווען אויפגעשריבען אָדער אָפּגעדרוקט דיא סומע. דיא רעגיערונג האָט אָבער באַלד אַרויסגעלאָזען פּאַפּיער־געלד אויף דיא סומען פון פופציג סענט, פינף און צוואַנציג סענט, און אַזוי ווייטער, און דאָס האָט פערלייכטערט דיא לאַגע אין דער געשעפטס־וועלט.

עס איז געוואָרען קלאָהר דאָס עפּעס מעהר וויא דאָס דאַרף געטהאָן ווערן. דאַרום האָט דער קאָנגרעס ביים אָנפאַנג פון 1862 בעשטעטיגט אַ פּלאַן אַרויסצו־

פאָרגעקומען אַ גאַנצער אויפשטאַנד. פאַר איינינע טעג האָט אַ צורייצטע מאַסע געהאַט אַלעם אונטער איהר קאָנטראָלע, און בעת דער גערודער האָט אָנגעהאַלטען זיינען אַ פופציג געביידעס פערברענט געוואָרען, אייגענטהום אין דעם ווערטה פון איבער צוויי מיליאָן דאָלער איז פערניכטעט געוואָרען, און אַן אַנצאָהל מענשען האָבען זייער לעבען פערלאָרען. דער פעבעל האָט געהאַט אַ ספּעציעלען האַס פאַר נעגערס און האָט עטליכע פון זיי ערמאָרדעט אויף'ן ברוטאַלסטען אופן. צווישען דיא פערברענטע געביידעס איז געווען דער נעגער'שער בית יתומים. גליקליכערווייזע האָבען דיא קינדער צייט געהאַט אַרויסצולויפען דורך אַ הינטער־טהיר איידער דיא צווישעטע מאַסע האָט געקענט אַריינקומען פון פאָרענט. דער אויפרוהר איז ענדליך אונטערדריקט געוואָרען פון דער פּאָליציי, וועלכע זיינען געהאָלפען געוואָרען פון סאָלדאַטען וואָס זיינען ספּעציעל אַרונטערגעבראַכט געוואָרען פון דעם געטיסבורג'ער שלאַכט־פעלד. עס איז דאַמאָלס אויסגערעכענט געוואָרען דאָס איבער צוועלף הונדערט פון דיא וואָס האָבען זיך בעטהייליגט אין דעם אויפרוהר זיינען דער'הרגעט געוואָרען.

דיא געצוואונגענע איינשרייבונג פון סאָלדאַטען האָט ניט געהאַט קיין גרויסען ערפאָלג אין דיא נאָרד, אָבער עס האָט אַזוי געווירקט דאָס דיא פרייוויליגע איינשרייבונג איז גרעסער געוואָרען, און דער ציעל איז אַלץ איינס דערגרייכט געוואָרען. אין זיד איז דיא געצוואונגענע אַרמעען־דיענסט שוין אויסגענוצט געוואָרען פון דער רעגיערונג אין אַפּריל, 1862. אַלע מענער צווישען דיא יאָהרען פון אַכצעהן און פינף און פערציג, אויסער דיא יעניגע וואָס האָבען גייסטיג אָדער פיזיש ניט געטויגט פאַר מיליטער־דיענסט, האָבען נאָך'ן געזעץ געקענט גענומען ווערן אַלס סאָלדאַטען. לויט אַ צווייטען געזעץ וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין פעברואַר, 1864, זיינען אין דיענסט גענומען געוואָרען אַלע ווייסע מענער צווישען זיבעצעהן און פופציג יאָהר אַלט.

אין דיא נאָרד זיינען געווען אַ סך מענער וואָס זיינען אויס פערשיעדענע גרינדע געווען בעפרייט פון מיליטער־דיענסט. אין זיד איז דיא צאָהל פון אַזעלכע יחסנים געווען קלענער און דאָס געזעץ איז שטריינג דורכגעפיהרט געוואָרען. דיא וואָס האָבען בעדאַרפט געהן דיענען האָבען ניט געקענט שיקען אַנדערע אויף זייער אָרט וויא מען האָט געטהאָן אין נאָרד; יעדער געזונדער מאַן איז געווען גערעכענט פאַר אַ רעקרוט. אין נאָרד האָבען גאַנץ ווייניג פון דיא וואָס האָבען געהאַט געוויסענהאַפטע אויסזעצונגען געגען מלחמה פיעל געליטען. אין זיד האָבען פיעלע געהאַט אויסצושטעהן גרויסע יסורים פאַר זייערע עהרליכע איבערצייגונגען.*)

331. פלענער צו העכערען דיא הכנסה אין דיא פעראייניגטע שטאַא־

*) אין דיא נאָרד האָט מען פון דיא יעניגע וואָס זיינען געווען פערשריבען אַלס מיליטער־פפליכטיג אויסגעקליבען דורך גורל ווער עס זאָל געהן דיענען. דיא נעמען, אויפגעשריבען אויף שטיקלאַך פּאַפּיער, זיינען אַרויסגעצויגען געוואָרען פון אַ ראַד; דאַרום האָט מען עס גערופען — "דרעפט". אין זיד האָט מען עס גערופען "קאָנסקריפּשען".

Riots in New York.

special hatred of colored people, and several were brutally murdered. Among the buildings burned was the Colored Orphans' Asylum; fortunately, there was time for the children to escape by a back door before the rioters gained access in front. The riot was finally put down by the police, aided by some troops who were hurried from the field of Gettysburg for the purpose. It was estimated that over twelve hundred of the rioters were killed.

The draft, North and South.

The draft was not directly very successful at the North, but it tended to increase the volunteering, and so far answered the purpose. In the South, conscription had been first resorted to in April, 1862. All men between the ages of eighteen and forty-five years, except those who were mentally or physically unfit for service, were subject to military service. By the second law, passed February, 1864, all white men between seventeen and fifty were enrolled.

Exemptions.

For various reasons there were in the North many exemptions. In the South, the exemptions were much fewer, and the law was rigorously enforced. There were no substitutes as in the North; for every able-bodied man was himself already a conscript. In the North few of those who had conscientious scruples against fighting suffered much. In the South many endured great suffering for conscience' sake.[1]

Revenue.

**331. Plans to raise Revenue in the United States. (1861.)** — The ordinary revenues of the country were insufficient to support the armies and the navy which had been called into existence, and some new way to raise money had to be

[1] From those who in the North were enrolled as liable for military service, men were chosen by lot. The names, written on slips of paper, were *drawn* out of a wheel; hence the term "draft." In the South the word "conscription" was used.

warned the British government of the nature of the vessels and their destination; but for some reason the British did not stop them. They were allowed to put to sea, and the result was that many vessels were captured, and American shipping was almost driven from the ocean, owners of vessels putting their ships under foreign flags in order to prevent the Confederate privateers from capturing them.[1]

**Confederate vessels built in England.**

The most noted of the cruisers were the *Alabama*, the *Georgia*, the *Shenandoah*, and the *Florida*. Most of these vessels answered Secretary Seward's description of the *Alabama:* "She was purposely built for war against the United States by British subjects in a British port. . . . When she was ready she was sent . . . and her armament and equipment were sent . . . to a common port outside of the British waters, . . . and she was sent forth on her work of destruction with a crew chiefly of British subjects." The *Alabama* alone took sixty-five vessels, most of which she burned. These captures gave rise to the celebrated "Alabama Claims" and to the Geneva Arbitration (sect. 370).

**The *Alabama*.**

330. **Conscription North and South.** (1862–1863.) — By the summer of 1863 the novelty of the war had worn off, and enlistments for the army were decreasing rapidly; so it was deemed necessary to resort to conscription or a draft. There was much objection to this, especially in the city of New York, where, on the 13th of July, 1863, there was a serious riot, and the mob practically had control for several days. During this time about fifty buildings were burned, over two million dollars' worth of property destroyed, and a number of lives sacrificed. The mob had a

**Conscription.**

**Riots in New York.**

[1] By United States law no vessel which has been transferred from the American flag can be restored to it except by special act of Congress.

געלונגען אויפצובויען עטליכע ים־קרייצערס, וויא אויך צו בעוואפענען און אויס־צושטאטען זיי מיט אלעם נויטיגען פאר ארומפאהרען איבער דיא ימים. דער אמעריקאנער געזאנדטער אין לאנדאן, טשארלס פרענצים עדעמס, האט אנגע־זאגט דער ענגלישער רעגיערונג וואס ער דענקט איז דער צוועק און ציעל פון דיזע שיפען. אבער פאר עפעס אן אורזאכע האט ענגלאנד גארניט געטהאן אפצו־האלטען זיי. מען האט דיא קאנפעדעראטען קריעגס־שיפען געלאזט ארויספאהרען און דער רעזולטאט איז געווען דאס פיעלע אמעריקאנער האנדעלס־שיפען זיינען געפאנגען געווארען. אויף דעם אופן איז דיא אמעריקאנער שיף־פאהרט כמעט אין גאנצען פערטריבען געווארען פון דעם אקעאן, ווייל אום דיא קאנפעדעראטען ים־קרייצערס זאלען ניט אנטהאן זיי קיין שאדען האבען דיא אייגענטהימער פון אמעריקאנער האנדעלס־שיפען ארויפגעצויגען אויסלענדישע פלאגען.*)

דיא בעריהמטעסטע פון דיא קאנפעדעראטען ים־קרייצערס זיינען געווען דיא "אלאבאמא", דיא "דזשארדזשיא", דיא "שענאנדא" און דיא "פלארידא". דיא מייסטע פון דיזע שיפען זיינען געווען אונגעפעהר וויא סעקרעטער סיווארד האט בעשריבען דיא "אלאבאמא": "זיא איז געבויט געווארען פון ענגלישע אונטערטהאנען אין אן ענגלישען האפען פאר דעם ספעציעלען צוועק פון פיהרען מלחמה געגען דיא פעראייניגטע שטאאטען... ווען זיא איז פערטיג געווארען האט מען איהר געשיקט... אויך האט מען געשיקט איהר גאנצע בעוואפנונג און אויסריכטונג... צו א געמיינשאפטליכען האפען מחוץ לגבול פון דיא ענג־לישע ימים... און מען האט איהר ארויסגעשיקט פון דארט פאר דער פערניכ־טונגס־ארבייט מיט א מאנשאפט וואס איז בעשטאנען הויפטזעכליך פון ענגלישע אונטערטהאנען". דיא "אלאבאמא" אליין האט געפאנגען פינף און זעכציג שיפען און דיא מעהרסטע פון דיזע האט זיא פערברענט. דאס איז נאך דער מלחמה געווען אן אורזאכע פאר דיא פעראייניגטע שטאאטען צו מאהנען שא־דענערזאץ פון ענגלאנד (דיא בעריהמטע "אלאבאמא קליימס") און האט גע־פיהרט צו דעם זשענעווא שיעדעס־געריכט (זעה פאראגראף 370).

330. **געצוואונגענע ארמעען־דיענסט אין נארד און זיד.** (1862—1863) — ביים זומער פון 1863 איז שוין דער ענטוזיאזמוס פאר דער מלחמה אבגעפאלען און דיא צאהל פון דיא וואס האבען זיך פרייוויליג אנגעבאטען אלס סאלדאטען איז שנעל געווארען אלץ קלענער און קלענער. עס איז דארום געווארען נויטווענדיג צו בענוצען זיך מיט דאס געזעצליכע רעכט פון דער רעגיערונג אויס־צוקלייבען סאלדאטען. דאס האט ארויסגערופען א גוואלדיגע אונצופרידענהייט, איבערהויפט אין דער שטאט ניו יארק, וואו עס איז דעם 13טען יולי, 1863,

---

*) לויט געזעץ פון דיא פעראייניגטע שטאאטען קען ניט קיין שיף וואס האט זיך געשטעלט אונטער אן אנדער פלאג צוריק אויפציהען דיא אמעריקאנער פלאג אהן א ספעציעלע ערלויבניס פון קאנגרעס.

א ביקס אין האנד. זעהענדיג אז דאס גאנצע לאנד איז אויפגערודערט געוואָרען, האט מאָרגאן זיך אָפּגעטראָגען צו דיא ברעגעס פון דעם טייך אָהייאָ, וואו מען האט איהם ענדליך געפּאַקט. מען האט איהם איינגעשפּארט, אָבער איהם איז געלונגען צו אנטלויפען און ווידער דערגרייכען דיא אנדערע זייט פון זיד־ליכען גרענעץ.

328. דיא בלאָקאדע; קאמפף אויף'ן וואסער. (1863) — אונטערדעסען איז דיא בלאָקאדע דורכגעפיהרט געוואָרען מיט דער גרעסטער שטרייננקייט, און פאר דיא שיפען וואס האבען זיך אָפּגעגעבען מיט ברעכען דיא בלאָקאדע איז געוואָרען אלץ שווערער און שווערער זיך אריינצו'גנב'ענען אין דעם איינעם אָדער דיא צוויי האפענס וואס זיינען נאָך ניט געווען אונטער דיא קאָנטראָלע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

א פלאָטע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען האט געמאכט א פערזוך איינ־צונעהמען דיא פעסטונג סאמטער און האט געהאט א דורכפאל. שפעטער אין דעם יאהר איז א פערצווייפעלטער פערזוך געמאכט געוואָרען פון א פלאָטע צוזאמען מיט א מיליטערישער מאכט, אונטער דער קאָמאנדע פון גענעראל קווינסי א. גילמאָר. דער רעזולטאט איז געווען דאס דיא פעסטונג סאמטער איז צוקלאפט געוואָרען אויף שטיקלאך און דיא פעסטונג וואגנער, וועלכע איז געווען איינע פון דיא אויסערליכע בעשיצונגען פון דעם האפען, איז איינגענומען געוואָרען. בעת דיא באָמבארדירונג זיינען קוילען אריינגעשליידערט געוואָרען אין טשארלס־טאָן גופא, אָבער דיא שטאָט איז ניט איינגענומען געוואָרען. דיא קאָנפעדעראַ־טען האבען אויף דעם טייך סאוואנא אויסגעבויט א שיף מיט א שטוים־באראן, עהנליך צו דער "מערימעק". דיזע נייע שיף האבען זיי א נאָמען געגעבען "אטלאנטא". ארויספאָהרענדיג צום ים האט זיך דיא "אטלאנטא" בעגעגענט מיט דער פאנציר־שיף "וויהאָקען" און איז נאָך א קורצען קאמפף איינגענומען געוואָרען.

329. אמעריקאנער שיף־פאהרט און קאָנפעדעראטען קריעגס־שיפען. (1861—1865) — ביים אויסברוך פון דער בירגער מלחמה האט דיא זיד פון אנפאנג אָן ערווארטעט דאס דיא איירָאָפּעאישע רעגיערונגען זאָלען זיך אריינמי־שען אליין צוליעב דיא בוימוואָל וועלכע זיי דאַרפען, אויב ניט צוליעב עפּעס אנדערש. זיי האָבען אויך געהאפט צו בעקומען א פלאָטע. אָבער דיא שטרייננגע בלאָקאדע וואס דיא פעראייניגטע שטאאטען האט דורכגעפיהרט האט, מיט איינע אָדער צוויי אויסנאהמען, געמאכט אונמעגליך פאר שיפען וואס זיינען געבויט געוואָרען אין דיא רעבעלישע שטאאטען ארויסצוכאפּען זיך צום ים.

אין ענגלאנד איז אָבער אגענטען פון דער קאָנפעדעראטען רעגיערונג

Morgan's raid.

cinnati. Everywhere he went he plundered and destroyed. The raid caused the greatest alarm, and Morgan was pursued not only by regular troops, but also by almost every one in that part of the country capable of bearing arms. Finding that the whole country was aroused, he made for the Ohio River, on the banks of which he was finally captured. He was placed in confinement, but managed to escape and get again within the southern lines.

Blockade.

**328. The Blockade; Naval Operations.** (1863.) — Meanwhile the blockade was maintained with vigor, and it became more and more difficult for the "blockade runners," as such vessels were called, to slip into the one or two ports which were not held by the Union forces.

An attempt by a Union naval force to take Fort Sumter was a failure. Later in the year a combined naval and military force, under General Quincy A. Gillmore, made a desperate attack, battered Fort Sumter to pieces and took Fort Wagner, one of the outer harbor defences. Shells were thrown into Charleston itself, but the city was not taken. The Confederates built a ram, the *Atlanta*, in the Savannah River; it was similar in build to the *Merrimac*, but on its way to the sea, it encountered the monitor *Weehawken*, and was captured after a short action.

The *Atlanta*.

Confederate cruisers.

**329. American Shipping and Confederate Cruisers.** (1861–1865.) — From the first, the South had expected the European governments to interfere for the sake of getting supplies of cotton, if for nothing else. They hoped also to secure a navy, but the close blockade maintained by the United States prevented, with one or two exceptions, any vessels built in the South from getting to sea.

In England, agents of the Confederate government succeeded in having several vessels built, armed, and manned. Charles Francis Adams, the American minister at London,

The Confederates still held Chattanooga, which commanded eastern Tennessee and the entrance to Georgia. General Rosecrans was able to force the Confederate General Bragg to retire from Chattanooga; but later Bragg, having received reënforcements, attacked Rosecrans and defeated him at the battle of Chickamauga (September 19, 20), where, had it not been for the steadiness of General Thomas, the defeat would have been a rout. As it was, each army lost more than sixteen thousand men. Bragg gained a victory, but he did not get Chattanooga, though he shut up the Union forces in the town.

**Chickamauga.**

Grant, by his successes, had become one of the best known generals, and now all the western armies were put under his orders. He came to Chattanooga, bringing reënforcements and a number of officers who had served under him in his previous campaign. The siege of Chattanooga was raised. Bragg still held strong positions on the hills, and from these Grant determined, if possible, to drive him. In this he was entirely successful, and as part of the battle was fought on the mountain summit above the mists of the valley, it has been known as the "battle above the clouds." Bragg retreated to Dalton, Georgia, where he was shortly superseded by Joseph E. Johnston.

**Grant at Chattanooga.**

327. **Morgan's Raid.** (1863.) — One of the most striking incidents of the year (1863) was the raid of John Morgan, the Confederate cavalry general. Starting from Tennessee, he passed through Kentucky, his force being increased by sympathizers as he proceeded. Capturing one or two towns on the way, he reached the Ohio River, and seizing two steamers, crossed into Indiana; he then turned toward Ohio, and crossed the southern part of the state, going by night through the very outskirts of Cin-

**Morgan's raid.**

דעם קאָנפעדעראַטען גענעראַל ברעג פון טשעטענוגא, אָבער שפּעטער האָט ברעג געקראָגען מעהר חיל און ער האָט ראָזעקראַנס'ען אַטאַקירט און געשלאָגען אין דער שלאַכט פון טשיקעמוגא (דעם 19טען און 20טען דעצעמבער). וועגן ניט דיא פעסטקייט פון גענעראַל טאָמאַס, וואָלט זיך דיזע שלאַכט געוועזען געענדיגט מיט א פאָלשטענדיגע פערניכטונג פון דיא פעדעראַליסטישע חיל. אזוי אויך האָט יעדער צד פערלאָרען איבער זעכצעהן טויזענד מאַן. ברעג האָט טאַקע געזיעגט, אָבער ער האָט ניט געקראָגען טשעטענוגא, הגם איהם איז געלונגען צו פער־שפּאַרען אין שטאָט דיא פעדעראַליסטישע אַרמעע.

ביי דיזער צייט איז גראַנט דורך זיינע ערפאָלגען געוואָרען איינער פון דיא בעריהמטעסטע גענעראַלען, און איצט האָט מען אַלע אַרמעען אין דיא וועסט אוועקגעשטעלט אונטער זיין קאָמאַנדע. ער איז געקומען נאָך טשעטענוגא, האָט געבראַכט נייע חיל און אַן אַנצאָהל אָפיציערען וואָס האָבען אונטער איהם גע־דיענט אין פריהעריגע שלאַכטען. דער רעזולטאַט איז געווען דאָס דיא בעלאַגערונג פון טשעטענוגא איז באַלד געוואָרען א זאַך דער פערגאַנגענהייט. ברעג האָט נאָך אַלץ פערנומען שטאַרקע פּונקטען אויף דיא בערג און גראַנט האָט ביי זיך בע־שלאָסען איהם פון דיזע בערג צו פערטרייבען, אויב נור מעגליך. אין דיזער אונטערנעהמונג האָט ער אין גאַנצען געהאַט ערפאָלג; און אזוי וויא א טייל פון דעם קאַמפּף איז אויסגעפאָכטען געוואָרען אויף דעם באַרג־שפּיץ איבער דעם נעבעל פון טהאָל, האָט מען עס גערופען "דיא שלאַכט איבער דיא וואָלקענס". ברעג האָט זיך צוריקגעצויגען נאָך דאַלטאָן, דזשאָרדזשיא, וואו זיין קאָמאַנדע איז קורץ נאָכדעם איבערגענומען געוואָרען פון דזשאָזעף ע. דזשאָנסטאָן.

327. מאָרגאַן'ס אָנפאַל. (1863) — איינע פון דיא מערקווירדיגסטע פּאַ־סירונגען פון דעם יאָהר (1863) איז געווען דער אָנפאַל פון דזשאָן מאָרגאַן, א קאָנפעדעראַטען קאַוואַלעריען גענעראַל. אָנפאַנגענדיג פון טענעסי, איז ער דורכ־געלאָפען קענטאָקי, און דיא צאָהל פון זיינע בעגלייטער איז געוואָרען אַלץ גרעסער פון דעם וואָס פיעלע סימפּאַטיזירער האָבען זיך אָן איהם אָנגעשלאָסען אויף'ן וועג. ער האָט איינגענומען א שטאָט אָדער צוויי, האָט דערגרייכט דעם טייך אָהייאָ, און פערבאַפּענדיג צוויי דאַמפּפערס איז ער אַריבער נאָך אינדיאַנאַ. דאַן האָט ער זיך א קעהר געטהאָן נאָך אָהייאָ און איז דורכגעפאָהרען דעם זיד־ליכען טייל פון שטאַאט, פערביילויפענדיג דעם זוים פון דער שטאָט סינ־סינעטי אין דער נאַכט. וואו ער איז נור געווען האָט ער געפּלינדערט און געמאַכט א חורבן. דער אָנפאַל האָט פעראורזאַכט דעם גרעסטען שרעק, און מאָרגאַן איז נאָכגעיאָגט געוואָרען ניט נור פון דיא געוועהנליכע חיל, זאָנדערן פון כמעט יעדען איינעם וואָס האָט אין יענעם טייל פון לאַנד נור געקענט האַלטען

כע שלאכט איז געווען דער רעזולטאט. דריי טעג האט עס געדויערט (דעם 1טען, 2טען און 3טען יולי). מען קען זאגען אז קיין שלאכט איז קיינמאל פריהער ניט געפיהרט געוואָרען מיט מעהר ביטערקייט און הארטנעקיגקייט וויא דיזע. אָבער לי האט פערלאָרען און ער איז געווען געצוואונגען זיך צוריקצוציהען. דער פערלוסט אויף ביידע זייטען איז געווען גוואלדיג. אונגעפעהר א דריטעל פון אלע וואס האבען זיך אין דער שלאכט בעטייליגט, ביי פיער און פערציג טויזענד מאן, זיינען געטויטעט, פערוואונדעט, אָדער אזוי פערפאלען געוואָרען. געטיס־בורג איז דיא גרעסטע שלאכט וואס איז געפאָכטען געוואָרען אויף אמעריקאנער ערד און ווערט געוואוינליך בעטראכט אלס דער ווענדונגס־פונקט פון דעם בירגער קריעג.

לי האט זיך צוריקגעצויגען איבער דעם טייך פאטאמעק און קיין ווייטע־רער פערזוך איז ניט געמאכט געוואָרען צו בעפאלען דיא נאָרד. עס איז, גאנץ איינפאך, געווען אונמעגליך; אלעס וואס לי האט געקענט טהאָן איז צו וויעדער־שטעהן אטאקעס און צו פערלייננגערן דעם קאמפף. גענעראל מיד איז לאנגזאם נאָכגעגאנגען דיא קאָנפעדעראטען חיל ביז ביידע ארמעען זיינען געווען ניט וויית פון דעם אָרט פון וואנען זיי האבען זיך לכתחלה אנגעהויבען ריהרען.

326. וויקסבורג; טשעטענוגא. (1863) — דעם 4טען יולי, א טאג נאָך דער געטיסבורג שלאכט, האט זיך וויקסבורג אונטערגעגעבען צו גענעראל גרענט, און 32 טויזענד געפאנגענע זיינען אריינגעפאלען אין זיינע הענד.*) עטליכע טעג שפעטער האט זיך פאָרט האדסען אונטערגעגעבען צו גענעראל בייקס, און דער טייך מיסיסיפי איז יעצט פאר דיא פעראייניגטע שטאאטען געווען אָפען ביז דער עפענונג ביים ים.

דיא קאָנפעדעראטען האבען נאָך אלץ געהאלטען טשעטענוגא, דורך וועלכע שטאָט זיי האבען בעהערשט דעם אָסטליכען טייל פון טענעסי און דעם אריינ־גאנג אין דזשאָרדזשיא. דעם גענעראל ראָזעקראנס איז געלונגען צו פערטרייבען

---

האבען אוועקגעגעבען זייערע לעבענס אומזיסט, דאס דיזע נאציאן זאל, מיט גאט'ס הילף, האבען א נייע געבורט פון פרייהייט, — און דאס א רעגיערונג פון דאס פאלק, דורך דאס פאלק, און פאר דאס פאלק זאל ניט פערשווינדען פון דער ערד."

*) אויף דער ענגלישער זייטע 356 געפינט זיך א פערקלענערטע נאכבילדונג פון אן אויסצוג פון דער ענגלישער צייטונג "ניו יארק העראלד", אין וועלכען עס ווערט געמעלדעט וועגען דעם אונטערגעבען זיך פון דער בעלאגערטער שטאט וויקסבורג.

Gettysburg, July 1, 2, 3, 1863.

The two armies met at Gettysburg. A dreadful battle followed, lasting three days (July 1, 2, 3). No field ever was more stubbornly contested; but Lee was defeated and forced to retreat. The loss of each army was great: about forty-four thousand men, about one-third of those engaged in the conflict, were killed, wounded, or missing. Gettysburg, the greatest battle on American soil, is generally regarded as the turning-point of the war.

Lee retreats.

Lee retreated across the Potomac, and no further attempt was made to invade the North. It was, indeed, impossible; all that Lee could do was to resist attacks and prolong the struggle. Meade followed the Confederates slowly until both armies were not far from the place from which they had started.

Vicksburg, July 4, 1863.

**326. Vicksburg; Chattanooga.** (1863.) — On the 4th of July, the day after the battle of Gettysburg, Vicksburg surrendered to General Grant, and thirty-two thousand prisoners fell into his hands. A few days later Port Hudson surrendered to Banks, and the Mississippi was open to its mouth.

The Mississippi open.

THE FALL OF VICKSBURG.

More Glorious News.

Gen. Pemberton Begs for Conditions.

He Wants to March Out His Men.

"Unconditional Surrender" Grant Don't See It.

He Will Not Allow a Single Man to March Out.

PEMBERTON CONSULTS WITH HIS OFFICERS.

They Don't Want to Stay in "Grant's Pig-Pen" Any Longer.

They Urge Pemberton to Surrender, Bag, Baggage, Cannon, and Cattle.

And this on Our Ever Glorious Fourth of July.

THE STRONGHOLD IN OUR POSSESSION.

WASHINGTON, Tuesday, July 7—1 o'clock p. m.
The following dispatch has just been received:

U S MISSISSIPPI SQUADRON,
FLAG-SHIP BLACK HAWK, July 4, 1863.

Hon. GIDEON WELLES, *Secretary of the Navy.*

SIR; I have the honor to inform you that Vicksburg has surrendered to the United States forces on this 4th of July.

Very respectfully, your obedient servant,
D. D. PORTER, Acting Rear Admiral.

From the New York *Herald* for July 8, 1863.

moved toward the Shenandoah Valley. Hooker kept his army between Lee and Washington. But when Lee crossed the Potomac, and hastened across Maryland, Hooker followed him. Lee entered Pennsylvania and captured Chambersburg. A part of his force reached York, while his cavalry were within sight of Harrisburg.

Lee invades Maryland and Pennsylvania, 1863.

The North was thoroughly alarmed and with good reason. The militia were hastily called out, and hurried forward to protect Philadelphia and Harrisburg and to reënforce the army. Meanwhile, on the 27th of June, Hooker, annoyed by the orders which came from Washington, asked to be relieved of his command.



THE GETTYSBURG NATIONAL MILITARY PARK.
Hancock Avenue looking south.

**325. Gettysburg.** (1863.)—Hooker was succeeded by General George G. Meade of Pennsylvania. Meade was a graduate of West Point, had served in the Mexican War, and had been in the Army of the Potomac since its organization. A steady officer who would run few risks, he conducted the remainder of the campaign in his own way.[1]

General Meade in command of the Army of the Potomac.

[1] He retained his position as commander of the Army of the Potomac until the close of the war, but after March 3, 1864, acted under Grant (sect. 337).

געשיקט געוואָרען צו בעשיצען פילאַדעלפיאַ און העריסבורג און צו פערשטאַר־קערן דיא אַרמעע. אונטערדעסען האָט הוקער געבעטען דאָס מען זאָל איהם בעפרייען פון זיין קאָמאַנדע, ווייל איהם האָבען דערעסען דיא פיעלע בעפעהלע וואָס זיינען אָנגעקומען פון וואַשינגטאָן און ער האָט שוין דיא לאַגע מעהר ניט געקענט פערטראָגען. דאָס איז געווען דעם 27טען יוני.

325. געטיסבורג. (1863) — אויף'ן אָרט פון הוקער איז ערנאַנט געוואָרען גענעראַל דזשאָרדזש ג. מיד פון פּענסילווייניאַ. מיד איז געווען אַ געענדיגטער פון וועסט פּאָינט, האָט געדיענט אין דער מעקסיקאַנער מלחמה, און האָט זיך געפונען אין דער אַרמעע פון דעם פּאָטאָמעק זייט וואו זי איז פון אָנפאַנג אָרגאַני־זירט געוואָרען. ער איז געווען אַן אויסגערעכענטער קאָמאַנדיר, וועלכער האָט ניט געוואָלט ריזיקירען פיעל און ער האָט געפיהרט דעם קאַמפּף אויף זיין אייגענעם וועג.*) דיא צוויי אַרמעען האָבען זיך בעגעגענט ביי געטיסבורג.**) אַ שרעקלי־

---

*) ער איז פערבליבען קאָמאַנדיר פון דער אַרמעע פון פּאָטאָמעק ביז'ן ענדע פון דער בירגער מלחמה, אָבער נאָך דעם 3טען מערץ, 1864, איז ער געווען אונטער גרענט (זעה פּאַראַגראַף 337).

**) אויף זייטע 355 געפינט זיך אַ צייכנונג פון געטיסבורג, וועלכע איז עטליכע חדשים נאָך דער שלאַכט אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין אַ נאַציאָנאַל מיליטערישען בית עולם. ביי דער צערעמאָניע פון ווידמען דיזען אָרט פאַר דעם אָנדענקען פון דיא געפאַלענע העלדען האָט פּרעזידענט לינקאָלן געהאַלטען דיא בעריהמטע געטיסבורג רעדע, וועלכע איז וויא פאָלגט:

”זיעבען און אַכציג יאָהר צוריק האָבען אונזערע עלטערן אויף דיזען ערד־טייל בעשאַ־פען אַ נייע נאַציאָן, אויסגעטראָגען אין פרייהייט און געווידמעט צו ־עם געדאַנק דאָס אַלע מענשען זיינען געבאָרען גלייך.

איצטער זיינען מיר אַריינגעטהאָן אין אַ גרויסען בירגער קריעג, אויספּרובירענדיג אויב דיזע נאַציאָן אָדער וועלכע אַנדערע נאַציאָנען וואָס איז אַזוי אויסגעטראָגען און אַזוי גע־ווידמעט, קען לאַנג אָנהאַלטען. מיר זיינען דאָ פערזאַמעלט אויף אַ גרויסען שלאַכט־פעלד פון דיזער מלחמה. מיר זיינען געקומען בעשטימען אַ טייל פון דיזען שלאַכט־פעלד אַלס רוהע־פּלאַץ אויף עולמות פאַר יענע וואָס האָבען אַבגעגעבען זייערע לעבענס כדי דיא נאַציאָן זאָל לעבען. עס איז זעהר פּאַסענד אַז מיר זאָלען דאָס טהאָן.

אין אַ ברייטען זין אָבער קענען מיר ניט ווידמען, קענען מיר ניט איינ־ווייהען, קענען מיר ניט הייליגען דיזען גרונד. דיא בראַווע מענער, דיא לעבעדיגע און דיא טויטע — זיי האָבען דאָ געקעמפּפט, זיי האָבען געהייליגט דיזען גרונד פיעל ערהאַבענער אַלס אונזערע שוואַכע כוחות קענען צוגעבען דערצו אָדער אַראָבנעהמען דערפון. דיא וועלט וועט ווייניג מערקען, און נאָך וועניגער געדענקען, וואָס מיר זאָגען דאָ, אָבער זיא קען קיינמאָל ניט פערגעסען וואָס זיי האָבען געטהאָן דאָ. ניט זיי וועלכע האָבען דאָ געקעמפּפט, נור מיר, דיא לעבעדיגע, דאַרפען געהייליגט און געווייהט ווערן צו דיא אונגעענדיגטע ארבייט וועלכע זיי האָבען אַזוי העלדענמוטהיג ביז איצטער געטריבען. מיר דאַרפען געווידמעט ווערן צו דער גרויסער אויפגאַבע וועלכע בלייבט נאָך פאַר אונז, דאָס פון דיזע געעהרטע מתים זאָלען מיר נעהמען גרעסערע איבערגעבענהייט צו דער זאַכע, צו וועלכער זיי האָבען זיך איבערגעגעבען אין פולען מאָס — דאָס מיר זאָלען דאָ פייערליך בעשליסען, אַז דיזע טויטע זאָלען ניט

324. טשענסעלאָרסוויל; לי בעפאַלט פענסילווייניא. (1863) — אונ־טערדעסען איז דיא אַרמעע פון פּאָטאָמעק אויף דאָס נײַ אָרגאַניזירט געוואָרען פון גענעראַל הוקער מיט גרויס ערפאָלג (זעה פּאַראַגראַף 317). הוקער האָט בע־שלאָסען צוצוקומען צו ריטשמאָנד פון דער זייט פון דעם רעפּאַהאַנאָק טייך. ער האָט בעגעגענט לי ביי אַ קליינעם פּלאַץ וועלכער רופט זיך טשענסעלאָרסוויל און איז דאָרט שטאַרק געשלאָגען געוואָרען אין אַ שלאַכט וואָס האָט געדויערט צוויי טעג (2טער און 3טער מאַי, 1863). הוקער'ס פערלוסט איז געווען זיעבע־צעהן טויזענד מאַן. אויף דער זייט פון דיא קאָנפעדעראַטען איז דער פערלוסט אין צאָהל פון סאָלדאַטען ניט געווען אַזוי גרויס, אָבער זייער גרויסער גענעראַל, "סטאָונוואָל" דזשעקסאָן, איז אין דער דעמערונג פון דעם אָבענד דערשאָסען געוואָרען פון זיינע אייגענע מענשען, וועלכע האָבען געמיינט אַז ער און זיין בעגלייטענדער שטאַב זיינען גאָר פון דעם שונא'ס לאַגער.

לי האָט יעצט בעשלאָסען צו בעפאַלען דיא נאָרד אַ צווייטען מאָל. ער איז צו דעם געצוואונגען געוואָרען פון דער עפענטליכער מיינונג אין דיא זידליכע שטאַאַטען. זיין אַרמעע פון דריי און זיעבעציג טויזענד ערפאַהרענע סאָלדאַטען האָט ער גענומען פיהרען אין דער ריכטונג פון דעם שענאַנדאָ טהאָל. הוקער האָט זיין אַרמעע געהאַלטען צווישען לי און וואַשינגטאָן. אָבער ווען לי איז אַריבער דעם טייך פּאָטאָמעק און האָט זיך גענומען איילען איבער מערילענד האָט איהם הוקער גענומען נאָכגעהן. לי איז אַריין אין פענסילווייניא און האָט איינגענומען טשיימ־בערסבורג. אַ טייל פון זיין אַרמעע האָט דערגרייכט יאָרק, וועהרענד זיין קאַ־וואַלעריע האָט זיך געפונען ביים שוועל פון העריסבורג.

דיא נאָרד איז געוואָרען היבש איבערגעשראָקען און ניט אָהן אורזאַכע. אין איילעניש איז אַרויסגערופען געוואָרען דיא מיליץ, וועלכע איז גלייך אָפּ־

---

געפיהרט געוואָרען געגען דער שטאָט וויקסבורג. פון אויבען ביז אונטען, אָדער אין אַנדערע ווערטער, פון נאָרד צו זיד, ציהט זיך דער גרויסער מיסיסיפּי טייך. ביים טייך גאָר אויבען געפינט זיך דיא שטאָט מעמפיס און עטוואָס נידעריגער אין אַן אָסטליכער ריכטונג איז דיא שטאָט קאָרינט. פון דער לעצטער שטאָט האָט עס גרענט אָפּגעמאַרשירט מיט זיין חיל איינ־צונעהמען וויקסבורג, וועלכע מען קען זעהן איז אַ זידליכער ריכטונג ביים טייך מיסיסיפּי; אין דער זעלבער צייט איז פון מעמפיס אָבגעפאָהרען אויף טראַנספּאָרט־שיפען, בעגלייט פון קאַנאָנען־שיפען, אַן אַנדער אָבטיילונג פעדעראַליסטישע חיל אונטער שערמאַן, וועלכער האָט געזאָלט אַטאַקירען וויקסבורג פון הינטען. פון דיא פלענער האָט זיך אָבער גאָרניט אויסגעלאָזען, און גרענט האָט, וויא עס איז שוין געמעלדעט געוואָרען, בעשלאָסען צו בעלאַגערן דיא שטאָט.

— In the East, General Hooker (sect. 317) had been successful in reorganizing the Army of the Potomac. He determined to approach Richmond from the Rappahannock River. He met Lee at a small place called Chancellorsville, and was defeated (May 2, 3, 1863), with a loss of about seventeen thousand men. On the Con-

Chancellorsville, May 2, 3, 1863.




Map of the Vicksburg Campaign.

federate side the loss in numbers was not so heavy; but their great soldier, "Stonewall" Jackson, was shot by his own men in the dusk of the evening, under the supposition that he and his staff were enemies.

"Stonewall" Jackson killed.

Lee now resolved on a second invasion of the North, a movement practically forced upon him by public opinion. His army of seventy-three thousand experienced troops

creased. This, true of all wars, was sorrowfully true of the Civil War in America. Seldom, if ever, have such heart-rending sufferings been endured; and Andersonville has become almost a synonym for terrible miseries.[1]

322. **The Sioux War.** (1862.) — To add to the difficulties of the United States, in the summer of 1862, the Sioux Indians in Dakota and western Minnesota revolted. They had complained with abundant reason of unjust treatment and non-fulfilment of treaties. To avenge their wrongs, they fell upon the whites, killing men, women, and children. A detachment from the army soon put an end to these troubles, and a number of the Indians were tried, found guilty of murder, and hanged. **Sioux War, 1862.**

323. **Campaign in the West; Vicksburg.** (1863.) — In the West and Southwest there were four Union armies: one under Grant, in the vicinity of Vicksburg, Mississippi; one under Banks, in Louisiana; one under Schofield, in Missouri; and one under Rosecrans, near Murfreesboro, Tennessee. The main purpose of the first three was to open the Mississippi River, and thus divide the Confederacy. The objective point of the army of Rosecrans was Chattanooga. **Union armies in the West, 1863.**

Vicksburg and Port Hudson, still held by the Confederates, were very strong points. Leaving Corinth, Grant, with the coöperation of gunboats and transports, tried plan after plan in order to defeat the Confederate forces, and to reduce Vicksburg; again and again his efforts were unsuccessful. He next occupied the country east of the city, and made several ineffectual assaults upon the fortifications. He then began a regular siege of the city. **Grant besieges Vicksburg.**

324. **Chancellorsville; Lee invades Pennsylvania.** (1863.)

[1] "Of that camp, the Confederate inspector-general spoke as a place of horrors beyond description."

אזוי פיעל הערצרייסענדע יסורים; און ענדערסאָנוויל איז געוואָרען כמעט אַן אנדער וואָרט פאַר דיא שרעקליכסטע קוועלונגען.*)

322. דיא מלחמה מיט דיא סיו אינדיאַנער. (1862) — צו מאַכען דיא צרות פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען נאָך גרעסער, האָבען אין זומער פון 1862 דיא סיו אינדיאַנער אין דאַקאָטאַ און וועסטליכען טייל פון מינעסאָטאַ געמאַכט אַן אויפשטאַנד. זיי האָבען זיך מיט רעכט בעקלאָגט דאָס מען בע־האַנדעלט זיי ניט מיט יושר און דאָס מען האַלט ניט קיינע פון דיא אָבמאַכען וואָס מען האָט מיט זיי געמאַכט. זיי האָבען דארום בעשלאָסען צו נעהמען נקמה פאַר דאָס אונרעכט וואָס מען בעגעהט געגען זיי; זיי זיינען בעפאַלען און אויסגע׳הרג׳עט ווייסע מענשען — מענער, פרויען און קינדער. אַן אָבטיילונג פון דער אַרמעע האָט גיך געמאַכט אַ סוף צו דיזע צרות. אַן אַנצאָהל אינדיאַנער זיינען פּראָצעסירט געוואָרען; מען האָט זיי געפונען שולדיג אין מאָרד און אויפגעהאַנגען.

323. דער קאַמפּף אין דיא וועסט; וויקסבורג. (1863) — אין דיא וועסט און זיד־וועסט זיינען געווען פיער אַרמעען: איינע אונטער גרענט, אין דער געגענד פון וויקסבורג, מיסיסיפּי; איינע אונטער בייגקס, אין לואיזיענע; איינע אונטער שאָפּיעלד, אין מיזורי; און איינע אונטער ראָזעקראַנס, ניט ווייט פון מוירפריסבאָראָ, טענעסי. דער הויפּט צוועק פון דיא ערשטע דריי איז גע־ווען צו עפּענען דעם טייך מיסיסיפּי און אויף דעם אופן צו צערשפּליטערן דיא קאָנפעדעראַטען. דער ציעל־פּונקט פון דער ראָזענקראַנס אַרמעע איז געווען טשעטענוגאַ.

וויקסבורג און פּאָרט האָדסען, וועלכע זיינען נאָך אַלץ געווען אין דיא הענד פון דיא קאָנפעדעראַטען, זיינען געווען זעהר שטאַרקע פּונקטען. פערלאָזענדיג קאָרינט האָט גענעראַל גרענט פּרובירט איין פּלאַן נאָך׳ן צווייטען צו שלאָגען דיא קאָנפעדעראַטען חיל און איינצונעהמען וויקסבורג; ער איז פון דער וואַסער־זייט געהאָלפען געוואָרען פון קאַנאָנען־שיפען און טראַנספּאָרט־שיפען; אָבער יעדען מאָל איז ער דורכגעפאַלען. דערנאָך האָט ער פערנומען דאָס לאַנד אָסט פון וויקסבורג און האָט געמאַכט עטליכע אָנגריפע אויף דיא פעסטונגען, אָבער אַלץ אָהן ערפאָלג. דאַן האָט ער בעשלאָסען צו מאַכען אַ געוועהנליכע בעלאַ־גערונג פון דער שטאָט.**)

---

*) אין ענדערסאָנוויל זיינען 35,000 געפאַנגענע געהאַלטען געוואָרען אויף אַ פעלד פון 27 אַקער; זיי זיינען בעהאַנדעלט געוואָרען אויף דעם שוידערליכסטען אופן. דער קאָנ-פעדעראַטען גענעראַל-אינספעקטאָר האָט בעריכטעט דאָס דער אָרט איז "אַ שאַנדע פאַר ציוויליזאַציאָן" און דאָס דיא יסורים וואָס דיא געפאַנגענע האָבען זיינען אַזעלכע שרעקליכע דאָס מען קען זיי גאָרניט בעשרייבען. ביי ענדע פון דער מלחמה איז דער קאָמענדאַנט פון ענדערסאָנוויל, אַ שווייצאַר, פּראָצעסירט און אויפגעהאַנגען געוואָרען.

**) אויף דער ענגלישער זייטע 354 געפינט זיך אַ קאַרטע פון דעם קאַמפּף וואָס איז

וואס זאל זיי ניט געגעבען ווערן, בעטראכט געווארען אם ווענינגסטען וויא אן איני־
דירעקטע שטיצע פון שקלאפעריי.

דער וויכטיגסטער מאמענטאנער רעזולטאט פון דער בעפרייאונגס־פראקלא־
מאציע איז געווען דיא בעשעפטיגונג פון נעגערס און אנטלאפענע שקלאפען
אין דיא ארמעען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. זיי זיינען שוין פריהער בע־
נוצט געווארען פון דיא קאנפעדעראטען פאר דעם צוועק פון אויסגראבען ערד
און מאכען בעפעסטיגונגען, אויך אלס פוהרלייטע, און פאר אנדערע צוועקען.
דיא איבערגעבענהייט פון דיא שווארצע צו זייערע בעלי הבתים, הויפטזעכליך
אויף דיא פלאנטאציעס אין דיא זיד שטאאטען, וואו עס האט זעהר אפט פאַ־
סירט דאס עס איז ניט געבליבען קיין איינציגער ווייסער מאן, האט כמעט קיין
גלייכען ניט אין דער געשיכטע פון דער וועלט און מעג פון אלעמען בעוואונ־
דערט ווערן.

דיא קאנפעדעראטען רעגיערונג האט זעהר ניט געוואלט ליידען דאס וואס
דיא פעדעראליסטישע רעגיערונג האט אנגעהויבען אריינצונעהמען נעגערס אין
איהרע ארמעען און דאס האט געפיהרט דערצו דאס מען האט אויפגעהערט
אויסבייטען געפאנגענע, וויא עס איז דער מנהג אין קריעגס־צייט; ווארום
אזוי שנעל וויא דיא קאנפעדעראטען רעגיערונג האט זיך ענטזאגט אויסצובייטען
דיא נעגער סאלדאטען אדער זייערע ווייסע אפיצירען וועלכע זיינען גענומען
געווארען אין פליען, האט דיא פעראייניגטע שטאאטען זיך אין גאנצען ענטזאגט
אויסצובייטען געפאנגענע, ווייל זיא האט געהאלטען פאר איהר פפליכט צו
בעשיצען גלייך אלעמען וואס האבען ביי איהר געדיענט אין דער ארמעע.
בעת דעם גאנצען קריעג האבען הונדערט און אכציג טויזענד נעגערס געדיענט
אין דיא ארמעען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען און זיי האבען זיך געמאכט
א גוטען נאמען.

321. קריעגס געפאנגענע. (1861—1865) — פון דיא איבלען אין
מלחמה צייט איז דיא איינשפערונג און שלעכטע בעהאנדלונג פון געפאנגענע
ניט פון דיא קלענסטע; און ווען דער אויסבייט פון געפאנגענע ווערט ניט
פראקטיצירט, אדער ווערט פראקטיצירט נור אין א זעהר בעשריינקטער מאס,
דאן ווערן דיא צרות דערפון שטארק פערגרעסערט. דאס איז דער אמת וועגען
אלע מלחמות און, עס טהוט לייד צו זאגען, דער ביטערער אמת וועגען דער
בירגער מלחמה אין אמעריקא. זעלטען, אויב ווען, זיינען מענשען אויסגעשטאנען

Effect of the Emancipation proclamation.

This proclamation was the first official blow struck at slavery, and henceforth made the war not only a struggle to maintain the union of the states, but also one to set free the slaves. Perhaps its greatest effect was abroad, for the long and brave resistance of the South had begun to make the Europeans think that she might succeed after all, and ought, perhaps, to be recognized. Now, any recognition of her independence, or any help which might be officially extended to her, would be at least an indirect support to slavery.

The most important immediate result was the employment of negroes and fugitive slaves in the armies of the Union. They had already been employed by the Confederates in throwing up intrenchments and as teamsters, and for other purposes. The faithfulness of the negroes to their southern masters, particularly on the plantations, where often there were no white men, has scarcely been paralleled in history, and is worthy of great admiration.

Negroes in the Union army.

The enlistment of negroes by the Federal government was resented by the South, and led finally to a cessation of the exchange of prisoners; for as the Confederate authorities naturally refused to exchange any black soldiers or their white officers captured in battle, the United States government refused to exchange at all, feeling bound to protect equally all who had entered its service. About one hundred and eighty thousand negroes entered the armies of the United States during the war and their record is a creditable one.

Prisoners of war.

321. **Prisoners of War.** (1861–1865.) — Of the evils incident to war, the confinement and ill-treatment of prisoners is not the least; and when exchange of prisoners is not practised, or is much restricted, the evils are greatly in-

lamation by the districts named, and on January 1, 1863, he issued the proclamation of which he had given one hundred days' notice. In this he declared the power was

Emancipation Proclamation issued January 1, 1863.

And by virtue of the power, and for the purpose aforesaid, I do order and declare that all persons held as slaves within said designated States, and parts of States, are, and henceforward shall be free;

And upon this act, sincerely believed to be an act of justice, warranted by the Constitution, upon military necessity, I invoke the considerate judgment of mankind, and the gracious favor of Almighty God.

(L.S.) Independence of the United States of America the eighty-seventh.

Abraham Lincoln

EXTRACT FROM LINCOLN'S EMANCIPATION PROCLAMATION.

Reduced facsimile of the autograph copy.

vested in him as "Commander-in-chief of the Army and Navy of the United States," claiming that it was "a fit and necessary war measure."

Union government, for the President did not claim the power to issue such an order respecting those states which had not seceded.

— דעם 22טען סעפּטעמבער, 1862, האָט פּרעזידענט לינקאָלן אַרויסגעלאָזען אַ פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער ער האָט ערקלערט דאָס "אַלע פּערזאָנען וועלכע זיינען געהאַלטען געוואָרען אַלס שקלאַפען אין אירגענד וועלכען שטאַאַט אָדער בעשטימטען טייל פון אַ שטאַאַט, וואו דיא איינוואָהנער זיינען אין אויפשטאַנד געגען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, זאָלען פון דעם ערשטען טאָג יאַנואַר, 1863, און פון דאַן אָן אויף עוויג זיין פריי".*)

דאָס איז געווען אַ מין וואָרנונג. פערשטעהט זיך, דיא יעניגע טיילען וואָס זיינען אַרויסגעטראָטען פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען האָבען דיזער פּאָרלויפיגער פּראָקלאַמאַציע קיין שום אַכטונג ניט געשיינקט; און דעם ערש־טען יאַנואַר, 1863, האָט לינקאָלן אַרויסגעלאָזען דיא פּראָקלאַמאַציע געגען וועלכער ער האָט געוואָרענט מיט הונדערט טעג פריהער. אין דיזער פּראָקלאַ־מאַציע האָט ער ערקלעהרט אַז דיא מאַכט דאָס צו טהאָן האָט ער אַלס "הויפּט קאָמאַנדיר פון דער אַרמעע און דיא מאַרין פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען", און דיא אורזאַכע וואַרום ער טהוט עס איז ווייל ער געפינט עס פאַר "אַ פּאַ־סענדען און נויטוועגדיגען קריעגס־מיטעל".**)

דיזע פּראָקלאַמאַציע איז געווען דער ערשטער אָפיציעלער קלאַפּ וואָס שקלאַ־פעריי האָט געקראָגען; און פון יעצט אָן איז דיא מלחמה געוואָרען ניט נור אַ קאַמפּף פאַר אויפהאַלטען דעם עוויגען בונד צווישען דיא שטאַאַטען, נור אויך צו בעפרייען דיא שקלאַפען. דיא שטאַרקסטע ווירקונג האָט עס פיליייכט געהאַט אין אויסלאַנד. דער לאַנגער און העלדישער ווידערשטאַנד פון דיא קאָנפעדעראַטען האָט דיא אייראָפּעער אָנגעהויבען מאַכען דענקען דאָס דיא רעבעלישע שטאַאַטען קענען נאָך אַלעמען געווינען און מען וואָלט זיי אפשר בעדאַרפט אַנערקענען. יעצט אָבער וואָלט דיא אַנערקענונג פון דיא קאָנפעדעראַטען שטאַאַטען אַלס אַ בעזונדערע און אונאַבהענגיגע מדינה, אָדער אירגענד וועלכע אָפיציעלע הילפע

*) אין דער פּראָקלאַמאַציע זיינען אויסגערעכענט געוואָרען יענע טיילען פון לאַנד וועלכע זיינען ניט געווען אונטער דער קאָנטראָלע פון דער פעדעראַליסטישער רעגיערונג, ווייל דער פּרעזידענט האָט גאַרניט פּרעטענדירט צו האָבען דיא מאַכט אויף אַרויסגעבען אַזאַ בעפעהל וועגען דיא טיילען וואָס האָבען זיך ניט אָפּגעריסען פון דיא פעראייניגטע שטאַ־אַטען.

**) אויף דער ענגלישער זייטע 351 געפינט זיך אַ פערקלענערטע נאַכבילדונג פון אַ טייל פון דער בעפרייאונגס פּראָקלאַמאַציע, וועלכע פּרעזידענט לינקאָלן האָט אַרויסגעלאָזט ביים אָנפאַנג פון 1863.

אין דעם זומער פון 1861 האָט דיא פעראייניגטע שטאַאטען פאָרבערייטעט אַ מאַרין עקספּעדיציע, וועלכע האָט איינגענומען העטעראַס אינלעט (אַ שמאָלער טייל פון אַטלאַנטישען אָקעאַן וואָס גיסט זיך אריין צווישען אינזלען ביי קאַפּ העטעראַס, נאָרד קעראָליינאַ) און אַלע פעסטונגען וואָס האָבען דעם אינלעט בעשיצט. שפּעטער האָט אַן אַנדער עקספּעדיציע איינגענומען פּאָרט ראָיאַל (זיד קעראָליינאַ), אַן אנצאָהל אינזלען ביים ברעג פון אַטלאַנטישען אָקעאַן, און אַן אינזעל ניט ווייט פון דעם אָרט וואו דער מיסיסיפּי גיסט זיך אריין אין ים. דיזע פּלעצער זיינען געוואָרען פּראָוויאַנט־לאַגערן פאַר דיא קריעגס־שיפען פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען אַזוי גוט וויא וויכטיגע סטראַטעגישע פּונקטען פון וואַנען אָנצופאַנגען פיהרען אַטאַקעס אויף׳ן שונא. חוץ דעם האָבען דיזע איינגענומענע פּלעצער געמאַכט שווערער פאַר האַנדעלס שיפען דורכצו׳גנב׳ענען זיך דיא בלאָקאַדע ביי דיא פערשיעדענע האַפענס.

311. דיא ערוועהלונג פון דייוויס און סטיפענס; מייסאָן און סלידעל. (1861) — דעם 6טען נאָוועמבער, 1861, איז אין דיא זידליכע שטאַאטען פאָרגעקומען אַ וואַהל; דייוויס און סטיפענס זיינען איינשטימיג ערוועהלט געוואָרען פּרעזידענט און וויצע־פּרעזידענט פון דער קאָנפעדעראַטען רעגיערונג.

איינע פון דיא וויכטיגסטע פּאַסירונגען פון דער גאַנצער מלחמה איז פאָרגעקומען אין הערבסט פון 1861. דער קאָנפעדעראַטען רעגיערונג איז זעהר נויטיג געווען דאָס זיא זאָל קריגען פּראָוויאַנט פון אויסלאַנד, און דאָס אויסצופיהרען וואָלט פאַר איהר געווען אַ גרויסע הילפע ווען דיא רעגיערונגען פון איירָאָפּאַ זאָלען אָנערקענען דיא זידליכע שטאַאטען פאַר אַן אונאַבהענגיגע מדינה. מיט דאָס אין אַבזיכט זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען צוויי בעפאָלמעכטיגטע שלוחים נאָך איירָאָפּאַ. זיי האָבען זיך דורכגע׳גנב׳עט דיא בלאָקאַדע און דערגרייכט קובאַ; פון דאָרט זיינען זיי אָפּגעפאָהרען אַלס פּאַסאַזשירען אויף דער ענגלישער שיף "טרענט".

דעם 8טען נאָוועמבער האָט קאַפּיטאַן טשאַרלס ווילקס, קאָמאַנדיר פון דעם אַמעריקאַנעם דאַמפּפער "סאַן זשאַסינטאָ", אָבגעשטעלט דיא "טרענט" ניט ווייט פון דיא באַהאַמאַ אינזלען, און האָט גענומען געפאַנגען דיא צוויי קאָנפעדעראַטען שלוחים, דזשיימס מ. מייסאָן און דזשאַן סלידעל. ער האָט זיי מיט זייערע סעקרעטערע געבראַכט נאָך באָסטאָן, וואו מען האָט זיי פערשפּאַרט אין דער פעסטונג וואָרען. ווען מען האָט זיך דערוואוסט פון דיזער פּאַסירונג האָט אין ענגלאַנד און דיא פעראייניגטע שטאַאטען אויסגעבראָכען אַ געוואַלדיגע אויפרעגונג. ענגלאַנד האָט געשיקט קריעגס־פּראָוויאַנט און סאָלדאַטען נאָך קענעדע און זיא האָט אין גאַנץ שטרייגגע און קלאָהרע דבורים פערלאַנגט דאָס דיא צוויי שלוחים וואָס מען האָט אַרונטערגענומען פון אַן ענגלישע שיף זאָלען אומגעקעהרט ווערן און דאָס אַ פּאַסענדע ענטשולדיגונג פאַר דער בעליידיגונג זאָל געמאַכט ווערן.

גענעראל מעקלעלאן איז אויסגעבילדעט געווארען אין וועסט פאינט און האט געדיענט אין דער מעקסיקאנער מלחמה. אבער וויכטיגער פון אלעס איז געווען דאס וואס ער האט געהאט ערפאלג אין ווירדזשיניא, און דיא ארמעע פון נארד אזוי גוט וויא דאס גאנצע פאלק האבען געגלויבט אז "דער קליינינקער מעק, דער שטאלץ פון דיא סאלדאטען", איז דער איינציגער מענש וואס קען ברייננגען זיעג פאר דיא פרינציפען פאר וועלכע דיא פעראייניגטע שטאאטען האט גע־שטריטען.

עס זיינען אוועק אכט אדער ניין חדשים און מעקלעלאן האט כמעט קיין אנדער זאך ניט געטהאן וויא ארגאניזירט און מוסטירט ארמעען; דאס זעלבע האט מען אויך געטהאן אין זיד; און דיא איבעריגע צייט פון יאהר איז קיין אלגעמיינע שלאכט ניט פארגעקומען נאהענט פון וואשינגטאן. אין דיא וועסט זיינען פעדעראליסטישע ארמעען אונטער דיא גענעראלען ליאן, פרעמאנט און האלעק געווען טהעטיג, און לאנגזאם האבען זיי ארויסגעטריבען דיא קאנ־פעדעראטען חיל פון מיזורי, וועלכען שטאאט זיי האבען אויף דעם אופן גערע־טעט פאר דיא נארד.

310. פלענער פון דיא נארד צו פיהרען דיא מלחמה. (1861) — פאר פרעזידענט לינקאלן און זיינע יועצים איז געווען קלאהר דאס אום צו זיעגען זיינען נויטווענדיג: (1) צו האלטען און האבען א פאלשטענדיגע קאנטראלע איבער דעם טייך פאטאמעק, און, אויב מעגליך, איינגעהמען ריטשמאנד; (2) צו האלטען אפען דעם טייך מיסיסיפי ביז׳ן ים, אום אויף דעם אופן צו צוטיילען דיא רעבעלישע שטאאטען; און (3) דורכצופיהרען א שטרייננגע בלאקאדע פון דיא זיד האפענס ביים ים אום אויף דעם אופן צו פערהאקען יעדען וועג פאר דיא זיד צו קריגען פראוויאנט פון אויסלאנד.

דיא קרייצער־שיפען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען האבען געטהאן אלעס וואס איז געווען אין זייער קראפט דורכצופיהרען דיא בלאקאדע וועלכע איז ערקלערט געווארען פון פרעזידענט לינקאלן, נור זעהר אפט פלעגען זיי פון דאס שלעכטע וועטער זיין געצוואונגען אבצוטרעטען פון זייער פאסטען אויף׳ן ים, און דאן פלעגען זיך שיפען אריינ׳גנב׳ענען און ארויס׳גנב׳ענען. ווען עס וואלט מעגליך געווען איינצונעהמען מאנכע פון דיא האפענס וואלט דיא בלאקאדע געקענט דורכגעפיהרט ווערן מיט מעהר ערפאלג און מיט וועניגער שוועריגקייט.

ביים ברעג ים, פון דעם טייך פאטאמעק ביז דעם טייך ריא גרענד, האט דיא פעראייניגטע שטאאטען געהאט אונטער איהר קאנטראלע נור צוויי פעסטונגען: דיא פעסטונג מאנראו, ביים ענדע פון טייך דזשיימס, און דיא פעסטונג פיקענס, ניט ווייט פון פענסאקאלא, פלארידא. דיא פעסטונג פיקענס איז געהאלטען גע־ווארען דורך א סטראטעגיקע וואס איז געווען עהנליך צו דיא וועלכע מאיאר ענדערסאן האט געברויכט ביי דער פעסטונג סאמטער, און זיא האט אויסגעהאל־טען אלע אטאקעס וואס זיינען אויף איהר געמאכט געווארען.

pride" was believed by the northern army and people to be the one man who could bring success to the Union cause.

McClellan organizes the "Army of the Potomac."

For the next eight or nine months McClellan did little else than drill and organize armies; the South did likewise, and for the rest of the year no general engagement took place near Washington. In the West, under Generals Lyon, Frémont, and Halleck, the Confederate forces were gradually driven out of Missouri, and the state saved to the Union.

Northern plans, 1861.

310. **Northern Plans for the Campaign.** (1861.) — It was clear to President Lincoln and his advisers that in order to insure success it would be necessary (1) to hold the line of the Potomac, and if possible, take Richmond; (2) to open the Mississippi to the sea, thus dividing the Confederacy; and (3) to maintain a close blockade of the seaports, thus cutting off from the South any supplies from abroad.

The blockade.

The United States cruisers had done what they could to make effective the blockade proclaimed by President Lincoln, but they were frequently driven off by stress of weather, and vessels meanwhile would steal in and out. If it were possible to capture some of the ports, it would make the blockade much more effective and less difficult.

On the coast from the Potomac to the Rio Grande, the United States held only two forts; Fortress Monroe at the mouth of the James, and Fort Pickens, near Pensacola, Florida. Fort Pickens was retained by a stratagem similar to that of Major Anderson at Fort Sumter, and had resisted all attacks.

Union expedition to Hatteras Inlet.

In the summer of 1861 a Union naval expedition was fitted out, which took Hatteras Inlet and the forts defending it. Later, another expedition took Port Royal,

have been on the part of the Federals a well-planned, well-executed battle, until the arrival of reënforcements for the Confederates at a moment opportune for their cause gave them the day, when the Union defeat soon became a rout.

So severely had the victors suffered that they did not attempt to follow up their advantage. Johnston, the Confederate general, said, "The Confederate army was more disorganized by victory than the United States by defeat."

**308. Importance of Bull Run.** (1861.) — The importance of the battle of Bull Run was threefold: first, in its effect upon the North; second, on the South; and third, in its effect upon Europe. The men at the North, at first surprised and then dismayed, recognized that the conflict was to be no child's play, or even a "ninety days' campaign," and prepared with dogged earnestness for "three years or the war"; the Confederates became overconfident. The European governments were led to believe that the battle indicated superiority in the generalship and fighting qualities of the Confederates, and that ultimate victory would be with them. The consequence was that, with the exception of Russia, the European governments, as far as was practicable with a professed neutrality, directly and indirectly favored the South. This was specially the case with England and France. Importance of Bull Run.

**309. McClellan; Army of the Potomac; the West.** (1861.) — George B. McClellan, who had gained prominence in the campaign in western Virginia, was called to Washington with the concurrence of General Scott, to command what had become the "Army of the Potomac." McClellan

General McClellan had been educated at West Point, had seen service in the Mexican War, but above all had been successful in Virginia, so "Little Mac, the soldiers'

שלאַכט, וועלכע איז אויסגעפאָכטען געוואָרען אונגעפעהר דרייסיג מייל זידוועסט פון וואַשינגטאָן, האָט געטריבען דיא עפענטליכע מיינונג, וועלכע האָט געפאָדערט אַז דיא אַרמעע זאָל וואָס גיכער עפּעס טהאָן. וויא עס ווייזט אויס האָבען דיא פעדעראַליסטען געפּלאַנעוועט דיזען צוזאַמענשטויס מיט גרויס פאָרזיכטיגקייט, הגם דאַמאָלס האָבען אַלע געמיינט אַז אַ צופאַל האָט צוזאַמענגעבראַכט ביידע אַרמעען. דער פּלאַן פון דער שלאַכט איז אויך גוט דורכגעפיהרט געוואָרען, אָבער דיא קאָנפעדעראַטען האָבען אין גינסטיגען מאָמענט צוגעקראָגען פרישע חיל און זיי האָבען געהאַט אַזאַ גרויסען זיעג, דאָס דיא פעדעראַליסטען האָבען געמוזט מאַכען פּליטה אין דער גרעסטער אונאָרדנונג.

דיא זיעגער אַליין האָבען אָבער אַזוי שטאַרק געליטען פון דיזער שלאַכט, דאָס זיי האָבען אַפילו קיין פערזוך ניט געמאַכט נאָכצויאָגען דיא געשלאָגענע אָדער פערכאַפּען וויכטיגע פּונקטען. דזשאַנסטאָן, דער קאָנפעדעראַטען גענעראַל, האָט געזאָגט דאָס "דיא קאָנפעדעראַטען אַרמעע איז מעהר צופאַלען געוואָרען פון איהר זיעג וויא דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון איהר נידערלאַגע".

308. דיא וויכטיגקייט פון בול ראָן. (1861) — דיא שלאַכט פון בול ראָן האָט געהאַט אַ דרייפאַכע וויכטיגקייט: ערשטענס, מיט איהר ווירקונג אויף דיא נאָרד; צווייטענס, אויף דיא זיד; און דריטענס, מיט איהר ווירקונג אויף אייראָפּאַ. דיא איינוואָהנער פון נאָרד, צוערשט איבערראַשט און דערנאָך היבש אַרונטערגעפאַלען ביי זיך, האָבען איינגעזעהן דאָס דער קאַמפּף וועט ניט זיין קיין קינדער־שפּיעל, אָדער בלויז אַ "מלחמה אויף נייןציג טעג", און זיי האָבען זיך גענומען גרייטען מיט פעסט ענטשלאָסענע ערנסטקייט אויף אַ "מלחמה פון דריי יאָהר". דיא קאָנפעדעראַטען וויעדער האָבען צופיעל אויפגעהויבען דעם קאָפּ און געמיינט אַז עס וועט זיי כסדר געהן גוט. דיא רעגיערונגען פון אייראָפּאַ האָבען געצויגען אַ שלוס אַז דיא שלאַכט פון בול ראָן האָט בעוויזען דאָס דיא קאָנפעדעראַטען האָבען בעסערע מיליטערישע פיהרער און געשיקטערע סאָלדאַטען, און דארום וועט דער סוף זיין אַ נצחון אויף דער זייט פון זיד. דער רעזולטאַט איז געווען דאָס אַלע אייראָפּעאישע רעגיערונגען, אויסער פון רוסלאַנד, האָבען דירעקט און אינדירעקט געהאַלטען מיט דיא קאָנפעדעראַטען, הגם זיי האָבען אויף וויא ווייט עס איז נור געווען פּראַקטיש אָנגעצויגען אַ מאַסקע פון נייטראַליטעט. דאָס איז הויפּטזעכליך געווען דער פאַל מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך.

309. מעקלעלאַן; דיא אַרמעע פון פּאָטאָמעק; דיא וועסט. (1861) — דזשאָרדזש ב. מעקלעלאַן, וועלכער איז געוואָרען בעריהמט אין דעם קאַמפּף וואָס איז געפיהרט געוואָרען אין וועסט ווירדזשיניא, איז מיט דער צושטימונג פון גענעראַל סקאָט גערופען געוואָרען נאָך וואַשינגטאָן, צו קאָמאַנדירען דיא חיל וואָס האָבען זיך גערופען "דיא אַרמעע פון פּאָטאָמעק" — נאָך דעם גרויסען טייך פּאָטאָמעק ביי ווירדזשיניא.

דאס דיא זידליכע שטאאטען האבען ניט געהאט קיין פלאטע — א זעהר גרויסע נויטווענדיגקייט; אויך האבען זיי ניט געהאט קיין האנדעלס־שיפען וועלכע מען זאל קענען בענוצען אין דיא אינטערעסען פון דער מלחמה, און עס האבען ביי זיי געפעהלט מעכאניקער און דיא גאנצע נויטיגע מאשינעריי צו קענען אויף גיך אויפבויען שיפען. דיא נארד האט אין דיזער הינזיכט געהאט דאס וואס דער זיד האט געפעהלט און זיא האט כמעט גלייך געקענט דורכפיהרען א בלאקאדע פון דיא זידליכע האפענס, צו דעם גרויסען שאדען פון דער קאנפעדעראטען רעגיערונג.

307. "נאך ריטשמאנד"; בול ראן. (1861) — דריי טעג איידער דיא איינוואהנער פון ווירדזשיניא האבען געדארפט אבשטימען איבער דער פראגע פון ארויסטרעטען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, איז דיא הויפט־שטאט פון דער קאנפעדעראטען רעגיערונג אומגעביטען געווארען פון מאנטגאמערי, אלא־באמא, אויף ריטשמאנד, ווירדזשיניא. גלייך האט זיך אין דיא נארד אויפגעהויבען דער געשריי: "נאך ריטשמאנד". גענעראל ווינפיעלד סקאט, וועלכער האט קאמאנדירט דיא ארמעע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, האט זיך אויסגע־שפראכען געגען מאכען אירגענד וועלכען אנגריף מיט רויהע רעקרוטען, אי־בערהויפט נאך מיט מענער וואס האבען זיך איינגעשריבען אלס סאלדאטען אויף בלויז דריי חדשים. מען האט אבער ניט געקענט אין גאנצען אוועקמאכען אונ־טער'ן האנד דאס וואס דיא צייטונגען און דאס פאלק אין אלגעמיין האבען גע־פאדערט, און פארבערייטונגען זיינען געמאכט געווארען פאר אפמארשירען נאך ריטשמאנד.

דער אנדערער צד איז אבער אויך ניט געשלאפען. קאנפעדעראטען חיל זיינען אויסגעשטעלט געווארען ביי פערשיעדענע פונקטען אויף א ליניע וואס האט זיך געצויגען פון פעסטונג מאנראו, ביז טשעסאפיק בעי, אויף דיא גאנצע לייגג פון טייך פאטאמעק ביז הארפער'ס פערי. זיי האבען אויך בעוואכט דעם נארד־ליכען גרענעץ פון טענעסי און קענטאקי און א טייל פון מיזורי. זיי האבען בע־פעסטיגט פיעלע פלעצער ביים טייך מיסיסיפי אזוי גוט וויא ביי דיא טייכען קאמבערלענד און טענעסי און זיינען געווען אין אלגעמיין שטארק בעשעפטיגט מיט בויען פעסטונגען און בעשיצונגען פון יעדען זארט אויף דער גאנצער לייגג פון ים ברעג.

דער ערפאלג וואס דיא חיל פון דיא פעראייניגטע שטאאטען האבען געהאט אין וועסט ווירדזשיניא גלייך ביים אנפאנג פון דער מלחמה, האט געמאכט אז פיעלע אין נארד זאלען זיך איינריידען דאס דער קאמפף וועט לאנג ניט אנהאלטען; זאגאר סעקרעטער סיווארד (פון אויסערליכע אנגעלעגענהייטען) האט דאן געזאגט דאס דיא מלחמה וועט זיין צו ענדע אין ניינציג טעג.

באלד איז אבער געקומען דיא ערשטע גרויסע שלאכט פון דעם בירגער קריעג — בול ראן, בעקאנט אין דיא זידליכע שטאאטען אלס מאנאסאס. צו דיזער

nor mechanics or shipyards for the rapid construction of vessels. The North, possessing in these respects what the South lacked, was able almost immediately to establish a blockade of the southern ports, to the very great disadvantage of the South.

"On to Richmond."

**307. "On to Richmond"; Bull Run.** (1861.) — Three days before the people of Virginia were to vote upon the question of secession, the capital of the Confederate States was moved from Montgomery, Alabama, to Richmond, Virginia. Immediately the cry in the North was "On to Richmond." General Winfield Scott, who was in command of the United States army, was opposed to any forward movement with raw troops, especially with men who had enlisted for only three months. But the cry of the newspapers and the people at large could not be wholly ignored, and preparations were made for an advance toward Richmond.

Confederate lines.

Confederate troops had been stationed at various points on a line from Fortress Monroe on Chesapeake Bay, along the Potomac River to Harper's Ferry. They held also the northern border of Tennessee and Kentucky and part of Missouri. The Confederates had fortified many places on the Mississippi River as well as points on the Cumberland and Tennessee rivers, and were building forts and defences of every kind along the coast.

The success of United States troops in the early campaign of West Virginia gave an undue confidence to the northern people; even Secretary Seward said that the war would be ended in ninety days.

Bull Run, July 21, 1861.

The result of the pressure to advance was the first battle of Bull Run, known in the South as Manassas, fought about thirty miles southwest of Washington. Contrary to the general opinion at the time, it appears to

306. **The Territory and Advantages of the South.** (1861.) — Few in the North or South anticipated the magnitude of the impending struggle, or understood clearly the principles involved. The seceded states stretched from the Atlantic to the extreme western point of Texas, and from the Gulf of Mexico nearly to the line of 36° 30′, to which must be added the greater part of Virginia. Their territory comprised about 800,000 square miles, with a population of nearly 9,000,000, including 3,500,000 slaves; their northern line was more than 2000 miles, and their coast-line more than 3000 miles in length. It was indeed a vast territory and a large population, but the resources of the North were far greater; and if other nations did not interfere, everything favored northern success. **Territory and advantages of the South.**

In some respects the people of the South had the advantage. Acting on the defensive, they needed fewer men; while the North had not only to attack, but also to hold the places which might be taken. **The South on the defensive.** Many of the ablest officers of the United States army in 1860 were southern men. Such were Generals Robert E. Lee, Joseph E. Johnston, and P. G. T. Beauregard. **Able southern officers.** Almost all the officers of any note in the southern army had been educated at West Point. When their states seceded they resigned their commissions in the United States army and joined the southern forces. A large part of the military supplies in the country was stored in southern forts.

Again, the South could send all her best fighting men to the front, as she had slaves to work on the plantations, and to perform the manual labor required in the country. **South had no navy.** Several of these advantages were only temporary, but they gave the South a good start. On the other hand, the South had no navy, — a most serious lack, — neither had she merchant vessels which could be pressed into service,

**306. דיא טעריטאריע און פארציגע פון דיא זידליכע שטאאטען.**
(1861) — זעהר ווענינ מענשען אויף איין זייט אדער דער אנדערער האבען זיך פארגעשטעלט דיא אונגעהייערקייט פון דעם פארשטעהענדען קאמפף, אדער האבען פערשטאנען קלאהר דיא פרינציפען איבער וועלכע מען איז געשטאנען בערייט צו פערגיסען בלוט. דיא רעבעלירענדע שטאאטען האבען זיך געצויגען פון דעם אטלאנטישען אקעאן ביז דעם וויטעסטען ועסטליכען פונקט פון טעקסעס, און פון דעם מעקסיקאנישען גאלף ארויף־צו ביז כמעט א ליניע פון 36 און א האלבען גראד נארדליכער ברייט, צו וועלכען עס מוז נאך צוגערעכענט ווערן דער גרעסטער טייל פון ווירדזשיניא (זעה קאלירטע קארטע צווישען דיא זייטען 332 און 333). דער שטח פון דיזער טעריטאריע האט ענטהאלטען אן 800,000 קוואדראטנע מייל מיט א בעפעלקערונג פון כמעט 9,000,000, צווישען וועלכע עס זיינען געווען 3,500,000 שקלאפען. דער נארדליכער גרענעץ האט זיך געצויגען איבער 2000 מייל, און דער ברעג ביים ים איז געווען איבער 3000 מייל דיא לייננ. גאנץ געוויס, עס איז געווען א געוואלדיג גרויסע טעריטאריע און א גרויסע בעפעלקערונג, אבער דיא נארדליכע שטאאטען זיינען געווען זעהר פיעל רייכער, און אויב אנדערע נאציאנען זאלען זיך ניט אריינמישען האט אויסגעוויזען פון אנפאנג אז ערפאלג וועט זיין אויף דער זייט פון נארד.

אין מאנכע הינזיכטען האבען דיא איינוואהנער פון זיד געהאט דעם פארצוג. אזוי וויא זייער אבזיכט איז געווען נור זיך פערטיידיגען, איז פאר זיי נויטיג געווען ווענינער חיל. דיא נארד אבער האט ניט נור געדארפט אטאקירען, זאנדערן אויך צו האלטען דיא פלעצער וועלכע ווערן איינגענומען. פיעלע פון דיא פעהיגסטע אפיצירען פון דער ארמעע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען זיינען געווען איינוואהנער פון דיא זידליכע שטאאטען. אזעלכע זיינען געווען דיא גענעראלען ראבערט ע. לי, דזשאזעף ע. דזשאנסטאן און פ. ג. ט. בארגארד. כמעט אלע אפיצירען מיט א שטיקעל נאמען אין דער ארמעע פון דיא זידליכע שטאאטען זיינען אויסגעבילדעט געווארען אין וועסט פאינט. ווען זייערע שטאאטען האבען זיך אבגעריסען, האבען דיזע אפיצירען זיך צוריק געצויגען פון זייערע שטעלען און האבען זיך אנגעשלאסען אן דער זיד ארמעע. א גרויסער טייל פון דעם מיליטערישען פראוויאנט פון לאנד איז געלעגען אין זאפאס אין דיא זיד פעסטונגען.

און ווידער, דיא זידליכע שטאאטען האבען לייכט געקענט שיקען זייערע בעסטע קעמפפער צום גרענעץ אויף דער מלחמה, ווייל זיי האבען געהאט שקלאפען צו ארבייטען אויף דיא פלאנטאציעס און צו טהאן אלע אנדערע פראסטע ארבייט אין לאנד. אמת, מאנכע פון דיזע פארציגע האבען אפילו ניט געדויערט לאנג, אבער זיי האבען געגעבען דיא זידליכע שטאאטען א גוטען אנפאנג. נור בעטראכטענדיג דעם מעדאל פון דער אנדערער זייט, מוז פערצייכענט ווערן

אריינמישען אין פאַל עס זאָל אויסברעכען אַ מלחמה צווישען דיא צוויי טיילען פון אַמעריקאַ.

305. דער פערגלייך פוןביידע טיילען פאָרטגעזעצט. (1861) — מי־נעסאָטאַ און אָרעגאָן זיינען אריינגענומען געוואָרען אין דיא פעראייניגטע שטאַ־אטען אַלס פרייע שטאַאטען און קענזעס איז יעדען מאָמענט געווען בעריט אריינצוקומען. דיא קאָנטראָלע פון דעם סענאַט האָבען דיא שקלאַפען שטאַאטען פערלאָרען אין גאַנצען, אָהן דיא מינדעסטע האָפנונג צו קענען עס ווען צוריק בעקומען. דיא בעפעלקערונג פון דיא פרייע שטאַאטען איז געווען 19,128,418; פון דיא שקלאַפען שטאַאטען 12,315,372; אָבער אַ גרויסער טייל פון דיזער צאָהל האָט זיך געפונען אין דיא גרענעץ־ שטאַאטען (זעה ביילאַגע 6, ענדע בוך). מיט דער אויסנאַהמע פון ניו אָרלינס האָט זיך אין זיד פון דיא גרענעץ־שטאַאטען ניט געפונען קיין איין גרויסע שטאָט. ניט רעכענענדיג מערילענד און דעלאַווער, איז דיא צאָהל פון דיא פאַבריקען אין דיא זידליכע שטאַאטען געווען אונבע־דייטענד. דיא ציפער וועגען רייכטהום בעווייזען אַז ווייט, ווייט דער גרעס־טער טייל פון דעם קאַפּיטאַל וועלכע דאָס לאַנד האָט פערמאָגט האָט זיך געפונען אין דיא פרייע שטאַאטען.

יעדער טייל האָט אונטערשעצט דעם פאַטריאָטיזמוס, דיא אויסהאַלטונגס־קראַפט, דיא העלדישקייט און דאָס אינטעליגענץ פון דעם אַנדערן. דיא זידליכע שטאַאטען האָבען געדענקט דאָס דיא נאָרדליכע שטאַאטען זיינען שטאַרק אריינ־געטאָן אין געלד מאַכען און דאָס זיי וועלען בעסער אָפּפערן מיט יעדע זאַך איידער פערלירען זייערע דאָלערס; אויך האָבען זיי גערעכענט אַז ווען אפילו דיא איינוואָהנער פון דיא נאָרדליכע שטאַאטען זאָלען שוין טאַקע געהן מלחמה האַל־טען וועלען זיי קיין ווערטה ניט האָבען געגען דיא אויסגעצייכענטע קריעגער פון דיא זידליכע שטאַאטען; דערצו נאָך האָבען זיי געדענקט דאָס אין דיא נאָרד־ליכע שטאַאטען זיינען דאָ פיעלע וואָס סימפּאַטיזירען מיט דיא זידליכע שטאַ־אטען.

דיא נאָרדליכע שטאַאטען, פערקעהרט, האָבען געדענקט דאָס דיא זידליכע שטאַאטען מיינען נור צו ליאַרמען און שרעקען. ניט אַכטענדיג אויף דעם וואָס עס האָט פּאַסירט אין דיא פערגאַנגענע יאָהרען, האָבען דיא איינוואָהנער פון נאָרד ניט בעגריפען וויא שטאַרק דיא אידעע, דאָס יעדער שטאַאט איז אַ בעזונדער מלוכה פאַר זיך, איז געווען איינגעוואָרצעלט אין דיא הערצער פון דיא זיד איינוואָהנער; אויך האָבען זיי ניט געוואוסט ריכטיג מיט וואָס פאַר אַ טיעפע ליעבע דיא איינוואָהנער פון זיד זיינען געווען צוגעבונדען צו דיא שטאַאטען וואו זיי זיינען געבאָרען און ערצויגען געוואָרען — אַ ליעבע וואָס וואָלט אפילו געמאַכט דיא גרויסע קלאַסע וועלכע האָט קיין שקלאַפען ניט פערמאָגט צו קעמפפען ביז'ן לעצטען טראָפּען בלוט געגען יעדען פערזוך צו בעטרעטען מיט אַן אַרמעע זייער באָדען.


REFERENCE MAP
FOR THE
CIVIL WAR, 1861-65.
SCALE OF MILES
0 50 100 200
EXPLANATION:
Early Seceding States, thus.......YELLOW
Later Seceding States, thus.......GREEN
Blockading Vessels, thus
PENNSYLVANIA
HARRISBURG
Philadelphia
TRENTON
NEW JERSEY
Gettysburg
Chambersburg
Sharpsburg
Frederick
Baltimore
WASHINGTON
DOVER
Harper's Ferry
Manassas
Chancellorsville
Fredericksburg
Staunton
RICHMOND
Yorktown
Appomattox C.H.
Petersburg
FORTRESS MONROE
Norfolk
Lynchburg
Greensboro
RALEIGH
Goldsboro
New Bern
Charlotte
Fayetteville
Wilmington
FT. FISHER
Cape Fear
Cape Hatteras
ROANOKE I.
COLUMBIA
Athens
Atlanta
Augusta
Macon
Charleston
Beaufort
FT. SUMTER
Port Royal
Savannah
FT. PULASKI
TALLAHASSEE
Jacksonville
St. Augustine
Cedar Keys
Steubenville
WHEELING
Zanesville
COLUMBUS
Eagleport
Jackson
MORGAN'S RAID
SHERMAN'S MARCH
ATLANTIC OCEAN
Greenwich
81
77
37
33
29
from Washington
4
0



Longitude West
IOWA
NEBRASKA
KANSAS
MISSOURI
ILLINOIS
INDIANA
INDIANAPOLIS
SPRINGFIELD
JEFFERSON CITY
St. Louis
Missouri R.
Mississippi R.
Gasconade R.
Salem
Brandenburg
Bardstown
Ohio River
Cairo
Burkesville
FT. HENRY
FT. DONELSON
Cumberland R.
ISLAND No. 10
NASHVILLE
PEA RIDGE
INDIAN TY.
Arkansas R.
FT. PILLOW
Shiloh
Pittsburg Landing
Memphis
TENNESSEE
ARKANSAS
LITTLE ROCK
White R.
Corinth
Holly Springs
Tennessee R.
Red R.
Yazoo R.
Mississippi River
Black Warrior R.
Coosa R.
Tallapoosa R.
TEXAS
LOUISIANA
MISSISSIPPI
ALABAMA
Washita R.
Big Black R.
JACKSON
Shreveport
Sabine Cross Roads
Pleasant Hill
Canal
Vicksburg
Meridian
Tombigby R.
Alabama R.
MONTGOMERY
Pt. Gibson
Natchez
Pearl R.
Sabine R.
Flint R.
Port Hudson
Mobile
Pensacola
BATON ROUGE
FT. PICKENS
New Orleans
FT. ST. PHILIP
Galveston
GULF OF MEXICO
42
37
33
29
93
89
16
12

that even if the North could do without cotton, England and the continental nations would insist upon having it, and so would interfere in case of any war between the North and the South.

Minnesota admitted, 1858; Oregon, 1859.

**305. Comparison of the Sections continued.** (1861.) — Minnesota and Oregon had been admitted into the Union as free states, and Kansas was ready to come in at any moment. The control of the Senate had been hopelessly lost to the slave states. The population of the free states was 19,128,418; of the slave states, 12,315,372, but a large part of this population was in the border states (Appendix VI.). South of the border states there was no large city except New Orleans. Except in Maryland and Delaware the number of manufacturing establishments in the South was insignificant. The statistics of wealth showed that by far the greater part of the capital of the country was held in the free states.

North and South misunderstand each other.

Each section underestimated the patriotism, the endurance, the bravery, and the intelligence of the other. The South thought that the North was absorbed in money-getting, and would sacrifice anything rather than lose its dollars; and that if the men of the North did fight, the Southerners would be more than a match for them; it was also thought that very many in the North sympathized with the South.

On the other hand, the North thought the South meant only to bluster and threaten. Notwithstanding all the lessons of past years, northern men did not comprehend how firmly the doctrine of state sovereignty was fixed in southern hearts, nor did they appreciate the deep affection Southerners felt for their native states, which would make even the large class of non-slaveholders resent any invasion of their soil.

dependent upon foreign markets for supplies. In order to pay for these it was necessary to export cotton or tobacco, almost the only articles she produced which were wanted in Europe. The importance to the United States of maintaining the blockade will readily be seen. The Confederate States, assuming the position of an independent power, formally declared war against the United States in April.

Importance of the blockade.



THE CONFEDERATE FLAG.

**304. The Two Sections Compared.** (1861.) — It will be well to review briefly the condition of the whole country, and to compare the two sections now arrayed against each other. By the census of 1860 the population of the United States was found to have increased more than one-third over that of 1850. In material interests, railroads showed the most striking increase, there being a total of about 30,000 miles against 7500 in 1850. In shipping, every country except Great Britain was surpassed, while in agriculture the United States was first; the cotton crop alone was estimated at about five million bales of 400 pounds each. Manufactures were daily increasing and the country as a whole was a hive of industry. (See note, page 465.)

The North and South compared, 1861.

The increase in population and in wealth had been very largely in the free states. In these there was a variety of interests, such as farming, manufactures, fishing, transportation, and commerce. In the slave states, the cultivation of cotton and tobacco was followed, often to the exclusion of other crops. As a result, the South had depended on the North for many kinds of supplies; even the cotton and tobacco of the South had been exported in ships belonging to the North. Yet many of the southern leaders believed

בלאָקאדע. דיא קאָנפעדעראַטען רעגיערונג האָט אָנגעהויבען שפּיעלען דיא ראָלע פון אַן אונאבהענגיגע מאכט און האָט אין אַפּריל אָפיציעל ערקלעהרט קריעג געגען דיא פעראייניגטע שטאאטען.*)

304. דיא צוויי טיילען פון לאַנד פערגליכען. (1861) — עס איז דאָ נויטיג צו געבען אַ קורצען איבערבליק איבער דעם צושטאַנד אין גאַנצען לאַנד און צו פערגלייכען דיא צוויי טיילען וועלכע זיינען יעצט געשטאַנען גרייט פאר אַ ביטערן קאמפּף איינער געגען צווייטען. דער צענזוס פון 1860 האָט בעוויזען דאָס זייט 1850 האָט זיך דיא בעפעלקערונג פון דיא פעראייניגטע שטאאטען פערגרעסערט אויף מעהר וויא אַ דריטעל. וואָס אָנבעלאַנגט מאַ־טעריעלען פאָרשריט האָבען דיא אייזענבאַהנען בעוויזען דעם גרעסטען געווינס. אָנשטאָט דיא 7500 מייל באהנען וואָס אַמעריקאַ האָט געהאַט אין 1850 זיינען יעצט געווען אונגעפעהר 30,000 מייל. אין דער שיף־אינדוסטריע האָט אַמעריקאַ איבערשטיגען יעדע מדינה חוץ ענגלאַנד, וועהרענד אין אַגריקולטור איז זיא געווען דיא ערשטע; אליין דיא בוימוואָל ערנטע איז גערעכענט געוואָרען ביי אַ פינף מיליאָן פּעק פון 400 פונט יעדע. דיא צאָהל פון פאַבריקען האָט זיך געהאַלטען אין פערגרעסערן מיט יעדען טאָג און דאָס גאַנצע לאַנד האָט אָבגע־קלונגען מיט אינדוסטריעלע טהעטיגקייט (זעה בעמערקונג אונטען אויף דער זייטע 465).

דער וואוקס אין בעפעלקערונג און אין רייכטהום איז הויפּטזעכליך געווען אין דיא פרייע שטאאטען. אין דיזע שטאאטען האָט מען זיך בעשעפטיגט מיט פערשיעדענע זאכען, וויא לאַנד־ארבייט, פאַבריקאציע, פישעריי, טראַנספּאָר־טאציע און האַנדעל. אין דיא שקלאַפען שטאאטען האָט מען זיך אָבגעגעבען מיט קולטיווירען בוימוואָל און טאבאַק אויף אזוי פיעל דאָס זעהר אָפט האָט מען גאָר קיין אַנדער זאך ניט אָנגעהויבען צו פּערזעען. דער רעזולטאַט איז געווען דאָס דיא זידליכע שטאאטען האָבען געמוזט קריגען פערשיעדענע'ליי זאָרטען פּראָוויאַנט אין דיא נאָרדליכע שטאאטען; אפילו דאָס בוימוואָל און טאבאַק פון דיזע שטאאטען האָט מען עקספּאָרטירט אין שיפען וואָס האָבען בעלאַנגט צו דיא נאָרדליכע שטאאטען. פון דעסטוועגען האָבען פיעלע פיהרער פון דיא זידליכע שטאאטען געגלויבט דאָס אפילו ווען דיא נאָרדליכע שטאאטען זאָלען קענען אויסקומען אָהן בוימוואָל, וועלען ענגלאַנד און דיא אַנדערע אייראָפּעאישע נאציאָנען עס דורכאויס מוזען האָבען, און אויף דעם אופן וועלען זיי זיך מוזען

*) אויף דער ענגלישער זייטע 333 געפינט זיך אַ בילד פון דער קאָנפעדעראַטען פלאַג.

טענעסי, ארקענסא און ווירדזשיניא אָנגעשלאָסען אָן דיא קאָנפעדעראַטען שטאַאטען. קענטאַקי, מערילענד און מיזורי זיינען פערבליבען צווישען דיא פעראייניגטע שטאאטען, הגם זיי האָבען ביי זיך געהאט פיעלע וואס האָבען געוואָלט מען זאָל זיך אָברייסען. אין דעלאווער איז געווען ווייניג אָדער גאָרניט קיין סימפּאַטיע פאר דער אידעע פון אָברייסען זיך.*)

303. **דיא בלאָקאַדע.** (1861) — אויף דער פּראָקלאַמאַציע וועלכע פּרעזידענט לינקאָלן האָט אַרויסגעלאָזען דעם 15טען אַפּריל איז גלייך געקומען אָן ענטפער פון דזשעפערסאָן דייוויס, פּרעזידענט פון דער קאָנפעדעראַטען רעגירונג.**) דיזער ענטפער, וועלכער איז דאַטירט דעם 17טען אַפּריל, האָט אָנגעבאָטען צו פּריוואַטע פּערזאָנען ערלויבנים־פּאַפּיערען צו כאַפּען שיפען וואָס בעלאַנגען צו דיא פעראייניגטע שטאאטען. דאַן האָט לינקאָלן דעם 19טען ערקלערט אַ טיילווייזע בלאָקאַדע אויף דיא האַפענס פון דיא זידליכע שטאאטען, און דעם 23טען איז שוין דיא בלאָקאַדע געמאַכט געוואָרען אַ פאָלשטענדיגע. אזוי וויא דיא זידליכע שטאאטען האָבען געהאט ווייניג פאַבריקען, זיינען זיי געווען שטאַרק אָבהענגיג אויף אויסלענדישע מאַרקען פאַר זייער פּראָוויאַנט. אום צו בעצאָהלען פאַר דיא סחורות וואָס זיי קויפען אין אויסלאַנד איז געווען נויטיג צו עקספּאָרטירען בוימוואָל אָדער טאַבאַק, כמעט דיא איינציגע אַרטיקלען וואָס איירָאפּאַ האָט ביי זיי געקענט קויפען. פון דעם קען מען שוין זעהן וויא וויכטיג עס איז געווען פאַר דיא פעראייניגטע שטאאטען דורכצופיהר'ען דיא

---

*) דיא שטאאטען האָבען זיך אָבגעריסען אין דער פאָלגענדער אָרדנונג: **אַרקענסאָ,** דעם 6טען מאַי; נאָרד קעראָליינא, דעם 20טען מאַי; ווירדזשיניא, דעם 23טען מאַי; טענעסי, דעם 8טען יוני. אין קיין שטאאט איז דיא האַנדלונג ניט גוט־געהייסען געוואָרען פון אַ פּרייע, אַלגעמיינע אוראַבשטימונג. ווירדזשיניא און טענעסי זיינען שוין געווען אין דיא הענד פון דיא קאָנפעדעראַטען סאָלדאַטען ווען דיא אוראַבשטימונג איז דאָרט גענומען געוואָרען, און אין דיא אַנדערע שטאאטען האָט מען גאָר קיין אוראַבשטימונג ניט גענומען.

**) דזשעפערסאָן דייוויס איז געבאָרען געוואָרען אין קענטאַקי, דעם 3טען יוני, 1808. ער האָט געענדיגט דיא מיליטערישע שולע פון וועסט פּאָינט אין 1828. אין 1831—1832 האָט ער געדיענט אין דער אינדיאַנער "בלעק האָוק" מלחמה און האָט אויך געטהאָן אַנדערע מיליטערישע אַרבייט אין דיא ווייטע וועסטליכע טעריטאָריע. ער האָט זיך אַרויסגעקליבען אין מיסיסיפּי און איז דאָרט ערוועהלט געוואָרען קאָנגרעסמאַן. ער האָט פון דעם אַמט רעזיגנירט, אום צו קענען בעטייליגען זיך אין דער מעקסיקאַנער מלחמה, און האָט זיך אויסגעצייכענט. אין 1847—1853 איז ער געווען סענאַטאָר פון מיסיסיפּי און אין 1853—1857 האָט ער בעקליידעט דעם אַמט פון קריעגס סעקרעטער. נאָכדעם איז ער ווידער אויסגעקליבען געוואָרען סענאַטאָר. פון דיזען אַמט האָט ער אָבגעדאַנקט דעם 21טען יאַנואַר, 1861, אום צו ווערן פּראָוויזאָרישער פּרעזידענט פון דיא קאָנפעדעראַטען שטאאטען. דעם 21טען נאָוועמבער, 1861, איז ער געוועהלט געוואָרען פּרעזידענט אויף זעקס יאָהר. אין מאַי, 1865, האָט מען איהם גענומען געפאַנגען און געהאַלטען צוויי יאָהר לאַנג אין דער פעסטונג מאָנראָ. מען האָט איהם דערנאָך אַרויסגעלאָזט אויף בירגשאַפט, אָבער מען האָט איהם קיינמאָל ניט געשטעלט צום פּראָצעס. ער איז געשטאָרבען אין ניו אָרלינס דעם 6טען דעצעמבער, 1889.

for troops by the Confederate government was answered with as great enthusiasm as that which responded to the call of Lincoln in the North.

Secession of North Carolina, Tennessee, and Virginia.

Upon the call of the United States government for troops "to put down the rebellion," North Carolina, Tennessee, Arkansas, and Virginia joined the Confederacy. Kentucky, Maryland, and Missouri, though containing many secessionists, remained in the Union, while in Delaware there was little or no sympathy with secession.[1]



JEFFERSON DAVIS.

JEFFERSON DAVIS was born in Kentucky, June 3, 1808. He graduated at West Point in 1828. He served in the Black Hawk War, 1831–1832, and on other frontier duty. He removed to Mississippi, and was sent to Congress. He resigned to join the army in the Mexican War, where he acquitted himself with great credit. He was senator from Mississippi, 1847–1853, and Secretary of War, 1853–1857, when he was again chosen senator. He resigned January 21, 1861, and was chosen provisional President of the Confederate States, February 9, 1861, and President for six years, November 21, 1861. He was taken prisoner in May, 1865, and confined in Fortress Monroe for two years, when he was released on bail, but was never brought to trial. He died in New Orleans, December 6, 1889.

Blockade of the southern ports.

**303. The Blockade. (1861.)**—Jefferson Davis, the President of the Confederacy, replied to Lincoln's call for troops and proclamation of April 15 by a proclamation on the 17th offering "letters of marque and reprisal" against the United States. Lincoln, on the 19th, proclaimed a partial, and on the 23d, a general, blockade of southern ports.

As the South had few manufactures, she was largely

[1] The states seceded in the following order: Arkansas, May 6; North Carolina, May 20; Virginia, May 23; Tennessee, June 8. In no case was the action ratified by a free, popular vote. Both Virginia and Tennessee were in the possession of the Confederate troops when the vote was taken in those states, and no vote was taken in the others.

sympathized wholly with the South, the news of the fall of Sumter seemed to unite the people of the free states.

When President Lincoln, on April 15, two days after the surrender, issued his call for seventy-five thousand volunteers, "to maintain the honor, the integrity, and the existence of our national union," the answer was prompt. More men than were called for volunteered by thousands, and provisions, money, arms, and supplies of all kinds were tendered by states and by individuals. Lincoln calls for volunteers.

The first care of the Federal government was to provide for the safety of the city of Washington, for there was a strong probability that Virginia would secede. What course the state of Maryland would pursue was uncertain; for though the politicians and the people of the southern counties were in sympathy with the South, the majority of the people of the state disapproved of secession. At the time, however, the true condition of affairs was difficult to ascertain, and it was due to the promptness of the national government, and the skill of the governor, supported by a few able and prominent men, that the state did not secede. Position of Virginia and Maryland.

As the Sixth Massachusetts regiment was passing through the city of Baltimore, on the 19th of April, it was attacked by a mob, and several of the soldiers were killed. This was the first blood shed in the strife. For a few days the troops avoided Baltimore by going down Chesapeake Bay, landing at Annapolis, and proceeding thence to Washington. Direct communication was, however, soon resumed, and there was no more trouble with Maryland. Attack on Massachusetts troops in Baltimore April 19, 1861.

**302. Effect of the Fall of Sumter in the South and in the Border States.** (1861.) — The fall of Sumter united the North; it had a similar effect on the South. Many who thought secession inexpedient rushed to the defence of their states as soon as coercion was begun, and the call The fall of Sumter and the South.

דיא ערשטע זאָרג פון דער נאַציאָנאַלער רעגיערונג איז געווען צו זעהן אז דיא שטאָט וואשינגטאָן זאָל זיין געשיצט און בעוואָרענט, ווייל עס האָט אויס־געוויזען העכסט וואהרשיינליך דאָס אויך ווירדזשיניא וועט ארויסטרעטען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. עס איז ניט געווען זיכער וואָס פאַר א וועג מע־רילענד וועט נעהמען. דיא פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטיקער און דיא איינוואָהנער פון דיא זידליכע טיילען פון מערילענד האָבען אפילו סימפּאטהיזירט מיט דיא שקלאַפען־שטאאטען, אָבער דיא מאַיאָריטעט פון דיא איינוואָהנער אין גאנצען שטאאט איז געווען געגען ארויסטרעטען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דאָ־מאָלס איז אָבער ניט געווען מעגליך אויסצוגעפינען אויף ריכטיג וויא עס האַלט ; און עס איז נור א דאנק דיא שנעלקייט מיט וועלכע דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג האָט געהאַנדעלט, צוזאמען מיט דיא געשיקטקייט פון דעם גאָווערנאָר, וועלכער איז געהאָלפען געוואָרען פון עטליכע פעהיגע און בעוואוסטע מענשען, דאָס מע־רילענד האָט זיך ניט אָבגעריסען.

ווען דער זעקסטער מאססאטשוזעטס רעגימענט האָט דעם 19טען אַפּריל דורכגעמארשירט אין דער שטאָט באַלטימאָר, איז ער בעפאַלען געוואָרען פון א צורייצטער מאַסע און עטליכע פון דיא סאָלדאַטען זיינען דער׳הרג׳עט געוואָ־רען. דאָס איז געווען דיא ערשטע בלוט וואָס איז פערגאָסען געוואָרען אין דעם קאמפף. פאר א פּאָאר טעג לאַנג האָבען דיא חיל אויסגעמיעדען באַלטימאָר ; זיי זיינען געפאָהרען אויף דעם טשעסאַפּיק בעי, האָבען זיך אָבגעשטעלט ביי אַנאַפּאָליס, און האָבען פון דאָרט גענומען דעם וועג נאָך וואשינגטאָן. אָבער עס האָט ניט לאַנג גענומען ביז דער גלייכער וועג איז אויף דאָס ניי געברויכט געוואָרען און דיא רעגיערונג האָט מעהר קיין שוועריגקייטען ניט געהאַט אין מערילענד.

**302. וויא דער פּאַלען פון סאָמטער האָט געווירקט אין דיא זידליכע און גרענעץ שטאאטען.** (1861) — דער פאַלען פון דיא סאָמטער פעסטונג האָט פעראייניגט דיא נאָרדליכע שטאאטען ; אן עהנליכע ווירקונג האָט עס געהאַט אויף דיא זידליכע שטאאטען. פיעלע וואָס האָבען ניט געהאַלטען פאַר פּראַק־טיש אָבצוטיילען זיך פון בונד, האָבען זיך געאיילט צו פערטיידיגען זייערע שטאאטען אַזוי שנעל וויא דער ערשטער שאָס האָט זיך דערהערט ; און ווען דיא קאָנפעדעראַטען רעגיערונג האָט ארויסגעלאָזען אַן אויפרוף פאַר סאָלדאַטען, איז דער ענטפער פון פאָלק געקומען מיט ניט וועניגער ענטוזיאזמוס וויא ווען לינקאָלן האָט געמאַכט דעם אויפרוף אין דיא נאָרדליכע שטאאטען.

ווען דיא פעראייניגטע שטאאטען האָט ארויסגעלאָזען איהר אויפרוף פאַר סאָלדאַטען ״צו אונטערדריקען דעם אויפשטאנד״, האָבען זיך נאָרד קעראָליינא,

## פופצעהנטער קאַפּיטעל

# דער בירגער קריעג

301. וויא דער איינגעהמען פון דיא סאַמטער פעסטונג האָט גע־ווירקט; באַלטימאָר. (1861) — דער איינגעהמען פון דיא סאַמטער פעסטונג האָט געהאַט אַ וואונדערבארע ווירקונג. ביזהער האָבען וועניג מענשען אין דיא נאָרדליכע שטאאטען געגלויבט דאָס דיא זידליכע שטאאטען זיינען ערנסט. דיא מעהרסטע מענשען האָבען ביי זיך געטראַכט דאָס דיא שטרייט־ פראַגען צווישען נאָרד און זיד זיינען ריין פּאָליטישע און דאָס זיי וועלען שוין מסתמא געלייזט ווערן אויף אַ פריעדליכען אופן, וויא עס איז געווען מיט אַנדערע וויכטיגע פראַ־גען אין דער פערגאַנגענהייט. עס האָבען זיך זאָגאר געפונען אַזעלכע וויא האָריים גרילי, פון דער צייטונג "ניו יאָרק טריביון", וועלכע האָבען געטענה'ט דאָס אויב דיא זידליכע שטאאטען ווילען זיך אָבטיילען פון דיא פעראייניגטע שטאַ־אטען דארף מען זיי לאָזען געהן אין פריעדען. אָבער דיא מעלדונג דאָס דיא סאַמטער פעסטונג איז פון דיא קאָנפעדעראַטען איינגענומען געוואָרען האָט פעראייניגט דאָס פאָלק פון דיא פרייע שטאאטען — נאַטירליך, ניט רעכע־נענדיג דיא עטליכע וואָס האָבען אין גאַנצען סימפּאַטיזירט מיט דיא זידליכע שטאאטען.

ווען פּרעזידענט לינקאָלן האָט דעם 15טען אַפּריל, צוויי טעג נאָכדעם וויא דיא פעסטונג איז געפאַלען, אַרויסגעלאָזען זיין אויפרוף פאַר פינף און זיעבציג טויזענד פרייוויליגע סאָלדאַטען, "אום אויפצוהאַלטען דיא עהרע, דיא גאַנצקייט, און דיא עקזיסטענץ פון אונזער נאַציאָנאַלען בונד", איז דער ענטפער גלייך געקומען. עס האָבען זיך אָבגערופען פיעלע טויזענדער מעהר וויא מען האָט געוואָלט, און פון אַלע זייטען האָבען איינצעלנע מענשען אזוי גוט וויא שטאאטען אָנגעבאָטען פּראָוויאַנט, געלד, געוועהר און הילף פון יעדען זאָרט.

# CHAPTER XV.

## CIVIL WAR.

### REFERENCES.

A. B. Hart, Source-Book, Chap. xviii.; J D. Champlin, Young Folks' History of the War for the Union; H. C. Wright, Children's Stories of American Progress, Chap. xvii.

**Effect of the fall of Sumter.**

**301. Effect of the Fall of Fort Sumter; Baltimore. (1861.)** — The effect of the fall of Fort Sumter was mar-



FORT SUMTER BEFORE THE BOMBARDMENT.

vellous. Up to this time few in the North had believed that the South was in earnest; most persons had thought that the questions were political, and, like similar ones in the past, that they would in some way be peacefully settled. Others, like Horace Greeley of the *New York Tribune*, had said that if the South wished to go she should be allowed to go in peace. Except for the few who

Charleston harbor, and to this Major Anderson had replied. After a steady fire had been kept up for more than twenty-four hours, Major Anderson, having exhausted his ammunition and the barracks being on fire, surrendered, receiving the honors of war. Afterward with his troops he sailed to New York. No one was killed on either side during the bombardment.

Bombardment of Fort Sumter.

Anderson surrenders.

### SUMMARY.

Anti-Nebraska men take the name of Republicans. Charles Sumner was assaulted in the Senate chamber for his words against a southern senator. James Buchanan was in 1856 elected President by the Democrats. The Republicans carried eleven of the fifteen free states. The "Dred Scott Case" caused great indignation in the North. A severe commercial crisis occurred in 1857. An ocean telegraph cable was laid in 1858, but it soon ceased working. The silver mines of Nevada were developed in 1858, and the oil fields of Pennsylvania in 1859. An attempted insurrection of the slaves organized by John Brown, begun by him in 1859, was the occasion of much excitement. Brown was captured and executed.

The Presidential campaign of 1860 was an exciting one. Abraham Lincoln, nominated by the Republicans, was successful. South Carolina seceded in December, 1860, and was soon followed by Mississippi, Florida, Alabama, Georgia, and Texas. The Confederate States of America were set up February, 1861. Jefferson Davis and Alexander H. Stephens were chosen President and Vice-President respectively. Efforts for a peaceful solution of the difficulties were unsuccessful. Lincoln was inaugurated March 4, 1861. Fort Sumter in Charleston harbor was fired upon April 12, 1861. It was surrendered.

שטונדען און נאָכדעם וויא דיא אַמוניציאָן אין דער סאָמטער פעסטונג איז אויסגעגאַנגען און דיא קאַזאַרמעס דאָרטען האָבען אָנגעפאַנגען צו ברענען, האָט מאַיאָר ענדערסאָן זיך אונטערגעגעבען, קריגענדיג צוגעטיילט דיא עהרע וואָס ווערט געצייגט קריעגס-לייט אין אַזאַ פאַל. ער האָט נאָכהער צוזאַמען מיט זיינע סאָלדאַטען אָבגערייזט נאָך ניו יאָרק. פוןביידע צדדים איז קיין איינציגער ניט געפאַלען טויט בעת דיא באָמבאַרדירונג.

# קיצור פון דעם קאַפּיטעל

אַנטי-נעבראַסקאַ לייטע נעהמען אָן דעם נאָמען רעפּאָבליקאַנער. טשאַרלס סאָמנער איז צו'הרג'עט געוואָרען אין סענאַט פאַר שאַרפע אויסדריקע געגען אַ סענאַטאָר פון זיד. דזשיימס ביוקענען איז אין 1856 געוועהלט געוואָרען פון דיא דעמאָקראַטען אַלס פּרעזידענט. דיא רעפּאָבליקאַנער האָבען געוואונען עלף פון דיא פופצעהן שטאַאַטען. דער "דרעד סקאַט פּראָצעס" האָט פעראורזאַכט גרויס אויפרעגונג אין נאָרד. אין יאָהר 1857 איז געוועזן אַ גרויסער האַנדעלס-קריזיס. אין יאָהר 1858 איז געלייגט געוואָרען אין אָקעאַן אַ טעלעגראַפּישער דראָט, וועלכער האָט באַלד אויפגעהערט אַרבייטען. דיא זילבער מינען פון נעוואַדאַ זיינען ענטוויקעלט געוואָרען אין יאָהר 1858 און דיא פּעטראָל פעלדער פון פּענסילווייניאַ אין יאָהר 1859. אַן אָרגאַניזירטער פערזוך וואָס דזשאָן בראַון האָט געמאַכט אין 1859 אויפצובונטעווען דיא שקלאַפען האָט פעראורזאַכט פיעל אויפרעגונג. בראַון איז געפאַנגען און היינגעריכטעט געוואָרען.

דער פּרעזידענטען וואַהל-קאַמפּף אין יאָהר 1860 איז געוועזן אַן אויפרעגענדער. איבערהעם לינקאָלן, וועלכער איז אַרויסגעשטעלט געוואָרען פון דיא רעפּאָבליקאַנער, איז געוועזן ערפאָלגרייך. זיד קעראָליינאַ האָט זיך אָבגעריסען אין דעצעמבער, 1860, און איהר ביישפּיעל איז באַלד נאָכגעפאָלגט געוואָרען פון דיא שטאַאַטען מיסיסיפּי, פלאָרידאַ, אַלאַבאַמאַ, דזשאָרדזשיאַ און טעקסעס. דיא קאָנפעדעראַטען שטאַאַטען פון אַמעריקאַ זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען אין פעברואַר, 1861. דזשעפערסאָן דייוויס איז געוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט און אַלעקסאַנדער ה. סטיפענס אַלס וויס-פּרעזידענט. דיא בעמיהונגען צו בעזייטיגען דיא שוועריגקייטען אויף אַ פרידליכען אופן זיינען געוועזן ניט ערפאָלגרייך. לינקאָלן איז איינגעפיהרט געוואָרען אין אַמט דעם 4טען מערץ, 1861. דעם 12טען אַפּריל איז געשאָסען געוואָרען אויף דער פעסטונג סאָמטער אין האַפען פון טשאַרלסטאָן. דיא פעסטונג האָט זיך אונטערגעגעבען.

לינקאָלן'ס פריינדע, וועלכע האָבען מורא געהאט צו ריזיקירען אַן עפענטליכע רייזע, האָבען איהם צוגערעדט צו מאַכען אין געהיים דעם לעצטען טייל פון זיין רייזע נאָך וואשינגטאָן. לינקאָלן איז איינגעשוואָרען געוואָרען אין אמט דעם 4טען מערץ, אין דער אַנוועזענהייט פון אַ גרויסע צאָהל מיליטער וואָס גענעראל סקאט האט צוזאמענגעבראכט.

דיא רעדע וואָס לינקאָלן האָט געהאלטען ביים איינטרעטען אין אַמט איז געוועזען איבערבעטענד אין טאָן און ווייט פון אירגענד וועלכען וואונק וועגען אבזיכטען אָבצושאפען שקלאַפעריי. דיא לאַגע פון דער אדמיניסטראַציאָן איז געוועזען זעהר שווער. פיעלע רעגיערונגס בעאמטע האָבען סימפּאַטיזירט מיט דיא בירגער וואָס האָבען זיך אָבגעריסען פון בונד, און עס איז געוועזען כמעט אונמעגליך צו וויסען אין וועמען מען קען זיך אָנפערטרויען. דער פרעזידענט, הגם ער איז געוועזען איבערבעטענד, האָט באַלד געמאַכט קלאָר, אַז זיין אַדמיניסטראַציאָן וועט האַנדלען מיט ענטשלאָסענהייט.

300. דיא פעסטונג סאָמטער באָמבאַרדירט. (אַפּריל 12, 1861) — אַ קורצע צייט נאָכדעם וויא דער פרעזידענט איז איינגעפיהרט געוואָרען אין אַמט, האָט דער סעקרעטער פון אויסערליכע אנגעלעגענהייטען, וויליאַם ה. סיואַרד, זיך ענטזאגט צו אַנערקענען אַ דעלעגאַציאָן וואָס דער קאָנפעדעראַטען קאָנגרעס פון מאָנטגאָמערי האָט געשיקט צו פערהאַנדלען וועגען אָבטיילען זיך אויף אַ פריינדליכען אופן.*) דעם 8טען אַפּריל האָט דער גאָווערנאָר פון זיד קעראָליינאַ ערפאַהרען, דאָס פרעזידענט לינקאָלן האָט אָפיציעל בעקאַנט געמאַכט, אַז דיא פעסטונג סאָמטער וועט פערזאָרגט ווערן מיט פּראָוויאַנט און ווען נויטיג מיט דער הילף פון מיליטער, און דאָס עס זיינען געגעבען געוואָרען בעפעהלע צו שיקען אַהין אַ פלאָטע. דעם 12טען אַפּריל איידער דיא פלאָטע האָט ערגרייכט איהר ציעל, האָבען דיא קאָנפעדעראַטען אָנגעפאַנגען שיסען אויף דער פעסטונג סאָמטער פון דיא באַטערעען וואָס זיינען געוועזען אויפגעשטעלט ביי דיא ברעגען פון טשאַרלסטאָן האַפען, און מאַיאָר אַנדערסאָן האָט צוריק געענטפערט. נאָך אַ שיסעריי פון איבער פיער און צוואַנציג

*) וויליאַם ה. סיואַרד, וועמעס בילד געפינט זיך אויף דער ענגלישער זייטע 328, איז געבאָרען געוואָרען אין ניו יאָרק, דעם 16טען מאַי, 1801. ער האָט שטודירט יוריספּרודענץ, איז געוועהלט געוואָרען אין יאָהר 1838 אַלס גאָווערנאָר און איז געשיקט געוואָרען אין סענאַט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען אין 1849. ער איז געוועזען אַ פיהרער פון דיא וועהיגס וואָס זיינען געוועזען געגען שקלאַפעריי און אויך איינער פון דיא גרינדער פון דער רעפּאַבליקאַנער פּאַרטיי. ער איז אין יאָהר 1860 געוועזען קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, אָבער דיא פּאַרטיי האָט נאָכהער אַרויסגעשטעלט איינ:רעהעם לינקאָלן. אין דיא יאָהרען 1861—1869 איז ער געוועזען סעקרעטער פון אויסערליכע אַנגעלעגענהייטען און ער האָט געצייגט גרויסע פעהיגקייטען אין דיזען אַמט. ער איז געשטאָרבען איז אָבורן, ניו יאָרק, דעם 10טען אָקטאָבער, 1872.

him to travel secretly the last part of the way to Washington. He was inaugurated on the 4th of March, a large body of troops being present by arrangement of General Scott.

**Inauguration of Lincoln, 1861.**

Lincoln's inaugural address was conciliatory and far removed from anything like abolitionism. The situation of the new administration was difficult in the extreme; many of the office-holders were in sympathy with the secessionists, and it was almost impossible to know in whom to trust. The President, while conciliatory, soon made it clear that his administration would not be lacking in firmness.



W. H. SEWARD.

WILLIAM H. SEWARD was born in New York, May 16, 1801. He studied law. He was elected governor, 1838, and was sent to the United States Senate, 1849. He was a leading antislavery Whig and was one of the founders of the Republican party. He was a candidate for the Presidency in 1860, but Lincoln obtained the nomination. He was Secretary of State, 1861–1869, and showed great ability in his conduct of affairs. He died at Auburn, New York, October 10, 1872.

**300. Sumter fired upon. (April 12, 1861.)** — Shortly after the inauguration, the Secretary of State, William H. Seward, refused to recognize a delegation sent from the Confederate Congress at Montgomery, to treat for an amicable separation. On the 8th of April President Lincoln's official notification that Fort Sumter would be provisioned by force, if necessary, reached the governor of South Carolina, orders having been given to send a fleet thither. Before the fleet could reach its destination, the Confederates had opened fire upon Fort Sumter, April 12, by the batteries which had been built along the shores of

Fort Sumter fired upon April 12, 1861.

state authorities had thrown up on Morris Island fired upon her, and she returned without landing her supplies.

**299. Inauguration of Lincoln.** (1861.) — Before March, 1861, all the forts belonging to the United States in the seceded states, except Sumter in South Carolina, Pickens at Pensacola, Florida, and the defences at Key West, had been surrendered to the state authorities. Seven states had declared themselves out of the Union, and it was believed if any force were used to compel them to return to the Union the remaining slave states also would secede. The views of the people of the free states were unknown, though it was believed that many would be unwilling that an appeal should be made to force. Such was the condition of the country when the time for the inauguration of Lincoln drew near. Condition of the country, March, 1861.



ABRAHAM LINCOLN.

ABRAHAM LINCOLN, President 1861–1865, was born in Hardin County, Kentucky, February 12, 1809, and died April 15, 1865. Recent investigations show that his family was of good New England stock. His father moved to Indiana in 1816, and in 1830 to Illinois. Abraham Lincoln's early life was the hard, rough-and-tumble life of a frontier settler. He learned to chop wood and split rails, to help his father in carpentry, and in all kinds of farm work. He said of himself he went to school "by littles," and "in all it did not amount to more than a year." But he read every book and newspaper that he could get hold of, and everything he read he made his own. Whatever he undertook he mastered. He was a storekeeper, a postmaster, and a land surveyor; later he studied law, was elected to the Legislature, and was representative in Congress 1847–1849 (sect. 259). He was candidate for United States Senator in 1858, but was defeated by Stephen A. Douglas, with whom he had travelled through the state debating political questions. His kindly nature, great ability, and broad statesmanship gained for him the affection and confidence of the people to a degree unequalled except in the case of Washington.

The prospect was very discouraging. Some of Lincoln's friends, who feared the risk of a public journey, persuaded

קליינע צאָהל מענשען וואָס ער האָט געהאַט אונטער זיך. ענדליך האָט פּרעזידענט ביוקענען געשיקט קיין טשאַרלסטאָן דיא האַנדעלס־שיף "סטאַר אָוו דהי וועסט", מיט פּראָוויאַנט פאַר דיא סאָלדאַטען. אָבער אַ באַטערעע וואָס דיא שטאַאַט בעאַמטע האָבען אויפגעשטעלט אויף'ן אינזעל מאָריס האָט אָנגעפאַנגען שיסען אויף איהר און זיא האָט זיך צוריקגעקעהרט ניט אַרונטערלאָזענדיג דעם פּראָוויאַנט.

299. לינקאָלן איינגעשוואָרען אין אַמט. (1861) — פאַר דעם מאָנאַט מערץ, 1861, האָבען זיך אַלע פעסטונגען פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען אין דיא אָבגעריסענע שטאַאַטען אונטערגעגעבען צו דיא שטאַאַט בעאַמטע, מיט דער אויסנאַהמע פון דיא פעסטונגען סאַמטער אין זיד קעראָליינא, פּיקענס, אין פענסאַקאָלאַ, פלאָרידאַ, און דיא קליינע בעשיצונגען אין קי־וועסט. זיבען שטאַאַטען האָבען זיך ערקלערט פריי פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, און מען האָט געגלויבט אַז ווען מען וואָלט זיי געצוואונגען מיט געוואַלד צוריקצוקעהרען זיך צום בונד, וואָלטען דיא איבריגע שטאַאַטען וואו שקלאַפעריי איז אָנגענאָמען אויך אָבגעריסען. דיא אַנזיכטען פון פאָלק אין דיא פרייע שטאַאַטען זיינען געווען אונבעקאַנט, הגם מען האָט געגלויבט, אַז פיעלע וואָלטען געווען אונצופרידען ווען מען זאָל אַנווענדען געוואַלד־מיטלען. דאָס איז געווען דער צושטאַנד אין לאַנד אין דער צייט וואָס לינקאָלן האָט געדאַרפט איינגעפיהרט ווערן אין אַמט.*)

דיא אויסזיכטען זיינען געווען זעהר ניט קיין פרעהליכע. איינציגע פון

*) אייבערהעם לינקאָלן (זעה דאָס בילד אויף דער ענגלישער זייטע) איז געווען פּרעזידענט אין דיא יאָהרען 1861—1865. ער איז געבאָרען געוואָרען אין האַרדען קאונטי, קענטאַקי, דעם 12טען פעברואַר, 1809, איז געשטאָרבען דעם 15טען אַפּריל, 1865. דיא לעצטע אונטערזוכונגען צייגען, דאָס ער האָט געשטאַמט פון אַ יחוס פאַמיליע אין ניו ענגלאַנד. זיין פאָטער האָט אין יאָהר 1816 זיך בעזעצט אין אינדיאַנאַ און אין יאָהר 1830 אין אילינאָי. אין זיינע יונגע יאָהרען האָט אייבערהעם לינקאָלן געפיהרט דעם זעלבען שווערען זאָרט לעבען וואָס אַלע גרענעץ קאָלאָניסטען. ער האָט זיך אויסגעלערנט האַקען האָלץ, שפּאַלטען רעלסען, און האָט געהאָלפען זיין פאָטער אין סטאָלעריי און אין אַלערהאַנד דאָרפס־אַרבייט. ער פלעגט דערצעהלען וועגען זיך אַז ער האָט בעזוכט דיא שולע "ביסלעכווייז" און "אַלע ביסלעך צוזאַמענגענומען האָבען ניט בעטראָפען מעהר וויא איין גאַנץ יאָהר". אָבער ער האָט געלעזען אַזוי פיעל צייטונגען און ביכער וויפיעל ער האָט געקענט קריגען, און דאָס וואָס ער האָט געלעזען איז ביי איהם פערבליבען. צו וואָס ער האָט זיך גענומען האָט ער גוט געטויגט. ער איז געווען אַ קרעמער, אַ פּאָסטמאַסטער, אַ פעלד־מעסטער, האָט נאָכהער שטודירט יוריספּרודענץ, איז געוועהלט געוואָרען צום לעגיסלאַטור, און איז אין 1847—1849 געווען אַ פערטרעטער אין קאָנגרעס (זעה פּאַראַגראַף 259). ער איז געלאָפען פאַר סענאַטאָר אין יאָהר 1858, אָבער ער איז בעזיעגט געוואָרען פון סטיפען א. דאָוגלעס, מיט וועמען ער איז אַרומגעפאָהרען אין גאַנצען שטאַאַט און דעבאַטירט פּאָליטישע פראַגען. זיין גוטהערציגקייט, גרויסע פעהיגקייט און שטאַאַטסמאַנשאַפט האָבען געוואונען פאַר איהם דיא ליעבע און פערטרויען פון דאָס פאָלק אין אַ מאָס וואָס קיין אַנדערער אויסער וואַשינגטאָן האָט דאַצו ניט זוכה געווען.

פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, און דאס עס זאל געמאכט ווערן א פערזוך צו קומען צו א פשרה. דער שטאאט ווירדזשיניא האט איינגערופען אין וואשינגטאן א קאנפערענץ, אין וועלכער עס האבען זיך בעטייליגט דעלעגאטען פון איין און צוואנציג שטאאטען. אבער דיא פארגעשלאגענע ענדערונג אין דער קאנסטיטוציאן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען זיינען געווען ניט צופריעדענשטעלענד, און דער קאנפערענץ האט זעהר ווייניג אויפגעטהאן. ער האט בלויז געצייגט דאס זאגאר דיא געלאסענע בירגער פון לאנד קענען זיך ניט אייניגען אויף א פשרה.

298. אונטהעטיגקייט אין נארד; דיא סאמטער פעסטונג. (1861) — ביוקענען'ס קאבינעט איז געווען צוזאמענגעשטעלט טיילווייז פון זיד לייטע און איז געווען געטיילט אין זיינע מיינונגען. אייניגע מיטגליעדער האבען סימפאטיזירט מיט דיא זיד שטאאטען און אנדערע ווידער האבען ניט געהאלטען פון צוואנג־מיטלען. דער רעזולטאט דערפון איז געווען אן אונטהעטיגקייט ווען דיא אומשטענדען האבען פערלאנגט גראדע שנעלע און ענערגישע מיטלען. דיזע צעגערענדע און וואקלענדע אויפפיהרונג פון דער רעגיערונג האט געבראכט גרויס נוצען דיא פיהרער פון זיד.

אזוי שנעל וויא א שטאאט האט אנגענומען א בעשלוס אבצוררייסען זיך פון דיא איבריגע שטאאטען, האבען זיינע סענאטארען און פערטרעטער אין קאנגרעס פון דיא פעראייניגטע שטאאטען זיך צוריקגעצויגען פון זייערע עמטער. זיי פלעגען געוואוינליך נעהמען אבשייד פון קאנגרעס אין א רעדע. דיא רעגיערונג האט אונטער דער גאנצער צייט געטהאן ווייניג אדער גאר ניט פארצובערייטען זיך פאר א שטרייט, וועהרענד אין דיא זיד שטאאטען האט מען פערנומען דיא מיליטערישע פראוויאנט־מאגאזינען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען; מען האט מוסטירט דיא מיליץ און געמאכט אלע פארבערייטונגען פאר א בעוואפענטען ווידערשטאנד.

דיא פעסטונג מולטרי אין האפען פון טשארלסטאן, זיד קעראליינא, איז בעזעצט געווארען מיט א קליינע צאהל סאלדאטען אונטער דער קאמאנדע פון מאיאר ראבערט ענדערסאן. ערווארטענדיג אן אטאקע פון דיא שטאאט חיל, האט מאיאר ענדערסאן בעשלאסען איבערצוקלייבען זיך מיט זיין קליינע ארמעע אין דער פעסטונג סאמטער, אין האפען, וועלכע האט וויא עס שיינט געגעבען א בעסערע מעגליכקייט צו פערטיידיגען זיך, הגם זיא איז געווען אין א ניט־געענדיגטען צושטאנד.

אין אבענד פון 26טען דעצעמבער, 1860, האט ער איבערגעפיהרט זיינע סאלדאטען און דעם פראוויאנט, וועלכער איז געווען ווייניג זאגאר פאר דיא

Peace conference, 1861.

ference was called by Virginia to meet at Washington, and was attended by delegates from twenty-one states; but the proposed amendments to the Constitution were unsatisfactory, and the conference did little more than show that even the moderate men of the country could not agree on a compromise.

Inaction at the North.

298. **Inaction at the North; Fort Sumter.** (1861.) — Buchanan's Cabinet was composed in part of southern men, and was divided in sentiment; some members sympathized with the South, and some did not believe in coercion. The result was inaction when the times called loudly for prompt and vigorous measures. This halting and vacillating conduct of the government was of great advantage to the southern leaders.

As soon as a state had passed an ordinance of secession its senators and representatives in the United States Congress withdrew, generally taking leave of Congress in a speech. All this time the government was doing little or nothing to prepare for a conflict, while the southern states were seizing the United States stores of military supplies, drilling militia, and making every preparation for armed resistance.

Fort Sumter.

Fort Moultrie, in the harbor of Charleston, South Carolina, was garrisoned by a small body of troops under the command of Major Robert Anderson. Anticipating an attack by the state troops, he determined to remove his little force to Fort Sumter in the harbor, which though unfinished, seemed to offer a better chance of defence.

On the evening of December 26, 1860, he transferred his troops and supplies. These latter were scanty even for the few men that he had. At length President Buchanan sent a merchant steamer, the *Star of the West*, to Charleston with supplies for the garrison, but a battery which the

**296. Confederate Government; State Sovereignty.** — The government never was completely established, as no Supreme Court was organized. The sessions of the Congress were generally held in secret, and it did little but register the will of the executive branch of the government; the war powers granted to the executive, or exercised by it, overrode everything else. Confederate government.

In the conduct of the early secession movement there seems to have been an endeavor to copy the action of the colonies at the time of the Declaration of Independence. Everything was referred to conventions, and it was only after the war had begun that measures were referred to a popular vote.

So fully was the doctrine of state sovereignty held in the South that as soon as a state had seceded, even though the method may not have been approved, the citizens as a whole went with the state. Many who had spoken strongly against secession, chiefly on the ground of its being inexpedient, afterward supported the act in legislative assemblies and on the battle-field. State sovereignty.

**297. Buchanan; Peace Conference.** (1861.) — Meanwhile the United States Congress had met, and President Buchanan sent in his message, taking ground somewhat similar to that which Andrew Jackson had taken thirty years before.

But while denying the right of secession, Buchanan apparently doubted whether the United States had the legal power to coerce a state, and he refused to assume the responsibility of even attempting to take any such measure while Congress was in session. Buchanan's position.

It was natural that men's thoughts should be turned back to other crises in the history of the country, and that an effort to compromise should be tried. A peace con-

296. קאָנפעדעראַטען רעגיערונג; אויבערמאַכט פון שטאַאט. — דיא קאָנפעדעראַטען רעגיערונג איז קיינמאָל ניט פאָלשטענדיג צוזאַמענגע־שטעלט געוואָרען; דאָס העכסטע געריכט האָט מען גאָר ניט אָרגאַניזירט. דיא זיצונגען פון קאָנגרעס זיינען אָבגעהאַלטען געוואָרען אין געהיים, און מעהר וויא ערפילען דעם וואונש פון דעם פערוואַלטענדען צווייג פון דער רעגיערונג האָט דער קאָנגרעס ניט געטהאָן; דער קריעגס צושטאַנד האָט קאָנ־טראָלירט אַלעס און דיא קריעגס־מאַכט וואָס דיא רעגיערונג האָט געהאַט, אָדער אויסגענוצט, האָט בעהערשט יעדע אַנדערע זאַך.

אין דיא ערשטע טעג פון דער פעדעראַטען רעגיערונג האָט מען זיך קענטיג בעמיהט נאָכצואהמען דיא האַנדלונג פון דיא קאָלאָניעס אין דער צייט פון דער אונאַבהענגיגקייטס ערקלערונג. יעדע פראַגע איז איבערגעגעבען גע־וואָרען צו קאָנווענציאָנען. אָבער ערשט נאָכדעם וויא עס האָט אויסגעבראָכען קריעג האָט מען פאָרגעלייגט וויכטיגע בעשליסע צום פאָלק פאַר אוראַבשטי־מונג.

דיא לעהרע וועגען דיא אונאַבהענגיגקייט פון שטאַאט איז אַזוי שטאַרק געווען איינגעוואָרצעלט אין דיא זיד שטאַאטען, דאָס דיא בירגער האָבען געשטיצט יעדען שטאַאט אַזוי שנעל וויא ער האָט זיך אָבגעריסען, הגם זיי האָבען געקענט זיין אונצופרידען מיט דיא מעטאָדען וויא דיא אָברייסונג איז דורכגעפיהרט געוואָרען. פיעלע וועלכע האָבען פריהער בעקעמפפט דעם פּלאַן פון אָברייסען זיך, הויפּטזעכליך ווייל עס איז ניט קיין געהעריגער מיטעל, האָבען נאָכהער, ווען דער פּלאַן איז דורכגעפיהרט געוואָרען, געשטיצט דיזע האַנדלונג, אי אין דיא געזעץ־געבענדע הייזער, אי אויף׳ן שלאַכט־פעלד.

297. ביוקענען; פריעדענס קאָנפערענץ. (1861) — דערווייל איז זיך צוזאַמענגעקומען דער קאָנגרעס פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען און פּרע־זידענט ביוקענען האָט אריינגעשיקט זיין מיטטיילונג, אין וועלכער ער האָט געגומען אונגעפעהר דיא זעלבע שטעלונג צו דיא זיד שטאַאטען וואָס ענדריו דזשעקסאָן מיט דרייסיג יאָהר צוריק.

אָבער בעת ער האָט ניט אַנערקענט דאָס רעכט פון א שטאַאט אָבצורייסען זיך, האָט ביוקענען, וויא עס שיינט, געצווייפעלט אויב דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָט דיא געזעצליכע מאַכט צו בענוצען צוואַנג־מיטלען געגען א שטאַאט, און ער האָט זיך טאַקע ענטזאַגט אָנצונעהמען אַזעלכע מיטלען אין דער צייט וואָס דיא זיצונגען פון קאָנגרעס זיינען אָנגעגאַנגען.

עס איז געווען ניט מעהר וויא נאַטירליך, אַז מען זאָל זיך דערמאָהנען אויף אַנדערע קריטישע צייטען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער געשיכטע

תיכף־ומיד דיזען ביישפיעל. זיי האָבען געוואָלט בעסער ווארטען און זעהן וואָס ווייטער וועט זיין.

295. קאָנפעדעראַטען שטאאטען פון אַמעריקאַ. (1861) — דעם 4טען פעברואר, 1861, האָבען דעלעגאטען, וועלכע זיינען געשיקט געוואָרען פון דיא קאָנווענציאָנען פון דיא דערמאָהנטע שטאאטען, זיך צוזאמענגעטראָפען אין מאָנטגאָמערי, אלאבאמא, און אָרגאניזירט א רעגיערונג אונטער'ן נאָמען "דהי קאָנפעדעררייט סטייטס אָוו אמעריקא" (דיא קאָנפעדעראַטען שטאאטען פון אַמעריקאַ). דעם 8טען פעברואר איז אָנגענומען געוואָרען א פּראָוויזאָרישע קאָנסטיטוציאָן און א טאָג שפּעטער האָט דער קאָנגרעס געוועהלט דזשעפערסאָן דייוויס, פון מיסיסיפּי, אלס פּראָוויזאָרישען פּרעזידענט אויף איין יאָהר צייט, און אלעקסאנדער ה. סטיפענס, פון דזשאָרדזשיא, אלס וויס־פּרעזידענט. דעם 11טען מערץ האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען א שטענדיגע קאָנסטיטוציאָן, וועלכע איז נאָכדעם גוט געהייסען געוואָרען פון דיא קאָנווענציאָנען פון דיא בעזונדערע שטאאטען, צו וועלכע זיא איז געשיקט געוואָרען פאר בעשטעטיגונג. דעם 23טען פעברואר איז טעקסעס אויך צוגעשטאנען צו דיא אָבגעריסענע שטאאטען און זיא איז געוואָרען א מיטגליעד פון דער קאָנפעדעראציאָן.

דיא קאָנסטיטוציאָן איז געווען דיא זעלבע וויא פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, נור זיא איז אין אייניגע נויטיגע ערטער מאָדיפיצירט אָדער געענדערט געוואָרען. דארטען וואו עס זיינען געשטאנען "פעראייניגטע שטאאטען" און "בונד" האָט מען אריינגעשטעלט "קאָנפעדעראַטען שטאאטען" און "קאָנפעדעראציאָן". צו דיא ענדערונגען אין דער קאָנסטיטוציאָן געהערען אויך — דיא פראזע "דער אלערהעכסטער און אונאבהייניגער כאראקטער" פון יעדען שטאאט; *) דאָס געברויך פון דעם וואָרט "שקלאף"; דאָס פערבאָטען פון פּראָטעקציאָנס טאריפען און פון אָנווענדען קהל'שע געלד אויף אינערליכע פערבעסערונגען; דער רשות צום פּרעזידענט צוריקצואווייזען פּונקטען אין געזעצע וועגען פערווענדען געלד, און צום קאָנגרעס צו ערלויבען יעדען מיטגליעד פון מיניסטעריום צו זיין אנוועזענד איןביידע טיילען פון קאָנגרעס און צו בעשפּרעכען געזעצע וואָס בעריהרען זייער דעפּארטמענט. א פּרעזידענט איז, לויט דיזער קאָנסטיטוציאָן, געוועהלט געוואָרען אויף א טערמין פון זעקס יאָהר, און מעהר וויא איין טערמין האָט ער דיזען אמט ניט געקענט האלטען.

*) טראָטץ דעם איז אין דער קאָנסטיטוציאָן געווען א פּונקט וועגען שאפען א שטענדיגע פעדעראלע רעגיערונג.

Georgia, and Louisiana had held conventions and passed secession ordinances. The remaining slave states declined to follow at once, desiring to wait further developments.

Confederate States of America.

**295. Confederate States of America.** (1861.) — Delegates from the states named, appointed by the conventions, met February 4, 1861, at Montgomery, Alabama, and organized a government under the name of "The Confederate States of America." A provisional constitution was adopted February 8, and the next day the Congress elected for one year Jefferson Davis of Mississippi provisional President, and Alexander H. Stephens of Georgia Vice-president, each state having one vote. A permanent constitution was adopted by the Congress March 11, and was ratified by the conventions of the states to which it was referred. On February 23, Texas had joined the ranks of the secessionists, and now became a member of the Confederacy.

Constitution of the Confederate States.

The constitution was that of the United States, modified or changed where it seemed necessary. The words "Confederate States" and "Confederacy" were substituted for "United States" and "Union" wherever the latter phrases occurred. Among the changes were the distinct assertion of "the sovereign and independent character" of each state;[1] the introduction of the word "slave"; the prohibition of protective tariffs, and of appropriations of public money for internal improvements; the permission granted to the President to veto items in appropriation bills, and to the Congress to allow each member of the Cabinet a seat upon the floor of either house "with the privilege of discussing any measure appertaining to his department." The term of the President was made six years, and he was restricted to one term.

[1] Notwithstanding this, the constitution provided for "a permanent federal government."

free state except New Jersey, where three electoral votes were cast for Douglas.

Secession.

294. **Secession.** (1860–1861.) — For the first time a distinctly antislavery party had elected a President, and though the new Congress had not a Republican majority in either house, the southern leaders thought the time had come to resort to separation. Had the question of secession been submitted to a popular vote, in 1860, all the southern states, except South Carolina, would probably have given a negative answer.



CHARLESTON

MERCURY

EXTRA.

Passed unanimously at 1.15 o'clock, P. M., December 20th, 1860.

AN ORDINANCE

To dissolve the Union between the State of South Carolina and other States united with her under the compact entitled "The Constitution of the United States of America."

[illegible]

THE

UNION

IS

DISSOLVED!

A Charleston Broadside.

South Carolina secedes, December 20, 1860.

The Legislature of South Carolina, which still cast the electoral vote of the state, remained in session until Lincoln's election was assured, and then, calling a convention, adjourned. The convention soon met, and on December 20, 1860, passed an ordinance of secession. This document declared "that the union now subsisting between South Carolina and other states, under the name of the 'United States of America,' is hereby dissolved." The governor of the state issued a proclamation announcing the fact; preparations were at once made to provide for an independent government, and messengers were sent to the other slave states to persuade them to follow the example of South Carolina.

Within about six weeks Mississippi, Florida, Alabama,

294. **צושפאַלטונג.** (1860—1861) — צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען האָט א פּארטיי וואָס איז געוועזן אויסגעשפּראָכען געגען שקלאַפעריי געוועהלט א פּרעזידענט, און הגם דער נייער קאָנגרעס האָט ניט געהאַט קיין רעפּאָבליקאַנער מאַיאָריטעט, ניט אין רעפּרע־זענטאַנטען הויז און ניט אין סענאַט, און דיא אָנהייגגער פון שקלאַפעריי האָבען פּאָלגליך ניט געדאַרפט מורא האָבען, האָבען דיא פיהרער פון זיד דאָך געזע־כענט, אַז עס איז געקומען דיא צייט אָבצוטיילען זיך פון דיא איבריגע שטאא־טען. פון דעסטוועגען, ווען דיא פראגע פון אָברייסען זיך וואָלט אין יאָהר 1860 איבערגעגעבען געוואָרען צו דער בעפעלקערונג פאר אַן אוראבשטימונג, וואָלטען אַלע זיד שטאאטען, מיט דער אויסנאַהמע פון זיד קעראָליינא, וואהר־שיינליך געשטימט געגען דעם.

דער לעגיסלאַטור פון זיד קעראָליינא, וועלכער האָט נאָך אַלץ אליין ער־פילט די אויפגאַבע פון אָבגעבען דיא עלעקטאָרעל שטימען פאר'ן שטאאט, איז אָנגעגאַנגען מיט זיינע זיצונגען ביז עס איז געווען זיכער אַז לינקאָלן איז געוועהלט געוואָרען, און דאַן, איינרופענדיג א קאָנווענציאָן, האָט ער זיך פערטאָגט. דיא קאָנוועציאָן איז זיך באַלד צוזאמענגעקומען און דורכגעפיהרט דעם 20טען דעצעמבער, 1860, א בעשלוס אָבצוטיילען זיך פון דיא פעראיי־ניגטע שטאאטען. דיזער בעשלוס האָט ערקלערט, אַז דיא פעראייניגונג וואָס עקזיסטירט צווישען זיד קעראָליינא און אַנדערע שטאאטען אונטער'ן נאָמען דיא "פעראייניגטע שטאאטען פון אַמעריקא", ווערט היערמיט אויפגעלייזט*). דער גאָווערנאָר פון שטאאט האָט ארויסגעגעבען א פּראָקלאַמאציאָן, אין וועל־כער ער האָט דיזען פאַקט בעקאַנט געמאַכט. עס זיינען אויך באַלד געמאַכט געוואָרען פּאָרבערייטונגען איינצופיהרען אַן אונאַבהענגיגע רעגיערונג. עס זיינען אויסגעשיקט געוואָרען שלוחים אין אַנדערע שטאאטען, וואו שקלא־פעריי איז אָנגענאַנגען, צו ווירקען אויף זיי נאָכצוטהאָן דעם ביישפּיעל פון זיד קעראָליינא.

ארום זעקס וואָכען שפּעטער האָבען דיא שטאאטען מיסיסיפּי, פלאָרידא, אַלאַבאַמא, דזשאָרדזשיא און לואיזיאַנע אָבגעהאַלטען קאָנווענציאָנען און דורכ־געפיהרט עהנליכע בעשליסע וועגען אָבטיילען זיך פון דיא פעראייניגטע שטאא־טען. דיא איבריגע שקלאַפען שטאאטען האָבען זיך ענטזאגט נאָכצוטהאָן

*) אויף דער ענגלישער זייטע 323 איז אַן אַנאָנסע וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרען אין יאָהר 1860 פון דער צייטונג "טשאַרלסטאָן מערקורי" וועגען דעם בעשלוס אָבצוטיילען דעם שטאאט זיד קעראָליינא פון דיא איבריגע שטאאטען פון אַמעריקא.

יאָהר 1860, אום ארויסצושטעלען א קאנדידאט פאר פרעזידענט, האָבען גע־צייגט אז דיא מיינונגס־פערשיעדענהייטען וועגען דיזער פראגע זיינען זעהר גרויס, און דיא דעלעגאטען האָבען זיך צוטיילט אין צוויי פראקציאָנען. ביידע טיילען האָבען אָבגעהאלטען בעזונדערע קאָנווענציאָנען און ארויסגעשטעלט בעזונדערע קאנדידאטען. איין טייל האט אונטערשטיצט סטיפען א. דאָוגלעס, פון אילינאָי, און הערשל וו. דזשאנסאָן, פון דזשארדזשיא, און געפאָדערט דיא אויבערהערשאפט פון פאָלק, וועהרענד דער אנדערער טייל, וועלכער האט געהאל־טען מיינונגען צו גונסטען שקלאפעריי האט ארויסגעשטעלט דזשאן ס. ברעקינ־רידזש, פון קענטאָקי, און דזשאָזעף לעין, פון אָרעגאָן.

דיא אמעריקאנער פארטיי איז בעשטאנען פון אלטע וויהיגס און אביסעל דעמאָקראטען, וועלכע האָבען זיך א נאָמען געגעבען דיא קאָנסטיטוציאָנעלע יוניאָן פארטיי, האט ארויסגעשטעלט דזשאן בעל, פון טענעסי, און עדוואַרד עווערעט, פון מאססאטשוזעטס, און אָנגענומען אין דער פראָגראמע דיא אונ־דייטליכע פאָדערונג: "דיא קאָנסטיטוציאָן פון לאנד, דיא פעראייניגונג פון דיא שטאאטען, און דיא דורכפיהרונג פון דיא געזעצע".

דיא רעפּאָבליקאנער האָבען ארויסגעשטעלט אייבערהעם לינקאָלן, פון אילינאָי, און העניבעל העמלין, פון מעין (זעה פאראגראף 299).

אויף אזא אופן זיינען דאן געווען פיערערליי קאנדידאטען אין פעלד. דיא געפיהלען און פאָליטישע מיינונגס־פערשיעדענהייטען פון לאנד זיינען וואהרשיינליך קיינמאָל ניט געווען בעסער פערטראָטען פון דיא פארטיי קאנ־דידאטען וויא דאן.

דיא דאָוגלעס פראָגראמע האט געלויטעט, אז דער קענזעס־נעבראסקא גע־זעץ און דאס העכסטע געריכט דארפען פערענטפערן דיא שקלאפען פראגע. דיא ברעקינרידזש פראָגראמע האט געלויטעט, אז "שקלאפעריי דארף אריינגענומען ווערן אין דיא טעריטאָריען און דארטען בעשיצט ווערן". דיא יוניאָן אָדער אמעריקאנער פארטיי האט אין גאנצען אויסגעמידען דיא שקלאפען פראגע. דיא רעפּאָבליקאנער פראָגראמע האט געלויטעט, אז שקלאפעריי מוז פער־טריבען ווערן פון דיא טעריטאָריען אונטער אלע אומשטענדען.

דיא רעפּאָבליקאנער קאנדידאטען האָבען געצויגען דיא גרעסטע צאָהל שטימען פון פאָלק, און, דורך דיא שפּאלטונג פון זייערע געגנער, האָבען זיי אויך בעקומען א מאיאָריטעט פון דיא עלעקטאָרעל שטימען. זיי האָבען גע־וואונען אין יעדען פרייען שטאאט, אויסער ניו דזשוירזי, וואו דריי עלעקטאָרעל שטימען זיינען אָבגעגעבען געוואָרען פאר דאָוגלעס.

Presidential nominations, 1860.

Democratic party was now confronted with the question of slavery in a way that could not be ignored. In 1860, at the convention for nominating a candidate for President, after a discussion that showed irreconcilable differences, the delegates separated; the two portions, each holding a new convention, nominated each its own candidates. One division supported Stephen A. Douglas of Illinois, and Herschel V. Johnson of Georgia, and popular sovereignty; while the other division, holding pro-slavery views, nominated John C. Breckinridge of Kentucky and Joseph Lane of Oregon.

The American party, the remnant of the old Whigs, and some Democrats, calling themselves the Constitutional Union party, nominated John Bell of Tennessee, and Edward Everett of Massachusetts, adopting as their platform the indefinite declaration, "The Constitution of the country, the union of the states, and the enforcement of the laws."

The Republicans nominated Abraham Lincoln of Illinois, and Hannibal Hamlin of Maine (sect. 299).

Thus there were four tickets in the field; probably there never was a time when the actual political feelings of the country were better represented by party candidates.

Political "platforms," 1860.

The Douglas platform said that "squatter sovereignty" and the Supreme Court must settle the slavery question. The Breckinridge platform said that "Slavery must be taken into the territories and protected there." The Union party evaded the question of slavery altogether. The Republican platform said that slavery must be kept out of the territories, whatever else might happen.

The division of their opponents gave a good majority of the electoral votes to the Republican candidates, who received also the largest popular vote, and carried every

importance. The products manufactured out of the crude oil are almost innumerable; they include dyes, medicines, and materials used in almost all the arts, and the list is continually increasing.

292. **John Brown.** (1859.) — In the autumn of 1859 the whole country, but especially the South, was startled by what seemed to be an attempt to incite the slaves to an insurrection. John Brown, 1859.

John Brown, of Ossawatomie, Kansas, had been prominent in the Kansas war, and was filled with a desire to liberate the slaves of the South. Supposing that an opportunity and a leader were all that was needed to arouse them, he, with a force of less than twenty-five men, seized the United States arsenal at Harper's Ferry, on the Potomac, in Virginia. Of course he was soon overpowered, and several of his followers, including two of his sons, were killed. He himself, badly wounded, was taken prisoner with most of his little band.



HARPER'S FERRY IN 1859.

John Brown was tried by the Virginia courts, condemned, and executed. In the South this attempt was regarded as a proof that many in the free states wished to incite insurrections among the slaves; while, in the North, surprise was mingled with pity and admiration for the self-sacrificing courage of the man, though the majority wholly disapproved of his action, and looked upon him as a fanatic.

293. **Presidential Nominations.** (1860.) — The great

**292. דזשאָן בראַון.** (1859) — אין הערבסט פון יאָהר 1859 **איז דאָס** גאַנצע לאַנד, און בעזאָנדערס זיד אַמעריקאַ, אויפגערודערט געוואָרען פון אַ פערזוך וואָס איז דאַן געמאַכט געוואָרען מיט'ן צוועק אויפצוהעצען דיא שקלאַ־פען צו אַן אויפשטאַנד.

דזשאָן בראַון, פון אָסאַוואַטאָמיע, קענזעס, וועלכער האָט אַ וויכטיגען אַנטייל גענומען אין דעם קענזעס קריעג, האָט געהאַט אַ שטאַרקען וואונש צו בעפרייען דיא שקלאַפען אין זיד. מיינענדיג אַז אַלעס וואָס איז נויטיג אויף אויפצואוועקען זיי איז אַ גינסטיגע געלעגענהייט און אַ פיהרער, האָט ער מיט אַ "מאַכט" פון וועניגער וויא פינף און צוואַנציג מאַן פערכאַפּט דעם געוועהר־מאַגאַזין פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען וואָס האָט זיך געפונען אין האַרפּער'ס פערי, אויף דעם טייך פּאָטאָמעק, אין ווירדזשיניא.*) זיין זיעג איז נאַטירליך ניט געווען אויף לאַנג. ער איז באַלד איבערוועלטיגט געוואָרען פון אַ גרעסערער צאָהל מיליטער און אייניגע פון זיינע אָנהייגגער, צווישען זיי אויך צוויי פון זיינע זיהן, האָבען פערלאָרען זייער לעבען דאַביי. ער אַליין האָט געקראָגען שווערע וואונדען און איז גענומען געוואָרען אין געפאַנג צוזאַמען מיט דיא מייסטע פון זיין קליינער באַנדע.

דזשאָן בראַון איז פּראָצעסירט געוואָרען אין ווירדזשיניא, וואו מען האָט איהם פעראורטיילט צום טויט און הינגעריכטעט. אין זיד האָט מען גערעכענט דיזען פערזוך אַלס בעוויז, אַז אין דיא פרייע שטאַאטען הערשט אַ שטאַרקער וואונש אַרויסצורופען דיא שקלאַפען צו אַן אויפשטאַנד, וועהרענד אין דיא נאָרד שטאַאטען האָט דערזעלבער פערזוך פון דזשאָן בראַון אַרויסגערופען אַי־בערראַשונג, געמישט מיט געפיהלען פון רחמנות און טיעפע אַכטונג פאַר בראַון'ס זעלבסט־אויפאָפּפערענדען מוטה. אָבער דיא מאַיאָריטעט אין דיא נאָרד שטאַאטען זיינען געווען גענצליך אונצופרידען פון זיין האַנדלונג און זיי האָבען איהם בעטראַכט אַלס פאַנאַטיקער.

**293. קאַנדידאַטען פאַר פּרעזידענט.** (1860) — דיא גרויסע דע־מאָקראַטישע פּאַרטיי האָט פאַר זיך יעצט געהאַט דיא שקלאַפען פראַגע אויף אַן אופן וואָס האָט ניט געקענט אַוועקגעמאַכט ווערן אונטער'ן האַנד. דיא פערהאַנדלונגען אויף דער קאָנווענציאָן וואָס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין

*) דאָס בילד אויף דער ענגלישער זייטע 321 שטעלט פאַר האַרפּער'ס **פערי,** אין יאָהר 1859, ווען דזשאָן בראַון האָט פערכאַפּט איהר געוועהר־מאַגאַזין.

לענד און אירלאנד גרייכט דיא טיעפקייט ניט מעהר וויא צוויי און א האלב מייל און דער גרונד איז כמעט איבעראל גלייך. דיזער שטח איז יעצט בעקאנט אלס דיא טעלעגראפישע פלעכע. נאך פיעלע עקספערימענטען און אנשטריינגונגען איז געלונגען אין יאהר 1858 דורכצופיהרען א טעלעגראפישע ליניע אין ים, אבער נאכדעם וויא אייניגע דעפעשען זיינען דורכגעגאנגען הין און צוריק, האט דיא ליניע אויפגעהערט צו ארבייטען. דיא אויספיהרבארקייט פון א טעלעגראף איבער'ן אקעאן איז דאך בעוויזען געווארען, הגם ערשט אין יאהר 1866 איז געלונגען צו לעגען א קייבעל מיט פאלקאמענעם ערפאלג (זעה פאראגראף 364.)

291. גאלד; זילבער; פעטראל־פעלדער. (1858 — 1859) — וועגען דיא מינעראל קוועלען פון לאנד צווישען קענזעס און דיא ראקי מאונטיינס האט מען זעהר וועניג געוואוסט, אבער אין יאהר 1858 האט מען אין קאלאריידא ענטדעקט גאלד*); און אין ווירדזשיניא סיטי, נעוואדא, האט מען געפונען דעם בעריהמטען קאמסטאק מינעראל־אדער, וועלכער איז איינער פון דיא רייכסטע זילבער קוועלען אין דער וועלט. עס זיינען אויך ענטדעקט געווארען מינען פון גאלד, זילבער, קאהלען און אנדערע ווערטהפאלע מינעראלען אין פערשיעדענע טיילען פון דיא וועסט, וואס האט זיך דאדורך געצייגט אלס געגענד וואס איז רייך אין מינעראל אוצרות.

אין יאהר 1859 האבען אייניגע מענער, גראבענדיג א ברונען נעבען טאיטוסוויל, אין וועסטליכען טייל פון פענסילווייניא, אנגעטראפען קאהלען־אויל אדער פעטראל; און דיא "אויל פעלדער" פון פענסילווייניא און אנדערע שטאאטען האבען באלד געבראכט זייערע בעלי־בתים גרויסע עשירות. דאס פעטראל זעלבסט האט כמעט ארויסגעזעצט פון געברויך דעם אויל פון חיות וואס פלעגט בענוצט ווערן פאר דיא צוועקען פון בעלייכטונג, און עס איז געווארען אן ארטיקעל פון גרויסער האנדעלס וויכטיגקייט. דיא פראדוקטען וואס זיינען פאבריצירט געווארען פון דעם רויהען אויל זיינען כמעט אונצעהלבאר. זיי בעשטעהען פון פארבען, מעדיצינען, מאטעריאלען וואס ווערן בענוצט כמעט ביי אלערליי קונסט ארבייט, און דיא צאהל האלט נאך אין וואקסען.

*) דאס בילד אויף דער ענגלישער זייטע 320 גיט א בעגריף וויא דיא יעצט בעוואוסטע שטאט דענווער, קאלארײדא, האט אויסגעקוקט אין יאהר 1858, ווען מען האט אין יענעם שטאאט צום ערשטען מאל ענטדעקט גאלד.

been called the Telegraphic Plateau. After many experiments and efforts a line was successfully laid in 1858, but, after a few messages had been sent back and forth, it refused to work; the practicability of an ocean telegraph had been demonstrated, however, though it was not until 1866 that a thoroughly successful cable was laid (sect. 364).

Gold in Colorado.

**291. Gold; Silver; Oil Fields.** (1858-1859.) — Little had been known of the mineral resources of the country between Kansas and the Rocky Mountains, but in 1858 gold was discovered in Colorado; and in the same year the



DENVER IN 1858.
From a sketch.

Silver in Nevada.

famous Comstock lode at Virginia City, Nevada, was found, one of the richest silver deposits in the world. Mines of gold and silver, and of other valuable minerals, including coal, were discovered in different parts of the West, showing it to be a region rich in mineral wealth.

Oil fields of Pennsylvania.

In 1859, some men who were digging a well near Titusville, in western Pennsylvania, struck a deposit of coal-oil or petroleum, and the "oil fields" of Pennsylvania and of other states soon brought vast wealth to their owners. The oil itself nearly displaced the animal oils hitherto used for illumination, and became an article of great commercial

of his office "in such a manner as to restore harmony and ancient friendship among the people of the several states."

The Mormons (sect. 254) had prospered in Utah. The soil was made to produce large crops by means of irrigation. Brigham Young was the pioneer of this system in the West. The success in Utah led to the introduction of irrigation in California, Arizona, and the inter-mountain states, where its importance can hardly be overestimated. **Mormons.**

Misunderstandings and difficulties arose from time to time between the United States authorities and the settlers, but no actual conflict took place.

**290. Panic; Ocean Telegraph Cable.** (1857.) — The country was so prosperous that, as in 1837, many new enterprises were started. Railroads were built faster than they were needed, and the earnings in many cases were not enough to pay expenses, much less dividends. Soon a very large number of railroad shares were thrown upon the market for sale, resulting in a panic, which affected business generally. The number of mercantile failures in the country was very great. **Panic of 1857.**

As early as 1846 a telegraphic message had been sent under the Hudson River, by means of a wire covered with gutta-percha. This had proved that it was practicable to send messages under water, and soon cables of moderate length were laid on the beds of rivers and under narrow bodies of water. Cyrus W. Field, a wealthy merchant of New York, became interested in a project to lay a telegraphic line across the Atlantic Ocean. **Ocean telegraph.**

A company of English and Americans was formed, and soundings were made in the ocean to discover the nature of the bottom. It was found that between Newfoundland and Ireland the depth did not exceed two and one-half miles, while the bottom was nearly level. This has since

דיא מאָרמאָנען (זעה פּאַראַגראַף 254) זיינען געווען ערפאָלגרייך אין יוטאַ. דורך דיא הילף פון קינסטליכע בעוואַסערונג האָט דיא דאָרטיגע ערד אַרויסגעגעבען פיעל תבואה. דער פּיאָניר פון דיזער סיסטעמע אין דיא וועסט איז געווען בריגהעם יאָנג. דער ערפאָלג אין יוטאַ האָט געפיהרט דערצו, אַז דיא בעוואַסערונג סיסטעם זאָל איינגעפיהרט ווערן אויך אין קאַליפאָרניאַ, אַריזאָנאַ און אין דיא בערגיגע שטאַאטען, וואו דיא וויכטיגקייט פון דעם איז געווען זעהר גרויס.

פון צייט צו צייט פלעגען פאָרקומען מיספערשטענדניסע און שוועריג־קייטען צווישען דיא בעאַמטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען און דיא קאָ־לאָניסטען, אָבער זיי האָבען קיינמאָל ניט געפיהרט צו אַ ווירקליכען שטרייט.

290. פּאַניק; טעלעגראַף אונטער'ן אָקעאַן. (1857) — דאָס לאַנד איז געווען אין אַזאַ בליהענדען צושטאַנד, דאָס עס זיינען געמאַכט געוואָרען פיעלע נייע אונטערנעהמונגען. אייזענבאַהנען זיינען געבויט געוואָרען שנע־לער וויא מען האָט זיי געדאַרפט, און דיא פערדינסטען זיינען אין פיעלע פעלע געווען ווייניג זאָגאַר אויף הוצאות, און נאָך וועניגער אויף צוטיילען פּראָפיטען. אויף דער בערזע האָט זיך באַלד בעוויזען אַ גרויסע צאָהל אייזענבאַהן אַקציעס און דאָס האָט פעראורזאַכט אַ פּאַניק, וועלכע האָט אָנגעגריפען דעם מסחור אין אַלגעמיין. אַ זעהר גרויסע צאָהל געשעפטען אין לאַנד האָבען באַנקראָטירט.

אין יאָהר 1846 איז צום ערשטען מאָל געשיקט געוואָרען אונטער'ן טייך האָדסען אַ טעלעגראַפישע ידיעה, דורך דיא הילף פון אַ דראָט וואָס איז געווען בעדעקט מיט אַזאַ מין גומי. דיזע פּראָבע האָט איבערצייגט, אַז עס איז פּראַקטיש צו שיקען ידיעות אונטער'ן וואַסער, און באַלד נאָכדעם זיינען אין פיעלע טייכען און טייכלעך געלייגט געוואָרען קייבעלס (אַזעלכע מעטאַלענע שטריק) פון ניט קיין גרויסער לענג. סיירוס וו. פּיעלד, אַ רייכער ניו יאָרקער סוחר, האָט זיך דאַן פעראינטערעסירט אין אַ פּלאַן צו ציהען אַ טעלעגראַפישע ליניע דורך'ן אַטלאַנטישען אָקעאַן.

עס האָט זיך געגרינדעט אַ קאָמפּאַניע פון ענגלענדער און אַמעריקאַנער און מען האָט אָנגעפאַנגען מעסטען דעם אָקעאַן, אום פעסטצושטעלען וואָס פאַר אַ גרונד ער האָט. עס איז אויסגעפונען געוואָרען, אַז צווישען ניו פאַונד־

אַלס געזאַנדטער אין רוסלאַנד, אין יאַהר 1833 איז ער ערוועהלט געוואָרען סענאַטאַר, אין יאַהר 1845 איז ער געוואָרען סעקרעטער פון אויסערליכע אַנגעלעגענהייטען, אין 1853 — געזאַנדטער אין ענגלאַנד, און אין יאַהר 1857 איז ער ערוועהלט געוואָרען פּרעזידענט. ער איז געשטאָרבען דעם 1טען יוני, 1868.

באלד נאכדעם וויא דיא בעוועגונג געגען שקלאפעריי האט אנגעפאנגען, האט אויך אנגעהויבען ארבייטען דיא "אונטערגרונד באהן". אונטער דיזען נאמען איז פערשטאנען געווארען דיא קאנצענטריר־טע טהעטיגקייט פון א גע־וויסע צאהל אבאלוציאניסטען, וועלכע האבען סימפאטיזירט מיט דיא אנט־לאפענע שקלאפען, זיי אויסבעהאלטען און געהאלפען דערגרייכען קענעדע, אדער אן אנדער זיכערן פלאטץ. אייניגע פעלע פון אנטלאפענע שקלאפען וואס זיינען אויף'ן גרונד פון געזעץ פון יאהר 1850 צוריק איבערגעגעבען געווארען אין דיא הענד פון זייערע געוועזענע בעלי־בתים, האבען ארויסגערופען גרויס אויפרעגונג אין נארד און געמאכט שווערער און שווערער דיא דורכפיהרונג פון'ם געזעץ.

ווען דאס אורטייל פון הערכסטען געריכט איז צוגעלעגט געווארען צו דעם וואס איז שוין פריהער געטהאן געווארען, האט דיא געדולד פון פיעלע אנגע־פאנגען פלאצען און זיי האבען ניט געמאכט קיין סוד פון זייער אונצופרידענ־הייט. דיא געפיהלען צווישען דיא פערשיעדענע טיילען פון דער בעפעלקערונג זיינען געווארען ביטערער וויא געווען. דיא מעהרסטע פון דער בעפעלקערונג אין דיא פרייע שטאאטען האבען פון דעסטוועגען בעטראכט שקלאפעריי אלס א נויטיגען איבעל אין דיא שטאאטען וואו עס האט עקזיסטירט, און זייענדיג איינגעגלויבט אז דיא גאנצע זאך איז אין אזעלכע פעלע ניט מעהר וויא א פראגע פון א שטאאט, וואלטען זיי מיט דיא גרעסטע צופריעדענהייט אויפגע־נומען יעדען פלאן וואס וואלט דיא פראגע פון שקלאפעריי אין גאנצען אבגע־טיילט פון דער נאציאנאלער פאליטיק. אין יאהר 1857 זיינען דיא אבאלו־ציאניסטען געוועזן זעהר קליין אין צאהל.

289. דזשיימס ביוקענען; דיא מארמאנען. (1857) — דזשיימס ביוקענען איז אלט געווען זעקס און זעכציג יאהר. ער איז געווען אן עהרענ־האפטער מאן, האט געהאט גרויס צוטרויען אין זיין פארטיי וואס האט איהם אנגעטרויט פיעלע פאליטישע עמטער, און איז געווען גינסטיג געשטימט צו דעם עלעמענט וואס האט געגלויבט אין שקלאפעריי. ער האט ערקלערט אז זיין אויפגאבע איז צו ערפילען "דיא הויכע און פעראנטווארטליכע פפליכטען" פון זיין אמט "אויף אן אופן וואס זאל צוריק קעהרען אחדות און דיא אלטע פריינדשאפט צווישען דיא איינוואהנער פון דיא שטאאטען".*)

*) דזשיימס ביוקענען, וועמעס בילד געפינט זיך אויף דער ענגלישער זייטע 318, איז געבארען געווארען אין שטאאט פענסילווייניא, דעם 23טען אפריל, 1791. ער האט געענדיגט דיא דיקינסאן קאלעדזש אין יאהר 1809 און האט נאכהער שטודירט יוריספרודענץ. אין יאהר 1820 איז ער געווארען מיטגליעד פון קאנגרעס, אין יאהר 1831 איז ער געשיקט געווארען

"Underground Railroad." came into existence what was known as "The Underground Railroad." This was simply the concerted action of a number of Abolitionists who sympathized with the fugitive slaves, secreted them, and helped them on from point to point on their way to Canada or some other place of safety. Several instances of fugitive slaves reclaimed under the law of 1850 excited much anger in the North, and made the execution of the law more and more difficult.

Sectional feeling. When the decision of the Supreme Court was added to what had been done before, the patience of many was exhausted, and they made no secret of their views; thus the feeling between the sections became more embittered than ever. Still the majority of the people of the free states looked upon slavery as a necessary evil in the states where it existed, and believing that it was in such cases a state matter, would have gladly welcomed a way to take it out of national politics. The Abolitionists in 1857 were a small company.



JAMES BUCHANAN.

JAMES BUCHANAN was born in Pennsylvania, April 23, 1791. He graduated at Dickinson College, 1809, and studied law. He was member of Congress, 1820; minister to Russia, 1831; Senator, 1833; Secretary of State, 1845; minister to Great Britain, 1853-1857; and was elected President, 1856. His career as President is noted elsewhere. He died June 1, 1868.

James Buchanan.

**289. James Buchanan; the Mormons.** (1857.) — James Buchanan was sixty-six years old. He was a man of good character, a trusted politician in his party, which had bestowed upon him many political offices, and he was favorable to the pro-slavery element. He declared it to be his purpose to execute the "high and responsible duties"

Missouri Compromise (sect. 205) had never been brought before the United States Supreme Court until "The Dred Scott Case"[1] in 1855. Though the case had been argued before the court, the decision was not made public till after the inauguration of Buchanan.

"Dred Scott Case."

When published, the "Dred Scott decision" created great indignation in the North, for it upheld the extreme southern view of slavery in almost all respects. It said, in short, that negroes could not be citizens; that they were property, and therefore slaves could be taken anywhere in the United States in the same way as other property; that the Missouri Compromise was unconstitutional; and that Congress had no right to forbid slavery in the territories.

"Dred Scott" decision.

If the Kansas-Nebraska Bill had been obnoxious to the North, this decision was far more so, and many determined to ignore it, and if needful, to resist the execution of decrees in accordance with it. That Chief Justice Taney was sincere in his opinion no one can doubt, but he allowed himself to go beyond the legal questions at issue, and to make a political and historical argument which was, to say the least, inappropriate and unbecoming.

Soon after the rise of the antislavery movement there

[1] Dred Scott, a negro slave of Missouri, was taken in 1834 by his owner, first into Illinois, and then into Minnesota Territory. This latter was part of the country from which slavery was excluded by the Missouri Compromise. While in Minnesota Scott married. He was brought back to Missouri in 1838. After some time he discovered that by previous decisions of the Missouri courts his residence in Illinois and Minnesota had made him a free man. Having been whipped by his master he brought suit against him, claiming that he himself was a free man. The court, before which the case came, decided in his favor. On appeal, the Supreme Court of Missouri reversed this decision. Scott's owner now sold him and his family to a citizen of New York. The case was taken into the United States Courts, and was finally appealed to the Supreme Court in 1855. Here the decision (1857) was against Scott, as given above. Dred Scott was afterward set free by his owner.

פראָצעס" אין יאָהר 1855*). הגם דער פּראָצעס איז פערהאנדעלט געוואָרען אין געריכט אין יענעם יאָהר, איז דער אורטייל בעקאנט געוואָרען ערשט נאָכדעם וויא ביוקענען איז איינגעשוואָרען געוואָרען אין אמט.

ווען דער "דרעד סקאט אורטייל" איז פערעפענטליכט געוואָרען איז דיא גאנצע נאָרד אויפגעבראכט געוואָרען, ווייל דער אורטייל האָט אונטערשטיצט כמעט אין יעדער בעציהונג דיא אייסערסטע מיינונג איבער שקלאַפעריי וואָס האָט געהערשט אין זיד. דער אורטייל האָט אין קורצען געלויטעט, דאָס נעגערס קענען ניט זיין קיין בירגער; דאָס זיי זיינען אייגענטום און מען קען זיי דעריבער נעהמען פון איין אָרט אין דעם אַנדערן אין דיא פעראייניגטע שטאאטען, פונקט וויא יעדען אַנדערן זאָרט אייגענטום; דאָס דער מיזורי קאָמפּראָמיס איז אונגעזעצליך; און דאָס דער קאָנגרעס האָט קיין רעכט ניט געהאט צו פערבאָטען שקלאַפעריי אין דיא טעריטאָריען.

אויב דער קענזעס-נעבראסקא געזעץ איז געווען פערהאסט ביי דיא איינוואָהנער פון נאָרד, איז דיזער אורטייל געווען פיעל מעהר פערהאסט, און דאריבער זיינען פיעלע געווען בעשלאָסען ניט צו שיינקען קיין שום אויפמערקזאמקייט אויף'ן אורטייל און, ווען נויטיג, צו מאכען אַ ווידערשטאנד געגען דיא דורכפיהרונג פון בעפעהלע אין איינקלאַנג מיט איהם. אז הויפט ריכטער טעני איז געווען עהרליך און אויפריכטיג אין זיין מיינונג, צווייפעלט קיינער ניט; אָבער ער האָט דאָך זיך ערלויבט צו געהן ווייטער וויא דיא געזעצליכע פראגע וועגען וועלכער עס האָט זיך געהאנדעלט, און צו בענוצען זיך מיט אַ פּאָליטישען און היסטאָרישען ארגומענט וואָס איז געווען, ערעל גערעדט, זעהר אונפּאסענד.

---

*) דרעד סקאט איז געווען אַ נעגער שקלאַף פון מיזורי, וועמען זיין בעזיצער האט אין יאהר 1834 געבראכט קיין אילינאי, און נאכהער אין דער מינעסאָטא טעריטאריע. מינעסאטא איז געווען איינע פון יענע טיילען לאנד וואו שקלאפעריי איז געווען אויסגעשלאסען, לויט דעם מיזורי קאמפראמיס. זייענדיג אין מינעסאטא האט סקאט געהייראט. אין יאהר 1838 איז ער צוריק געבראכט געווארען קיין מיזורי. אין אַ געוויסער צייט ארום האט סקאט ערפאהרען, דאָס, לויט פריהערדיגע בעשליסע פון דיא געריכט הייזער אין מיזורי, האט זיין געפינען זיך אין אילינאי און מינעסאטא איהם געמאכט פאר אַ פרייען מענשען. ווען זיין בעזיצער האט איהם געשמיסען האט סקאט איהם אנגעקלאגט אין געריכט, טענה'ענדיג דאס ער איז אַ פרייער מענש און ניט מעהר אונטערוואַרפען דיא בעהאנדלונג פון אַ שקלאף. דאס געריכט האט ארויסגעגעבען אַן אורטייל צו גונסטען פון איהם. דער אנגעקלאגטער האט אפעלירט, און דאס הויף-געריכט פון מיזורי האט ארויסגעגעבען אַ פערקעהרטען אורטייל. דער בעזיצער האט נאכהער פערקויפט סקאט און זיין פאמיליע צו אַ בירגער פון שטאאט ניו יארק. דער פראצעס איז אריין אין דיא געריכטען פון דיא פעראייניגטע שטאאטען און שליסליך, אין יאהר 1857, אויך אין העכסטען געריכט פון לאנד, וועלכער האט געאורטיילט געגען סקאט. דרעד סקאט איז נאכהער געווארען אויס שקלאף דורך דעם גוטען ווילען פון זיין בעזיצער, וועלכער האט איהם בעפרייט.

דענדיג איהם אזוי שווער, דאס ער האט פיער יאהר צייט ניט געקענט פער־נעהמען זיין פלאטץ אין סענאט.

פאר דיזען אנגריף איז ברוקס געטאדעלט געווארען פון רעפרעזענטאנטען הויז און א וואשינגטאנער געריכט האט איהם בעשטראפט מיט געלד. ער האט גלייך דארויף אבגעדאנקט זיין אמט, אבער ער איז כמעט איינשטימיג צוריק געוועהלט געווארען; בלויז זעקס שטימען זיינען געווען געגען איהם. דיזע פאסירונג האט פיעל געהאלפען צו פערשטארקען דיא ביטערע געפיהלען וואס האבען שוין עקזיסטירט אין לאנד צווישען גרויסע טיילען פון דער בע־פעלקערונג.

287. קאנדידאטען פאר פרעזידענט און דיא וואהלען פון יאהר 1856 — דיא פרעזידענטען וואהל פון יאהר 1856 איז געווען איינע פון דיא וויכטיגסטע וואס איז ווען פריהער פארגעקומען. דיא דעמאקראטען האבען ארויסגעשטעלט דזשיימס בוקענען, פון פענסילווייניא, און דזשאן סי. ברע־קינרידזש, פון קענטאקי.ביידע זיינען געווען אונטערשטיצער פון דעם קענ־זעס־נעבראסקא געזעץ. דיא אמעריקאנער פארטיי האט זיך אין גאנצען ניט וויסענדיג געמאכט וועגען דער פראגע פון שקלאפעריי און ארויסגעשטעלט מילארד פילמאר, פון ניו יארק, און ענדריו דזשיי. דאנעלסאן, פון טענעסי. דיא נייע רעפאבליקאנער פארטיי האט צום ערשטען מאל אבגעהאלטען א קאנ־ווענציאן און ארויסגעשטעלט דזשאן סי. פרעמאנט פון קאליפארניא און וויליאם ל. דרעיטאן, פון ניו דזשוירזי. דער לאזונג פון דער נייער פארטיי איז געווען: "פרייער באדען, פרייע רעדע, פרייע מענשען, און פרעמאנט".

אין דער וואהל וואס האט געפאלגט זיינען ביוקענען און ברעקינרידזש געוועהלט געווארען, אבער דיא נייע פארטיי, וועלכע איז קוים צוויי יאהר אלט געווען, האט געוואונען אין עלף פון דיא פופצעהן פרייע שטאאטען און געצויגען כמעט אנדערטהאלבען מיליאן שטימען.

דיא אמעריקאנער פארטיי האט געוואונען בלויז דעם שטאאט מערילענד און האט באלד נאכהער אויפגעהערט צו עקזיסטירען אלס א פארטיי. דיא צייכענס פון דער צייט האבען קלאר געוויזען, דאס נאך אין פיער יאהר וואלט געקענט געוועהלט ווערן א געגנער פון שקלאפעריי אלס פרעזידענט.

288. "דרעד סקאט פראצעס"; אנטלאפענע שקלאפען. (1856—1857) — עס איז זאנדערבאר, דאס דיא געזעצליכקייט פון דעם מיזורי קאמ־פראמיס (זעה פאראגראף 205) איז קיינמאל ניט פארגעבראכט געווארען פאר דעם העכסטען געריכט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען ביז דעם "דרעד סקאט

Assault upon Sumner.

a nephew of the aggrieved senator, came into the Senate chamber after the adjournment of that body, and attacking Sumner who was seated at his desk, beat him about the head with a heavy cane, injuring him so severely that for nearly four years he was unable to resume his place.

For this assault Brooks was censured by the House of Representatives and fined by a Washington court of justice. He at once resigned his place, but was almost unanimously reëlected, only six votes being cast against him. This incident added greatly to the bitter feeling already existing between the great sections of the country.

Presidential nominations, 1856.

**287. Presidential Nominations and Election of 1856.** — The Presidential election of 1856 was one of the most important that had yet been held. The Democrats nominated James Buchanan of Pennsylvania, and John C. Breckinridge of Kentucky, both supporters of the Kansas-Nebraska Bill; the American party ignored the slavery question, and nominated Millard Fillmore of New York, and Andrew J. Donelson of Tennessee. The new Republican party met for the first time in a convention, and nominated John C. Frémont of California, and William L. Drayton of New Jersey. The cry of the new party was, "Free soil, free speech, free men, and Frémont."

James Buchanan elected, 1856.

In the election which followed, Buchanan and Breckinridge were chosen; but the new party, hardly two years old, had carried eleven out of the fifteen free states, and polled a popular vote of nearly a million and a half.

The Americans carried only the state of Maryland, and from this time ceased to exist as a party. The signs of the times clearly indicated that, in another four years, an antislavery President might be chosen.

**288. "Dred Scott Case": Fugitive Slaves. (1856-1857.)** — Curiously enough, the constitutionality of the

# CHAPTER XIV.

## INCREASE OF SECTIONAL FEELING.

### REFERENCES.

A. B. Hart, Source-Book, Chap. xvii.; J. T. Champlin, Young Folks' History of the War for the Union.

**286. "Anti-Nebraska Men"; Republicans; Charles Sumner.** (1854–1856.) — The Kansas trouble caused intense excitement in the country and on the floors of Congress, and "bleeding Kansas" was a phrase often used in the North. In the election following the passage of the Kansas-Nebraska Bill the opponents of the measure united and elected enough members to control the House of Representatives. **Anti-Nebraska men.**

It was not long before the Anti-Nebraska men, as they were called, took the name of Republicans, and formed the Republican party. This party, since so well known, was composed chiefly of the old northern antislavery Whigs, with whom were joined many of those who held antislavery views in the Free-soil, the American, and the Democratic parties. The new party had few sympathizers in the South, except among the Germans of Missouri and among the inhabitants of western Virginia. **Republicans.**

During the debate in Congress Charles Sumner, a senator from Massachusetts, spoke very severely of one of the South Carolina senators. Preston S. Brooks, a member of the House of Representatives from South Carolina, and

(1850.) — There seems to be little doubt that the Compromise of 1850 was acceptable to the majority of the people both north and south. What they wished for was peace. California was admitted as a free state September 9, 1850, and the other provisions of the compromise were carried out.

California admitted, 1850.

The new fugitive slave law, however, aroused much feeling when it became more fully understood. Its provisions were rigid. The whole matter was put under the charge of United States officials. The fugitive was not permitted to testify; cases were to be decided without a jury by a United States commissioner or judge, from whose decision there was to be no appeal by *habeas corpus* or otherwise; the simple affidavit of the alleged owner or his agent was sufficient, on proof of identity, to send the fugitive back into slavery; on slight evidence the case could be removed from the state where the alleged fugitive was captured to the state from which it was claimed that he had fled; all persons were required to aid in the capture of the runaways should the marshal call on them for help; obstructing the arrest of fugitives, or concealing them, or in any way aiding their escape, was punishable by heavy fine and by imprisonment.

Fugitive slave law.

At once there arose a cry from the North that such a law was "unjust, unconstitutional, and immoral." As a political measure the law was very unwise, for nothing that had been done previously had so tended to force the subject of slavery on the attention of the people of the North. It was not long before many of the northern states passed "Personal Liberty Laws," designed to obstruct as much as possible the execution of the obnoxious law. Meanwhile the Antislavery party was rapidly increasing.

Opposition in the North.

"Personal Liberty Laws."

**274. Census; Great Increase of Immigration. (1850.)** — The census of 1850 showed that the population had

פּראָמיס פון 1850 איז געווען צופרידענשטעלענד צו אַ מאַיאָריטעט פון דאָס פאָלק אי אין נאָרד אי אין זיד. וואָס זיי האָבען איבערהויפּט געוואונשען איז געווען פריעדען. קאַליפאָרניאַ איז אויפגענומען געוואָרען אַלס אַ פרייער שטאַאט דעם 9טען סעפּטעמבער, 1850, און די אַנדערע פּונקטען פון דעם קאָמפּראָמיס זיינען אויך דורכגעפיהרט געוואָרען.

דער נייער געזעץ וועגען אַנטלאָפענע שקלאַפען האָט אָבער ערוועקט פיעל אויפרעגונג, ווען מען האָט איהם אָנגעפאַנגען בעסער צו פערשטעהן. די פאָרשריפטען זיינען געווען זעהר שטרענגע. די גאַנצע זאַך איז איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענד פון בעאַמטע פון די פעראייניגטע שטאַאטען. דעם אַנטלאָפענעם איז ניט ערלויבט געווען צו זיין אַן עדות פאַר זיך אַליין; די פּראָצעסען האָבען געדאַרפט ענטשיעדען ווערן ניט פאַר אַ געריכט פון געשוואָרענע, זאָנדערן פאַר אַ קאָמישיאָנער פון די פעראייניגטע שטאַאטען, אָדער אַ ריכטער פון וועמענס ענטשיידונג עס איז קיין מיטעל ניט געווען צו אַפּעלירען דורך "הייבעאַס קאָרפּוס" אָדער אויף אַן אַנדער אופן; די איינפאַכע שבועה פון דעם וואָס האָט זיך אָנגעגעבען אַלס אייגענטהימער, אָדער פון זיין אַגענט, איז גענוג געווען אויף בעוויזע אַז זיי דערקענען דעם אַנטלאָפענעם, צו שיקען איהם צוריק צו שקלאַפעריי; אויף שוואַכע בעוויזע האָט דער גאַנצער פּראָצעס געקענט איבערגעטראָגען ווערן פון דעם שטאַאט וואו דער אַנטלאָפענער איז געכאַפּט געוואָרען אין דעם שטאַאט פון וואַנען עס איז בעהויפּטעט געוואָרען אַז ער איז אַנטלאָפען; אַלע פּערזאָנען זיינען געווען געצוואונגען צו העלפען כאַפּען די אַנטלאָפענע ווען דער מאַרשאַל האָט ביי זיי געפאָדערט הילפע; צו שטערען אין דעם אַרעסט פון אַנטלאָפענע, אָדער זיי צו בעהאַלטען, אָדער אויף אירגענד וועלכען אופן זיי צו העלפען אין זייער ויברח, איז בעשטראָפט געוואָרען מיט אַ גרויסע סומע געלד און מיט געפענגניס.

באַלד האָט זיך אויפגעהויבען אַ געשריי פון די נאָרד אַז אַזאַ געזעץ איז "אונגערעכט, אונקאָנסטיטוציאָנעל און אונמאָראַליש". אַלס אַ פּאָליטישער שריט איז דער געזעץ געווען זעהר ניט קיין קלוגער, ווייל קיין זאַך וואָס איז פריהער געטהאָן געוואָרען האָט ניט אויפגעטהאָן אזוי פיעל צום ארויפצוצווינגען די פראַגע אויף די איינוואָהנער פון נאָרד. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און פיעלע נאָרד שטאַאטען האָבען אָנגענומען "פּערזענליכע פרייהייטס געזעצע", וועלכע האָבען בעצוועקט צו שטערען אזוי ווייט וויא מעגליך די דורכפיהרונג פון דעם פערהאַסטען געזעץ. דערווייל איז די פּאַרטיי געגען שקלאַפעריי שנעל געוואַקסען.

274. דער צענזוס; גרויסע פערגרעסערונג פון אימיגראַציאָן. (1850)

גענומען געוואָרען בעזונדער און זיינען ענדליך אָנגענומען געוואָרען איינער נאָך'ן אַנדערן מיט קליינע ענדערונגען. דיזער אָבמאַך איז בעקאַנט אַלס דער קאָמפּראָמיס פון 1850. דיא הויפּט פּונקטען זיינען געווען: (1) אַז קאַליפאָרניא זאָל אריינגעלאָזען ווערן אַלס אַ פרייער שטאַאט; (2) אַז ניו מעקסיקאָ און יוטאַ זאָלען אָרגאַניזירט ווערן אַלס טעריטאָריע, אָהנע צו ערווינערן דיא שקלאַפעריי פראַגע; (3) אַז טעקסעס זאָל אויפגעבען מאַנכע פון איהרע טענות צו לאַנד וועגען וועלכער דער סכסוך איז אָנגעגאַנגען, זיא זאָל דערפאַר קריגען צעהן מיליאָן דאָלער; (4) אַז דער שקלאַפען האַנדעל אין דיסטריקט אָוו קאָלאָמביאַ (וואו דיא שטאָט וואַשינגטאָן געפינט זיך) זאָל פערבאָטען ווערן, הגם שקלאַפעריי אַליין זאָל דאָרט יאָ ערלויבט זיין*); (5) אַז אַ נייער און שטרייננגערער געזעץ וועגען אַנטלאָפענע שקלאַפען זאָל אָנגענומען ווערן.

272. וועבסטער און דער געזעץ וועגען אַנטלאָפענע שקלאַפען. (1850) — דיא דעבאַטע אין קאָנגרעס וועגען דיזע פאָרשלעגע איז געווען לאַנג און ביטער. דאַניעל וועבסטער האָט אין אַ רעדע וואָס ער האָט געהאַלטען דעם 7טען מערץ, 1850, פערטהיידיגט דעם קאָמפּראָמיס און האָט אָנגעגריפען דיא אַבאָלוציאָניסטען אַלס צושטערער פון דאָס לאַנד. צו דער זעלבער צייט האָט ער פערענטפערט דיא שקלאַפעריי. דיזע רעדע האָט געמאַכט אַ גרויסע אויפרעגונג איבער'ן גאַנצען לאַנד. הגם זיינע מאָטיווען פאַר'ן האַלטען דיזע רעדע זיינען קיינמאָל ניט אויפגעקלעהרט געוואָרען, איז מעגליך אַז ער האָט עס געטהאָן אויס מורא פאַר אַ צושפּאַלטונג פון דאָס לאַנד. אָבער וואָס דער מאָטיוו זאָל ניט געווען זיין, וועבסטער'ס גרויסער איינפלוס איז דורך דעם פערשוואונדען. פיעלע פון זיינע פריהערדיגע פריינד האָבען געקוקט אויף איהם וויא אויף אַ רענעגאַט, און זאָגאַר מענשען פון דיא זיד שטאַאטען האָבען איהם וועניג געטרויט. ער איז געשטאָרבען אין 1852, אָהנע צוריק צו געווינען זיין פריהערדיגען איינפלוס.**)

273. קאַליפאָרניא אריינגענומען; דער געזעץ וועגען אַנטלאָפענע שקלאַפען. (1850) — עס שיינט צו זיין וועניג צווייפעל דאָס דער קאָמ־

*) דיזער פּונקט, הגם ער האָט אָביסעל נאָכגעגעבען דעם געפיהל געגען שקלאַפעריי, האָט אָבער ערלויבט דיא מיטגליעדער פון קאָנגרעס און אַנדערע מיטצובריינגען זייערע שקלאַפען אין דער הויפּט שטאָט אָהנע וועלכע עס איז פּראַגען.

**) זעה ווהיטיער'ס פּאָעמען, "אי־כבוד", 1850, און "דיא פערלאָרענע געלעגענהייט", 1880.

pared the "Omnibus Bill," so called because it provided for so many different things.

The bill was a compromise measure designed to settle all existing troubles. Its different provisions were taken up separately, and finally passed one by one with little modification. This arrangement is known as the Compromise of 1850. The chief points were (1) that California should be admitted as a free state; (2) that New Mexico and Utah should be organized as territories without reference to slavery; (3) that Texas should give up some of her claims to the lands in dispute, but should receive $10,000,000 for so doing; (4) that the slave trade in the District of Columbia should be forbidden, though slavery itself should be allowed[1]; (5) that a new and more stringent fugitive slave law should be enacted.

Compromise of 1850.

Webster's "Seventh of March Speech."

**272. Webster and the Fugitive Slave Law. (1850.)** — The debate in Congress over these measures was long and bitter. Daniel Webster, in a speech on the 7th of March, 1850, defended the compromise and attacked the Abolitionists as disturbers of the country, at the same time apologizing for slavery. This speech caused a great sensation all over the country. Though his motive for making it has never been clearly explained, it was probably the fear of secession. Whatever the motive, Webster's great influence was gone. Many of his former friends looked upon him as a renegade, and even southern men distrusted him. He died in 1852, without regaining his former prestige.[2]

**273. California admitted; the Fugitive Slave Law.**

[1] This, while yielding something to the antislavery sentiment, would allow members of Congress and others to bring their slaves to the capital without question.

[2] See Whittier's poems, "Ichabod," 1850, and "The Lost Occasion," 1880.

in their claim. Should these claims of Texas be allowed? Should California come in as a free state? Should New Mexico and Utah be organized as territories with or without slavery? These were the questions before the Congress of 1849–1850.

Another matter was also forcing itself into notice. The South complained that the old fugitive slave law of 1793, for the return of runaway slaves to their owners, was not enforced, and was inadequate. The North on its side com- **Fugitive slaves.**




MEDAL PRESENTED BY CONGRESS TO HENRY CLAY.

plained of the slave trade in the city of Washington, declaring it to be a disgrace to the country. It was now evident that the question of slavery had got into politics and would stay there until some settlement could be made.

271. **Compromise of 1850.** — Extremists on both sides demanded secession as the only remedy, while the moderate men of both sides believed that some arrangement like the Missouri Compromise could be made. Henry Clay had come forward in 1820 as the "Great Pacificator"; now through his influence a committee of the Senate pre- Compromise of 1850.

דיזע טענות פון טעקסעס אָנגענומען ווערן? זאָל קאַליפאָרניא אריינקומען אַלס אַ פרייער שטאַאט? זאָלען ניו מעקסיקאָ און יוטאַ אָרגאַניזירט ווערן אַלס טעריטאָריען מיט אָדער אָהן שקלאַפעריי? דאָס זיינען געווען דיא פראַגען וואָס זיינען פאָרגעלעגען פאַר'ן קאָנגרעס פון דיא יאָהרען 1849—1850.

נאָך אַ פראַגע האָט אויך געצויגען אויף זיך שטאַרק דיא אויפמערק־זאַמקייט. דיא זיד האָט זיך בעקלאָגט אַז דער אַלטער געזעץ וועגען אַנטלאָפענע שקלאַפען וועלכער איז דורכגעפיהרט געוואָרען אין 1793, און וועלכער האָט פאָרגעשריבען אַז אַנטלאָפענע שקלאַפען מוזען אומגעקעהרט ווערן צו זייערע אייגענטהימער, ווערט ניט דורכגעפיהרט, און איז אויך ניט גענוגענד. דיא נאָרד פון איהר זייט האָט זיך בעקלאָגט אויף דעם שקלאַפען האַנדעל אין דער שטאָט וואַשינגטאָן, ערקלערענדיג עס פאַר אַ שאַנדע פאַר'ן גאַנצען לאַנד. עס איז יעצט דייטליך געווען צו זעהן, אַז דיא פראַגע וועגען שקלאַפעריי איז אריין אין דער פאָליטיק און וועט דאָרט פערבלייבען ביז זיא וועט אויף אירגענד וועלכען אופן געשליכטעט ווערן.

271 דער קאָמפּראָמיס פון 1850. — דיא פערביסענע פון ביידע צדדים האָבען געפאָדערט אַ צושיידונג אַלס דיא איינציגע רפואה, וועהרענד דיא רוהיגע־רע פון ביידע צדדים האָבען געגלויבט אַז אַ וועלכער עס איז אָבמאַך וויא דער מיזורי קאָמפּראָמיס קען אויסגעאַרבייט ווערן. הענרי קלעי איז ארויסגעקומען אין 1820 אַלס "דער גרויסער שלום־מאַכער"*); יעצט האָט דורך זיין איינפלוס אַ קאָמיטע פון סענאַט אויסגעאַרבייט דעם "אָמניבוס ביל" ("אָמניבוס" איז אַ דיליזשאַנס, אַ וואָגען וואָס פיהרט אַלערליי פּאַסאַזשירען), וועלכער איז אַזוי גערופען געוואָרען, ווייל ער האָט אין זיך ענטהאַלטען אַזוי פיעל פערשיעדענע פראַגען.

דער פאָרשלאַג איז געווען אַ קאָמפּראָמיס געזעץ וואָס האָט געזאָלט שליכ־טען אַלע עקזיסטירענדע קריעגערייען. דיא פערשיעדענע פונקטען זיינען פאָר־

*) דאָס בילד אויף דער ענגלישער זייטע 301 שטעלט פאָר ביידע זייטען פון דעם מעדאַל וואָס דער קאָנגרעס האָט געגעבען צום שטאַאטסמאַן הענרי קלעי, וועלכער האָט געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אין דער פּאָליטיק פון אַמעריקא צו יענער צייט און האָט גע־האָלפען פערענטפערען זעהר פיעלע שווערע פראַגען.

אויף איין זייט פון מעדאַל איז דאָס בילד פון הענרי קלעי און אויף'ן צווייטען זייט זיינען דיא דאַטען פון וויכטיגע פּאַסירונגען אין וועלכע ער האָט זיך בעטייליגט.

דעמאָקראַטען אין ניו יאָרק, און דער סוף איז געווען אז זיי האָבען דעם שטאאט אָבגעגעבען צו דיא וויגס, און דורך דעם האָבען זיי ערוועהלט טיילאָר און פילמאָר, וועלכע האָבען געקראָגען דיא מאַיאָריטעט פון עלעקטאָרעל שטימען אין ביידע, דיא פרייע און דיא שקלאַפען שטאאטען.

טיילאָר האָט צו פערדאַנקען זיין מיליטערישען ערפאָלג וואָס ער איז אויסגעקליבען געוואָרען אלס א קאנדידאט. ער האָט אליין צוגעגעבען אז ער האָט אין לעבען קיין מאָל ניט געשטימט, און האָט ניט געהאַט קיין ברעקעל פּאָליטישע איבונג; און פיעלע געשיכטען פלעגען דערצעהלט ווערן צו בעווייזען וויא איהם פעהלט דיא נויטיגע בעקאַנטשאַפט מיט פּאָליטישע פראַגען. ער איז געווען אַן עהרליכער מאַן און האָט זיך ארויסגעצייגט אלס א פיעל בעסערער הויפּט-בע-אַמטער וויא מאַנכע וועלכע האָבען געהאַט בעסערע געלעגענהייטען פון איהם. זיין טויט, וועלכער איז געקומען נאָכדעם וויא ער איז געווען בלויז זעכצעהן מאָנאַטען אין אמט, איז אָהנע צווייפעל געווען א גרויסער פערלוסט פאר'ן לאַנד.

269. קאַליפאָרניא אָרגאַניזירט אַ רעגיערונג. (1849) — מיט דיא עמיגראַנטען נאָך קאַליפאָרניען זיינען מיטגעגאַנגען א גרויסע צאָהל רויהע יונגען, גנבים און לומפּען פון יעדען זאָרט, און דער צושטאַנד פון דאָס לאַנד איז געווען זעהר א געזעצלאָזער. דיא אָרדנונגס-ליבענדע מענער צווישען דיא עמיגראַנטען, ווערענדיג ענטריסטעט איבער דיא נאַכלעסיגקייט פון קאָנגרעס, וועלכער האָט פאר זיי ניט פערזאָרגט קיין רעגיערונג, האָבען אין 1849 אָרגאַניזירט אַן אייגע-נע רעגיערונג, און אויף'ן ראַטה פון פּרעזידענט טיילאָר האָבען זיי זיך געווענדעט צום קאָנגרעס פאר אויפנאַהמע אלס א שטאאט. א פּונקט אין דער פאָרגעשלאָ-גענער קאָנסטיטוציאָן, וועלכע האָט פערבאָטען שקלאַפעריי, האָט צווישען דיא זיד מיטגליעדער פון קאָנגרעס ערוועקט אַן אָפּאָזיציאָן געגען דעם פּלאַן. אין צייט פון דער דעבאַטע איבער דער פראַגע איז דער פּרעזידענט געשטאָרבען, און ווייס פּרעזידענט מילאַרד פילמאָר האָט איבערגענומען דיא פּפליכטען פון פּרעזי-דענטען אמט.

270. שווערע פראַגען פאר'ן קאָנגרעס. (1849—1850) — טעקסעס האָט גע'טענהט אז איהר גרענעץ צו דיא וועסט איז דער טייך ריא גראַנד ביז זיין קוואַל. דיזע טענה האָט אין זיך אריינגענומען לאַנד וואָס איז אימער געווען פעררעכענט אלס א טייל פון מעקסיקאָ. אָבער דיא טעקסאַנער, געשטיצט פון אלע זידליכע שטאאטען צוזאַמען, האָבען זיך געהאַלטען ביי זייער טענה. זאָלען

get a single electoral vote, it succeeded in dividing the Democrats in New York, with the result of giving that state to the Whigs, and thereby electing Taylor and Fillmore, who received a majority of electoral votes in both the free and the slave states.

Taylor elected, 1848.

It was because of Taylor's military success alone that he was chosen as a candidate. He himself acknowledged that he had never voted in his life, and had no political training whatever; and many stories were told to show his lack of acquaintance with political affairs. He was a man of integrity, and proved to be a far better chief officer than some who had had greater opportunities. His death, which occurred after he had been sixteen months in office, was an undoubted loss to the country.

California sets up a government.

**269. California sets up a Government.** (1849.) — With the emigrants to California went a large number of ruffians, thieves, and villains of all descriptions, and the condition of that country was a lawless one. The order-loving men among the emigrants, disgusted at the dilatoriness of Congress, which had provided no government for them, set up in 1849 a government of their own, and, by the advice of President Taylor, applied to Congress for admission as a state. A clause in the proposed constitution prohibiting slavery aroused opposition to the measure among the southern members of Congress. During the discussion of the question the President died, and the Vice-President, Millard Fillmore, assumed the duties of the Presidential office.

Death of Taylor, 1850.

Questions before Congress.

**270. Difficult Questions before Congress.** (1849–1850.) — Texas claimed that her western boundary was the river Rio Grande to its source. This claim took in territory which had always been considered a part of Mexico. But the Texans, supported by the South as a whole, persevered

**268. Presidential Candidates; Free-soil Party; Whigs elect Taylor.** (1848.) — In this state of affairs the time for nominating candidates for the Presidency came round. Clear-headed men saw that now there was a distinct issue before the country, but the leaders of both of the great parties dodged the question, and each nominating convention refused to commit itself in regard to slavery. The Democrats chose Lewis Cass of Michigan, as candidate for President, and William O. Butler of Kentucky for Vice-President. The Whigs, following the course which had been so successful in 1840, nominated Zachary Taylor of Louisiana, with Millard Fillmore of New York for Vice-President. Taylor was a slaveholder, but was believed to be opposed to the extension of slavery.

Presidential nominations, 1848.

Zachary Taylor.



ZACHARY TAYLOR.

ZACHARY TAYLOR was born in Virginia, November 24, 1784. He was educated in Kentucky, his father having removed to that state in 1785. He entered the United States army in 1808, and took part in the various Indian wars and showed himself to be a skilful officer. His victories in the Mexican War made him the Whig candidate for President, and he was elected. He died in office, July 9, 1850. He was a man of sterling character, and was known as "Old Rough and Ready."

A number of Whigs and northern Democrats who supported the Wilmot Proviso, dissatisfied with the action of the conventions in regard to slavery, resolved to form a new party. A convention of these, held at Buffalo, formed the "Free-soil Party"; the old Liberty party joined them, and the convention nominated Martin Van Buren and Charles Francis Adams.

In the election which followed, though this party did not

**268. פרעזידענט קאַנדידאַטען; דיא פריי־לאַנד פּאַרטיי; דיא וואיגס ערוועהלען טיילאָר. (1848)** — ווען דאַס לאַנד איז געווען אין דיזען צושטאַנד איז אָנגעקומען דיא צייט פאַר ארויסשטעלען קאַנדידאַטען פאַר פּרעזידענט. מענשען מיט קלאָרע קעפּ האָבען געזעהן אז יעצט ליגט פאַר א דייטליכע פראַגע פאַר׳ן לאַנד, אָבער דיא אָנפיהרער פון ביידע פון דיא גרויסע פּאַרטייען האָבען אויסגעמידען דיא פראַגע, און יעדע פון דיא נאַציאָנאַלע קאָנווענציאָנען האָט זיך ענטזאָגט אויסצושפּרעכען וועגען דער פראַגע פון שקלאַפעריי. דיא דעמאָקראַטען האָבען ארויסגעשטעלט לואיס קעס, פון מישיגען, אַלס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, און וויליאַם אָ. באַטלער, פון קענטאָקי, פאַר וויים־פּרעזידענט. דיא וואיגס, געהענדיג אויף דעם וועג וועלכער איז געווען אזוי ערפאָלגרייך אין 1840, האָבען ארויסגעשטעלט זעקאַרי טיילאָר,*) פון לואיזיענע, מיט מילארד פילמאָר, פון ניו יאָרק, פאַר וויים־פּרעזידענט. טיילאָר איז געווען א שקלאַפען האַלטער, אָבער מען האָט געגלויבט אז ער איז געגען דיא פערשפּרייטונג פון שקלאַפעריי.

אַן אַנצאָהל וואיגס און דעמאָקראַטען פון דיא נאָרד, וועלכע האָבען אונטערשטיצט דעם "ווילמאָט פּאָרשריפט", זייענדיג אונצופרידען מיט דער האַנדלונג פון דיא קאָנווענציאָן וועגען שקלאַפעריי, האָבען בעשלאָסען צו גרינדען א נייע פּאַרטיי. א קאָנווענציאָן איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין באָפאַלאָ און דאָרט איז געגרינדעט געוואָרען דיא "פריי־לאַנד פּאַרטיי"; דיא אַלטע פרייהייטס פּאַרטיי האָט זיך אָן זיי אָנגעשלאָסען, און דיא קאָנווענציאָן האָט ארויסגעשטעלט מארטין וואַן ביורען און טשאַרלס פראַנסיס עדעמס.

הגם דיזע פּאַרטיי האָט ביי דיא פאָלגענדע וואהלען ניט געקראָגען קיין איינציגע עלעקטאָראַל שטימע, איז איהר אָבער געלונגען צו צושפּאַלטען דיא

*) זעקארי טיילאָר, וועמעס בילד געפינט זיך אויף דער ענגלישער זייטע 299, איז געבאָרען געוואָרען אין ווירדזשיניא דעם 24טען נאָוועמבער, 1784. ער האָט זיך אויסגעבילדעט אין קענטאַקי, וויל זיין פאַטער האָט זיך אריבער געקליבען אין יענעם שטאַאט אין 1785. ער איז אריינגעטרעטען אין דער אַרמעע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען אין 1808, האָט זיך בעטייליגט אין פערשיעדענע אינדיאַנער מלחמות און זיך ארויסגעצייגט אַלס פעהיגער אָפיציער. זיינע זיעגע אין דער מעקסיקאַנער מלחמה האָבען איהם געמאַכט פאַר דעם וואיג קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, און ער איז ערוועהלט געוואָרען. ער איז געשטאָרבען אין אמט, דעם 9טען יולי, 1850. ער איז געווען א מאַן מיט א ברילליאַנטענעם כאַראַקטער און איז נאָך אויף דיא עלטערע יאהרען געווען בעקאַנט אַלס א מאַן פון אונערמידליכע ענערגיע און האַנדלונג.

באלד ערעפענט געווארען, און דאס איז געווארען דער ליבלינגס־וועג צו דערגרייכען קאליפארניא ביז דיא פאסיפיק אייזענבאהן קאמפאניע האט אויסגעבויט אן אנגענעהמערן און שנעלערן וועג.

ניט אכטענדיג אויף דיא שוועריגקייטען, זיינען אין וועניגער וויא צוויי יאהר צייט געוועזען אין דיא גרענעצען פון קאליפארניא אזוי פיעל וויא א גוטע 100 טויזענד עמיגראנטען. דיא מייסטע פון זיי זיינען געקומען פון דיא פרייע שטאאטען, און דיזער פאקט האט געהאט א וויכטיגען איינפלוס אויף דער שפעטערדיגער געשיכטע, ניט נור פון קאליפארניא, נור פון גאנצען לאנד.

267. דער ווילמאט פארשריפט. (1846) — דאס וואס מען האט צוגעקראגען אזוי פיעל לאנד, האט ווידער ארויפגעבראכט דיא פראגע וועגען שקלאפעריי אויף אן אופן וואס האט געפאדערט אן ענטפער. טעקסעס איז אריינגענומען געווארען אלס א שקלאפען שטאאט; אבער דיא גאנצע איבריגע טעריטאריע איז געוועזען פריי פון שקלאפעריי אונטער מעקסיקא. זאל דיזע נייע לאנד זיין פרייע אדער ניט פרייע אונטער דיא פעראייניגטע שטאאטען? געוואוינליך האבען אייוואהנער פון דיא זיד שטאאטען ניט געוואלט זיך בעזעצען אין פלעצער וואו זיי האבען ניט געקענט מיטנעהמען זייערע שקלאפען מיט זיך. דיא נארד שטאאטען וואלטען צוריקגעוויזען אירגענד וועלכען פארשלאג צו מאכען שקלאפען לאנד פון דעם וואס איז שוין פריהער געוועזען פרייע לאנד. ווען דער מיזורי קאמפראמיס פון 1820 זאל אנגעווענדעט ווערן צו דער נייער טעריטאריע וואלט דיא ליניע פון 36 און א האלב גראד צוטיילט קאליפארניא כמעט אויף דער העלפט; אבער דאס האט ניט צופריעדענגעשטעלט ניט דיא נארד איינוואהנער, וועמעס פרינציפען עס האט פערלעצט, און ניט דיא זיד איינוואהנער, וועלכע וואלטען אויסגעשלאסען ווערן פון מאנכע פון דיא בעסטע שטיקער לאנד.

אין דער צייט וואס דיא פראגע וועגען קריגען לאנד פון מעקסיקא איז דעבאטירט געווארען אין קאנגרעס, האט דייוויד ווילמאט, א דעמאקראטישער קאנגרעסמאן פון פענסילווייניא פארגעשלאגען אן ענדערונג צו דעם פארגעשלאגענעם געזעץ, וועלכער האט פארגעשריבען אז שקלאפעריי זאל אויף עוויג זיין פערבאטען אויף אירגענד וועלכע לאנד וואס וועט געקויפט ווערן פון מעקסיקא. דאס איז בעקאנט אלס דער "ווילמאט פארשריפט", און אבוואהל ער איז דורכגעגאנגען אין רעפרעזענטאנטען הויז, איז ער דורכגעפאלען אין סענאט. ער איז אבער נאכהער געוועזען א פאליטישער שלאג־ווארט ביי דיא קומענדע צוויי אדער דריי וואהל קעמפפע פאר פרעזידענט.*)

*) העניבאל העמלין (וועלכער איז שפעטער געווארען וויצע-פרעזידענט) האט אין דער אבוועזענהייט פון ווילמאט אריינגעבראכט פאר איהם דעם פאסט אין רעפרעזענטאנטען הויז.

Emigrants in California.

Francisco, was soon opened, and became the favorite way of reaching California until the Pacific railroad offered a pleasanter and more rapid means of travel.

Notwithstanding the hardships, in less than two years there were fully one hundred thousand emigrants within the bounds of California. Most of the emigrants were from the free states, and this fact had an important influence upon the after history, not only of California, but of the whole country.

Slavery and the new territory.

**267. Wilmot Proviso.** (1846.) — The acquisition of so much territory again brought up the question of slavery, and in a way that demanded an answer. Texas had been admitted as a slave state, but all the other territory had been free under Mexico. Should this new territory be free or slave under the United States? As a rule southern men would not settle where they could not take their slaves with them. The North would resist any proposition to make slave territory of that which was already free. If the Missouri Compromise of 1820 were applied to the new country, the line of 36° 30′ would divide California nearly in halves; but this satisfied neither the Northerners, whose principles it violated, nor the Southerners, who would thus be shut out from some of the most desirable lands.

"Wilmot Proviso."

While the question of obtaining territory from Mexico was being debated in Congress, David Wilmot, a Democratic member of the House from Pennsylvania, proposed an amendment to the bill, providing that slavery should be forever prohibited in any territory that might be purchased from Mexico. This is known as the "Wilmot Proviso," and though it passed the House of Representatives (1846), it failed in the Senate. It was, however, a political watchword in the next two or three Presidential campaigns.[1]

[1] Hannibal Hamlin (afterward Vice-President), in the absence of Wilmot, introduced for him the proviso in the House of Representatives.

accomplished the main objects he had set before himself on entering office (sect. 258), and he might well feel satisfied with his success. The tariff had been reduced, the Sub-Treasury had been reëstablished, the Oregon question had been settled, and California had been acquired.

**266. Gold in California.** (1848.) — No one suspected the great value of California. It was known to be of exceptional fertility; this, together with the splendid harbor of San Francisco, was enough to make it highly desirable in American eyes. Scarcely, however, had the treaty with Mexico been arranged when news was brought of the discovery of gold.[1] **Gold in California.**

At once (1849) there was a rush to the gold fields. There were at that time two ways to get there, — around Cape Horn, and by the route overland. By these two routes men hastened to the new El Dorado. Of the two, the overland route was perhaps the more dangerous, for the path lay across vast plains, unoccupied except by herds of buffalo and hostile Indians. These goldseekers were full of an indomitable perseverance that was worthy of a better cause. The hardships and sufferings of these overland emigrants were many and severe. So great was the loss of life among the cattle, and, indeed, among the emigrants themselves, that it was said that the trail could be kept by following the line of whitening bones. **Rush to the gold fields, 1849.**

A third route, by ship or steamer to the Isthmus of Panama, thence across the isthmus and by water to San

[1] The discovery was made by a man named Marshall, during the construction of a mill-race in the valley of the American River, for the sawmill of a Swiss immigrant, Captain Sutter. Gold was actually discovered in January, 1848, before the treaty of Guadalupe Hidalgo had been signed, but news travelled so slowly in those days that the fact was not fully appreciated in the eastern states until December, when President Polk, in his annual message, confirmed the reports and gave them great publicity.

דורכגעפיהרט דיא הויפּט זאַכען וואָס ער האָט זיך אָנגענומען ביים אריינטרעטען אין אמט און ער האָט זיך געמעגט פיהלען גאַנץ צופרידען מיט זיין ערפאָלג. דער טאַריף איז פערקלענערט געוואָרען, דיא צווייגען פון שאַץ־קאַמער זיינען צוריק איינגעפיהרט געוואָרען, דיא אָרעגאָן פראַגע איז געשליכטעט געוואָרען און קאַליפאָרניא איז ערוואָרבען געוואָרען.

266. גאָלד אין קאַליפאָרניאַ. (1848) — קיינער האָט קיין אַהנונג ניט געהאַט וועגען דעם גרויסען ווערטה פון קאַליפאָרניא. מען האָט געוואוסט אַז עס איז אויסערגעוואוינליך פרוכטבאַר און אַז דאָס צוזאַמען מיט דעם גרויסאַרטי־גען האַפען פון סאַן פראַנציסקאָ איז געווען גענוג צו ערוועקען ביי דיא אַמעריקאַ־נער אַ גרויסען חשק צו דאָס לאַנד. אָבער דער אָבמאַך מיט מעקסיקאָ איז נאָך כמעט אין גאַנצען ניט געווען געשלאָסען, ווען עס איז געבראַכט געוואָרען דיא נייעס וועגען דיא ענטדעקונג פון גאָלד.*)

באַלד (1849) איז געוואָרען אַ געלאַף צו דיא גאָלד פעלדער. עס זיינען צו יענער צייט געווען צוויי וועגען צו קומען אַהין — אַרום דעם קאַפּ האָרן און דורך דעם וועג אויף דער יבשה. דורך דיזע צוויי וועגען האָבען זיך מענשען געאיילט צו דיא נייע עלדאָראַדאָ. פון דיא צוויי איז דער יבשה וועג געווען פיע־לייכט דער מעהר געפעהרליכער, ווייל ער איז געלעגען איבער אַן אונגעהייערע וויסטעניס, אונבעוואָהנט, אויסער פיעלייכט פון סטאַדעס בופעל־אָקסען און פיינדליכע אינדיאַנער. דיזע גאָלד זוכער זיינען געווען אָנגעפילט מיט אַן אונ־בעהערשבאַרע ענטשלאָסענהייט וואָס וואָלט געמעגט בענוצט ווערן פאַר אַ בע־סערן צוועק. דיא שוועריגקייטען און ליידען פון דיא עמיגראַנטען וואָס האָבען גע־רייזט איבער'ן לאַנד זיינען געווען אונגעהייערע. אַזוי גרויס איז געווען דער פער־לוסט פון לעבענס צווישען דיא פיה, און טאַקע אויך צווישען דיא עמיגראַנטען אַליין, אַז מען האָט געזאָגט דאָס זייער שפּור וואָלט געקענט געפונען ווערן ווען מען זאָל נאָכגעהן דער ליניע פון פערטריקענטע ביינער.

אַ דריטער וועג, מיט'ן שיף אָדער דאַמפּפער צו דעם איסטמוס פון פּאַנאַמאַ, דאַן אַריבער דעם איסטמוס און מיט'ן וואַסער נאָך סאַן פראַנציסקאָ, איז

*) דיא ענטדעקונג איז געמאַכט געוואָרען פון אַ מאַן מיט'ן נאָמען מאַרשאַל, בעת ער האָט געהאַלטען אין בויען אַ זעג־מיל פאַר אַ שווייצאַרישען אימיגראַנט, קאַפּיטאַן סאַטער, אין דעם טהאַל פון אַמעריקאַן ריווער (טייך). גאָלד איז אייגענטליך שוין ענטדעקט געוואָרען אין יאַנואַר, 1848, איידער דער אָבמאַך פון גוואַדאַלופּאַ הידאַלגאָ איז נאָך אונטערשריבען געווען, אָבער נייעס איז געגאַנגען אַזוי לאַנגזאַם אין יענער צייט, אַז דער פאַקט איז ניט ריכטיג בעקאַנט געוואָרען אין דיא אָסטליכע שטאַאַטען ביז דעצעמבער, ווען פּרעזידענט פּאָלק האָט אין זיין יעהרליכען באָטשאַפט בעשטעטיגט דיא בעריכטען און האָט זיי געלאָזט ברייט פערשפּרייטען איבער'ן גאַנצען לאַנד.

ניט דיא פעראייניגטע שטאַאטען און אויך ניט ענגלאַנד האָט געהאַט אַן אונבעשטרייטבאַרע רעכט, און דארום איז אַ קאָמפּראָמיס געווען דער נאַטירליכער און אויך ריכטיגסטער אָבמאַך; אויף דעם האָט מען איינגעשטימט. דיא ליניע פון 49 גראַד נאָרד לאַטיטוד, וועלכע איז שוין געווען דער גרענעץ פון דעם "לייק אָוו דהי וואודס" ביז דיא ראָקי מאַונטיינס, איז אָבגעמאַכט געוואָרען אַלס דיא ליניע ביז צום ברעג פון פּאַסיפישען אָקעאַן, אָבער ענגלאַנד האָט פאַר זיך געזאָלט בעהאַלטען דעם ווענקואווער אינזעל. דיזער פריעדליכער אָבמאַך "איז געווען אי גערעכט, אי עהרליך, אי צופרידענשטעלענד".*)

265. צווייגען פון שאַץ־קאַמער ווידער איינגעפיהרט; טאַריף; פּאָלק׳ס ערפאָלג. (1848—1846) — דיא צווייגען פון שאַץ־קאַמער זיינען, וויא בעוואוסט, אָבגעשאַפט געוואָרען אין 1841, און דיא רעגיערונג האָט זיך זינט דאַן בענוצט מיט דיא פריוואַט באַנקען. ביי דער ערשטער זיצונג פון דעם נייעם קאָנגרעס איז אַ פערבעסערטע סיסטעמע, אָבוואָהל כמעט עהנליך צו דיא אַלטע, אויסגעאַרבייט געוואָרען, און אַ געזעץ וואָס האָט עס איינגעפיהרט איז שנעל דורכגעפיהרט געוואָרען. דיזער געזעץ איז נאָך יעצט אין קראַפט (1901).

פּאָלק האָט אין זיין ערשטען באָטשאַפט געראַטהען רעווידירען דעם טאַריף אַזוי אַז דיא צאָל זאָל פערקלענערט ווערן און צו מאַכען אַ טאַריף וואָס זאָל זיין בלויז פאַר הכנסה. נאָך אַ היבשען קאַמפף האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אַ געזעץ, וועלכער איז בעקאַנט אַלס דער טאַריף פון 1846; דאָס איז בלויז געווען אַ מילדער פּראָטעקציאָנס געזעץ, און ביז 1861 איז דאָס לאַנד מעהר געווען אויף אַ פרייען־האַנדעל באַזיס וויא אין אירגענד וועלכער פעריאָדע זינט 1816. אונטער דיזען טאַריף זיינען שטייערן געווען "אד וואַלאָרעם" — דאָס הייסט, לויט דעם ווערטה פון דיא אַריינגעפיהרטע סחורות.

מען קען אַלזאָ זעהן אַז אין ווייניגער וויא דריי יאָהר האָט פּאָלק געהאַט

*) דיא טענות פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען צו אָרעגאָן זיינען געווען בעגרינדעט: (1) אויף גרעי׳ס בעזוך ביים קאָלאָמביאַ טייך אין 1792; (2) אויף לואיס און קלאַרק׳ס ערפאָרשונגען; (3) אויף׳ן אָבקויפען פון דער לואיזיענע טעריטאָריע; (4) אויף דעם שפּאַנישען טראַקטאַט פון 1819; (5) אויף דעם וואָס ענגלאַנד האָט צוריק געגעבען אַסטאָריאַ, אַן אַמעריקאַנער פּאָסטען, נאָך דער מלחמה פון 1812; (6) דיא אַמעריקאַנער בעזעצונגען זיד פון דעם 49טען פּאַראַלעל.

דער טראַקטאַט איז פּראָקלאַמירט געוואָרען אין קראַפט דעם 5טען אויגוסט, 1846. פון דעם ברעג פּאַסיפיק אָקעאַן האָט דיא גרענעץ ליניע געזאָלט נאָכפאָלגען "דעם מיטען פון דעם קאַנאַל, וועלכער טיילט אָב דעם קאָנטינענט פון ווענקואווער אינזעל." אַ פראַגע איז נאָכהער ערהויבען געוואָרען וועגען דעם ריכטיגען קאַנאַל, און דיא זאַך איז ניט געשליכטעט געוואָרען ביז 1871. דיא אָרעגאָן לאַנד וועלכע איז אויף אַזאַ אופן איבערגעלאָזען געוואָרען פאַר דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָט ארומגענומען דיא איצטיגע שטאַאטען אָרעגאָן, וואַשינגטאָן, איידאַהאָ און טיילען פון מאָנטאַנאַ און ווייאָמינג.

Boundary line agreed upon.

Neither the United States nor Great Britain had an indisputable claim, and so a compromise was the natural as well as the fairest settlement; this was agreed upon. The line of 49° north latitude, already the boundary from the Lake of the Woods to the Rocky Mountains was settled on as the line to the coast, but England was to retain Vancouver Island. This peaceful settlement "was at once just, honorable, and fortunate."[1]

Sub-Treasury.

**265. Sub-Treasuries reestablished; Tariff; Polk's Success.** (1846-1848.) — The Sub-Treasury system had been abolished in 1841, and the government had since availed itself of private banks. At the first session of the new Congress an improved system, though essentially similar to the old one, was devised, and a bill establishing it was promptly passed. This is still in force (1901).

Tariff of 1846.

Polk in his first message advised a revision of the tariff so as to reduce duties and make a tariff for revenue only. After a considerable struggle Congress passed a bill known as the Tariff of 1846; this was only a moderately protective measure, and until 1861 the country was more nearly upon a free trade basis than during any period since 1816. Under this tariff all duties were *ad valorem*.

It will be seen that in less than three years Polk had

[1] The claims of the United States to Oregon rested (1) on Gray's visit to the Columbia River in 1792 (sect. 174); (2) on Lewis and Clark's explorations (sect. 174); (3) on the Louisiana Purchase; (4) on the Spanish treaty of 1819; (5) on the retrocession by England of Astoria, an American post, after the War of 1812; (6) the American settlements south of the 49° parallel.

The treaty was proclaimed in force August 5, 1846. From the coast the boundary line was to follow "the middle of the channel which separates the continent from Vancouver Island." A question having arisen as to the true channel, the matter was not settled until 1871 (see sect. 371). The Oregon country thus confirmed to the United States embraced the present states of Oregon, Washington, Idaho, and parts of Montana and Wyoming.

of persons were ready to try their fortunes on the Pacific coast. The first band of emigrants went out from Massachusetts in 1832. The American Board of Commissioners for Foreign Missions in 1836 sent out to the Oregon Indians missionaries, among them Dr. Marcus Whitman. In the years following other missionaries, both Catholic and Protestant, were sent. A small band of emigrants went in 1841, a larger one the next year, and in 1843 a band of more than eight hundred persons emigrated to the distant country. Isolated from the rest of the population, these emigrants showed themselves good examples of the earnest, self-reliant, self-governing American pioneer.

**Missionaries to Oregon.**

In the Presidential campaign of 1844, one of the Democratic cries had been, "Fifty-four forty [54° 40′] or fight," that latitude being the southern boundary of the Russian possessions, and one which would exclude Great Britain altogether from the western coast of the continent. It was folly to suppose that England would agree to such terms without a conflict.[1] In his inaugural, Polk took a warlike tone which, though probably meant for political effect, stimulated the emigration already begun. In 1845, about seven thousand American citizens were actually living within Oregon, while the British occupancy was limited to a few forts and stations of the Hudson's Bay Company.

**"Fifty-four forty or fight."**

By the Florida treaty of 1819 the parallel of 42° north latitude had been agreed upon as the northern boundary of the Spanish possessions, and to this line Mexico extended without question; the disputed territory was therefore between 42° and 54° 40′. Of this the United States claimed all, while Great Britain claimed to a point somewhat south of the Columbia River.

[1] The United States already had offered to compromise on the line of 49°.

אויף'ן פאסיפישען ברעג. דיא ערשטע קאמפאניע עמיגראנטען זיינען ארויס פון מאסאטשוזעטס אין 1832. דער אמעריקאנער קאמיטעט פון קאמיסיאנערן וואס פיהרט אן דיא מיסיאנערסקע ארבייט אין פרעמדע לענדער, האט אין 1836 ארויסגעשיקט מיסיאנערן צו דיא ארעגאן אינדיאנער. צווישען דיזע מיסיאנערן איז געווען דאקטאר מארקוס וויטמאן. שפעטער זיינען אנדערע מיסיאנערן, קאטאליקען און פראטעסטאנטען, ארויסגעשיקט געווארען. א קליינע קאמפאניע עמיגראנטען איז אוועק אין 1841, א גרעסערע קאמפאניע דעם קומענדען יאהר, און אין 1843 האבען מעהר וויא אכט הונדערט פערזאן עמיגרירט נאך דער ווייטער טעריטאריע. אבגעטיילט פון דיא איבעריגע איינוואהנער, האבען זיך דיזע עמיגראנטען ארויסגעצייגט אלס גוטע ביישפילע פון דעם ערנסטען זעלבסט־פערטרויטען, זעלבסט רעגיערענדען אמעריקאנער פיאניר.

אין דעם פרעזידענטען וואהל־קאמפף פון 1844 איז איינער פון דיא דעמאקראטישע געשרייען געווען "פיער און פופציג פערציג (54 גראד 40 מינוטען) אדער קאמפף". דער ציפער "פיער און פופציג פערציג" האט בעצייכענט אויף'ן לאנד קארטע דיא זיד גרענעצען פון דיא רוסישע פאסעסיעס, און דאס וואלט אויסגעשלאסען ענגלאנד אין גאנצען פון דעם וועסטליכען ברעג פון דעם נארד אמעריקאנעם קאנטינענט. עס איז נאריש געווען אנצונעהמען אז ענגלאנד וועט צושטימען דערצו אהן א קאמפף.*) אין זיין איינשווערונגס רעדע האט פרעזידענט פאלק אנגענומען א קריעגערישען טאן, וועלכער, הגם ער איז פיעלייכט געמיינט געווארען בלויז פאר פאליטישען עפעקט, האט ערמוטהיגט דיא עמיגראציאן וואס האט זיך שוין געהאט אנגעפאנגען. אין 1845 האבען שוין אונגעפעהר זיבען טויזענד אמעריקאנער בירגער ווירקליך געוואהנט אין ארעגאן, וועהרענד דיא ענגלישע הערשאפט איז געווען בעשריינקט צו בלויז איינינגע פעסטונגען און סטאציאנען פון דער האדסען'ס בעי קאמפאניע.

דורך דעם פלארידא טראקטאט פון 1819 האט מען איינגעשטימט אויף דעם פאראלעל פון 42טען גראד נארד לאטיטוד אלס דיא נארד גרענעצען פון דיא שפאנישע פאסעסיעס, און צו דיזער ליניע האט זיך מעקסיקא פערשפרייט אהנע אירגענד וועלכע שטערונג; דאס לאנד איבער וועלכער עס איז געווען א סכסוך האט זיך דארום געפונען צווישען 42 גראד און 54 גראד און 40 מינוטען. פון דעם האט דיא פעראייניגטע שטאאטען געפאדערט אין גאנצען, וועהרענד ענגלאנד האט געפאדערט ביז א פונקט עטוואס זיד פון דעם טייך קאלאמביא.

*) דיא פעראייניגטע שטאאטען האט שוין דאן געהאט אנגעבאטען צו מאכען א קאמפראמיס אויף דער ליניע פון 49טען גראד. יעדער גראד, וויא בעוואוסט, איז צוטיילט אויף 60 מינוט און יעדע מינוט אויף 60 סעקונדען.

עס איז צו יענער צייט געווען א גרויסע אָפּאָזיציאָן צו דער מלחמה, אָבער ניט שטארק גענוג עס צום פערמיידען.*) הגם עס איז געווען פיעל בעסער אז דיא גרויסע טעריטאָריע וואָס איז ערוואָרבען געוואָרען זאָל זיין אונטער אמעריקאַנישער קאָנטראָלע, איז אָבער דאָ ווענינ אורזאכע צו צווייפלען, אז עס וואָלט אין גיכען סיי וויא סיי געקומען אונטער דער הערשאפט פון דיא פעראייניגטע שטאאטען דורך אן אָבמאַך, אָדער האנדעל, אָדער אויף אירגענד אן אנדערן, וועניגער צווייפעלהאפטען וועג, וויא דער אויף וועלכען מען איז געגאנגען.

264. אָרעגאָן. (1815—1846)—ניט נור איבער דיא גרענעצען זיינען דאָן געווען סכסוכים. ערשט אין 1842 איז אויסגעגלייכט געוואָרען דער נאָרד־אָסטליכער גרענעץ סכסוך צווישען ענגלאנד און דיא פעראייניגטע שטאאטען; אָבער צו יענער צייט האָט מען עס ניט געהאַלטען פאר פּראקטיש זיך אריינצולאָזען אין דער פראגע וועגען דעם נאָרד־וועסטליכען גרענעץ, וועגען וועלכען מען האָט זיך אויך ניט געקענט אייניגען. עס איז דארום איבערגעלאָזען געוואָרען פאר צוקונפטיגע אונטערהאנדלונגען, און אן אָבמאַך וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אין יאָהר 1818 און איז בענייט געוואָרען פון צייט צו צייט האָבען ביידע לענדער צוזאמען געהאַלטען דאָס לאנד וועסט פון דיא ראָקי מאָונטיינס. זעהר וועניג האָט מען געוואוסט אין דיא אָסטליכע שטאאטען וועגען דעם כאראַקטער פון דיא אָרעגאָן לאנד. פיעלע פעהיגע מענשען האָבען געהאַלטען דעם בעזיץ דערפון פאר א גאנץ קליינער וויכטיגקייט און זיינען גאנץ גרייט געווען עס אָבצוגעבען צו ענגלאנד.**)

ניט איבעראַל איז אָבער אזוי געווען. אין מאַנכע שטאאטען האָבען דיא איינוואָהנער ארויסגעוויזען א היבשען אינטערעס אין דער אָרעגאָן טעריטאָריע, און א היבשע צאָהל פּערזאָנען זיינען גרייט געווען צו פּרובירען זייער גליק

---

*) לאָועל׳ס "ביגלאָו פּייפּערס", ערשטע סעריע, דריקען אויס דיזען געפיהל גאנץ קלאָר. גענעראַל גרענט האָט געזאָגט אז דיא מעקסיקאנער מלחמה איז געווען "איינע פון דיא אונגערעכטעסטע וואָס איז ווען געפיהרט געוואָרען פון א שטאַרקערע גענען א שוואכערע נאציאָן. — ("פּערזענליכע מעמוארען", ערשטער באנד, זייטע 53).

**) סענאַטאָר מעק׳דאפי, פון זיד קעראָליינא, האָט נאָך אזוי שפּעט וויא אין יאהר 1843 געזאָגט: "וואָס איז דיא נאַטור פון דיזעם לאנד? וויא איך פערשטעה עס, זיינען זיבען הונדערט מייל פון דיזען זייט פון דיא ראָקי מאָונטיינס אונוואָהנבאַר, א געגענד וואו רעגען פאלט זעלטען; א פּוסטער זאמדיגער גרונד, בערג וואָס זיינען גאָר ניט צום דורכגעהן. נון, אלזא, וואָס וועט איהר טהאָן אין דיזען פאַל? וויא וועט איהר בענוצען דאמפף? האָט איהר כאָטש פּרובירט אָבשאַצען דיא קאָסטען פון אן אייזענבאהן פון דאָנען נאָך קאָלאמביא? דוכט זיך, דער רייכטהום פון דיא אינדיס וואָלט ניט גענוג געווען. וואָס פאר א נוצען וועט עס זיין פאר אגריקולטורעלע צוועקען? דעם אמת געזאָגט, פאר דיזען צוועק, וואָלט איך קיין שמעק טאַבאַק ניט געגעבען פאר דאָס גאנצע לאנד. איך דאַנק גאָט פאר זיין רחמנות וואָס ער האָט דאָרט אַוועקגעשטעלט אַזעלכע בערג וויא דיא ראָקי מאָונטיינס".


117
107
97
BRITISH AMERICA
OREGON
TERRITORY
MINNESOTA
TERRITORY
MISSOURI
TERRITORY
UNITED STATES
IOWA
TERRITORY
CEDED BY
MEXICO
TO THE
UNITED STATES
1848
SALT LAKE CITY
SAN FRANCISCO
MONTEREY
SANTA FE
LAS VEGAS
LOS ANGELES
SAN DIEGO
GADSDEN
PURCHASE
1853
TEXAS
ANNEXED 1845
MISSOURI
ARKANSAS
LOUISIANA
LOWER CALIFORNIA
Gulf of California
SAN ANTONIO
SAN JACINTO
CHIHUAHUA
GUAYMAS
CORPUS CHRISTI
GULF
FT. BROWN
MATAMORAS
OF
MEXICO
PACIFIC
OCEAN
SALTILLO
MONTEREY
BUENA VISTA
MEXICO
TROPIC OF CANCER
MAZATLAN
VICTORIA
TAMPICO
SAN LUIS POTOSI
MEXICO
CONTRERAS
VERA CRUZ
CERRO GORDO
MANZANILLO
ACAPULCO
40
30
20
MAP SHOWING THE
TERRITORY ACQUIRED
FROM MEXICO
AS THE RESULT OF
THE MEXICAN WAR
J. PETERS & SON ENGRS., BOSTON.
117 Longitude West 107 from Greenwich 97

There was at the time much opposition to the war, though not sufficient to prevent it.[1] While it has been far better that the large territory acquired should be under American control, there is little reason to doubt that it would soon have come under the rule of the United States through settlement, or purchase, or in some way less questionable than that which was followed.

**Oregon.**

**264. Oregon.** (1815–1846.) — It was not only the southern boundaries which were in dispute. The northeastern boundary difficulties with Great Britain had been settled in 1842, but at that time it had not seemed practicable to enter upon the question of the northwestern boundary, which was also in dispute. It was accordingly left for future negotiation, both countries maintaining a joint occupancy of the country west of the Rocky Mountains under an arrangement dating from 1818, and renewed from time to time. Very little was known in the eastern states of the character of the Oregon country. Many able men thought its possession of little moment and were quite ready to yield it to England.[2]

There was, however, in not a few states of the union much interest in the Oregon country, and a goodly number

[1] Lowell's "Biglow Papers," first series, express this feeling very clearly. General Grant said that the Mexican War was "one of the most unjust ever waged by a stronger against a weaker nation." "Personal Memoirs," i. 53.

[2] Senator McDuffie, of South Carolina, said as late as 1843: "What is the nature of this country? Why, as I understand it, seven hundred miles this side of the Rocky Mountains is uninhabitable; a region where rain seldom falls; a barren sandy soil; mountains totally impassable. Well, now, what are we going to do in this case? How are you going to apply steam? Have you made anything like an estimate of the cost of a railroad from here to the Columbia? Why, the wealth of the Indies would be insufficient. Of what use will this be for agricultural purposes? Why, I would not for that purpose give a pinch of snuff for the whole territory. I thank God for his mercy in placing the Rocky Mountains there."

immediate neighborhood of the city of Mexico, that city surrendered September 14, 1847, and the war was practically over.

263. **Terms of Peace with Mexico.** (1848.) — It was by no means easy to agree upon terms of peace. The one thing upon which the Mexicans of all factions were united, was that territory should not be given up; while territory was exactly what the United States had fought for. Moreover the United States held some of the fairest provinces of Mexico, and had no intention of returning them. **Peace, 1848**

**Terms of peace.** After many fruitless negotiations, and a revolution in Mexico, a treaty was arranged in February, 1848, at Guadalupe Hidalgo,[1] a little place near the capital. By its terms the United States was to pay Mexico $15,000,000, satisfy claims of American citizens against her to the amount of about $3,500,000, and receive in return the territory comprising old New Mexico and Upper California. The Rio Grande was recognized as the boundary of Texas. By this treaty 522,568 square miles of territory was added to the United States.[2]

**Cost of the war.** The total cost to the United States of the Mexican War was in the neighborhood of $100,000,000, besides the loss of life, which, while small on the battle-field or from wounds, was large from disease. Though successful in every encounter, the country had little cause for pride, for her successes were won in a questionable war against a weak and divided enemy.

[1] Guadalupe Hidalgo (Gwah-dah-loo′pa Hee-dahl′go).

[2] In consequence of a difficulty regarding the exact boundary, a treaty was negotiated with Mexico, through James Gadsden in 1853, by which 45,535 square miles south of New Mexico were purchased from Mexico for the sum of $10,000,000. This tract is usually called the Gadsden Purchase. Texas had added 371,063 square miles, making the total of these additions 939,166 square miles, so that again the United States had acquired more than the area of the original thirteen states.

דעם 14טען סעפּטעמבער, 1847, און דיא מלחמה איז שוין געווען כמעט פאַריבער.

263. **דיא בעדינגונגען פאַר פריעדען מיט מעקסיקאָ. (1848)** — עס איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך זיך צו איינינגען אויף דיא פּונקטען פון פריעדען. דיא איינציגע זאַך אויף וועלכע דיא מעקסיקאַנער פון אַלע פּאַרטייען זיינען געווען פעראייניגט, איז געווען אז קיין לאַנד זאָל ניט אָבגעגעבען ווערן; וועהרענד לאַנד איז געווען גראַדע דיא איינציגע זאַך פאַר וואָס דיא פעראייניגטע שטאַאַטען האָט זיך געשלאָגען. נאָך מעהר, דיא פעראייניגטע שטאַאַטען האָט שוין געהאַלטען מאַנכע פון דיא שעהנסטע פּראָווינצען פון מעקסיקאָ און האָט גאָר בדעה ניט געהאַט זיי צוריק אומצוקעהרען.

נאָך פיעלע פּרוכטלאָזע אונטערהאַנדלונגען, און נאָכדעם וויא אַ רעוואָלוציאָן האָט אויסגעבראָכען אין מעקסיקאָ, איז אַן אָבמאַך געשלאָסען געוואָרען אין פעברואַר, 1848, אין גוואַדאַלופּאַ הידאַלגאָ, אַ קליינע שטעטעל ניט ווייט פון דער הויפּט שטאָט. נאָך דיא פּונקטען פון דעם אָבמאַך האָט דיא פעראייניגטע שטאַאַטען גערארפט בעצאָהלען צו מעקסיקאָ פופצעהן מיליאָן דאָלער, צופריעדען צו שטעלען דיא פאָדערונגען פון אַמעריקאַנער בירגער געגען איהר אויף דער סומע פון דריי און אַ האַלב מיליאָן דאָלער, און קריגען דערפאַר דאָס לאַנד וואָס שטעלט צוזאַמען אַלט ניו מעקסיקאָ אין אויבערשטען טייל קאַליפאָרניאַ. דער ריאָ גראַנד טייך איז אַנערקענט געוואָרען אַלס דער גרענעץ פון טעקסעס. דורך דיזען אָבמאַך איז אַ טעריטאָריע פון 522,568 קוואַדראַטנע מייל צוגעקומען צו דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.*)

דיא גאַנצע מעקסיקאַנער מלחמה האָט אָבגעקאָסט דיא פעראייניגטע שטאַאַטען אונגעפעהר 100 מיליאָן דאָלער, אויסער דער פערלוסט פון לעבענס, וועלכער, הגם ער איז געווען קליין אויף'ן שלאַכטפעלד אָדער פון וואונדען, איז אָבער פערגרעסערט געוואָרען דורך קראַנקהייט. דיא פעראייניגטע שטאַאַטען האָט, טראָץ איהר ערפאָלג אין יעדער הינזיכט, געהאַט ווייניג מיט וואָס צו שטאָלצירען, ווייל איהר ערפאָלג איז עררונגען געוואָרען אין אַ ניט קיין גאַנץ גערעכטער מלחמה געגען אַ שוואַכען און צוטיילטען שונא.

*) צוליב אַ שוועריגקייט וועגען דיא ריכטיגע גרענעץ ליניען, איז אַ נייער טראַקטאַט געשלאָסען געוואָרען מיט מעקסיקאָ, דורך דזשיימס גאַדסדען, אין יאָהר 1853, דורך וועלכען 45,535 קוואַדראַטנע מייל צום זיד זייט פון ניו מעקסיקאָ זיינען אָבגעקויפט געוואָרען פון מעקסיקאָ פאַר דער סומע פון צעהן מיליאָן דאָלער. דיזע שטיק לאַנד ווערט מייסטענס גערופען דער "גאַדסדען איינקויף". טעקסעס האָט צוגעגעבען 371,063 קוואַדראַטנע מייל, מאַכענדיג צוזאַמען אַ סך הכל פון 939,166 קוואַדראַטנע מייל. דאָס מיינט אז דיא פעראייניגטע שטאַאַטען האָט ווידער צוגעקראָגען מעהר לאַנד וויא דער שטח פון דיא ערשטע דרייצעהן שטאַאַטען וואָס האָבען געקעמפּפט פאַר אונאָבהענגיגקייט.

261. קאליפארניא פערכאפט. (1845—1846) — אין דעם ווינטער פון 1845 איז קאפיטאן דזשאן סי. פרעמאנט, וועלכער איז דאן געוועזן אויף א דריטע פארשונגס עקספעדיציאן צו דיא וועסט פון דיא ראקי מאונטיינס, אריין אין קאליפארניא און האט זיך אנגענומען פאר דיא אמעריקאנער קאלאניסטען, וועלכע האבען געטענה'ט אז זיי ווערן אונטערדריקט פון דעם מעקסיקאנער גובערנאטאר. אן אונאבהענגיגע רעגיערונג איז געגרינדעט געווארען, און דורך דיא הילפע פון פרעמאנט, מיט דיא קאמאדארען סלאוט און סטאקטאן, וועלכע האבען געהאט איינגענומען כמעט אהן א קאמפף דיא פארטען פון מאנטערעי, סאן פראנציסקא, און לאס אנדזשעלעס, איז גאנץ קאליפארניא, א שטיק לאנד פון אונגעהייער גרויסען ווערטה, אריינגעפאלען אין דיא הענד פון דיא פעראייניגטע שטאאטען.

262. סקאט'ס פעלד־צוג; דיא שטאט מעקסיקא איינגענומען. (1847) — אזוי וויא עס איז געוועזן קלאר אז דיא מעקסיקאנער וועט זיין שווער בייצוקומען, איז בעשלאסען געווארען צו אטאקירען דיא הויפט שטאט דורך א נייעם וועג. א גרויסע פלאטען מאכט מיט צוועלף טויזענד סאלדאטען איז אבגעפאהרען נאך ווערא קרוז, דער האפען פון דיא שטאט מעקסיקא. נאך א באמבארדירונג פון פיער טעג האט זיך ווערא קרוז אונטערגעגעבען צוזאמען מיט דער פעסטונג סאן זשואן דע אולאא, דיא שטארקסטע פעסטונג אין מעקסיקא.

אונגעפעהר אין מיטען אפריל, 1847, האט גענעראל ווינפיעלד סקאט אנגעפאנגען זיין מארש נאך דער שטאט מעקסיקא, טאקע פון דעם זעלבען פונקט און כמעט איבער דעם זעלבען וועג וועלכער איז שוין לאנג צוריק גענומען געווארען פון קארטעז. זיין דיסציפלין, פעהיגקייט און אינטעליגענץ, וויא אויך דיא בראווקייט פון זיינע סאלדאטען, זיינען איהם געשטאנען בעסער צור דיענסט וויא דיא גרעסערע צאהל און דער נאטירליכער פארצוג וואס דיא מעקסיקאנער האבען געהאט.

דעם איינציגען ערנסטען ווידערשטאנד וואס דיא אמעריקאנער ארמעע האט געטראפען אויף'ן וועג איז געוועזן ביי צערא גארדא, אונגעפעהר פופציג מייל ווייט פון ווערא קרוז. נאך א קורצען קאמפף זיינען דא דיא מעקסיקאנער אונטער סאנטא אנא צוריקגעטריבען געווארען און דיא זיעגרייכע ארמעע האט פארטגעזעצט איהר מארש. נאך איינינע שארפע שלאכטען אין דער נאהענטער נאכבארשאפט פון דער שטאט מעקסיקא, האט זיך דיזע שטאט אונטערגעגעבען

arrived, news was received that it was already in the possession of the United States.

California occupied.

**261. California Captured.** (1845–1846.) — In the winter of 1845 Captain John C. Frémont, then on a third exploring expedition west of the Rocky Mountains, passed into California and took up the cause of the American settlers, who claimed to be oppressed by the Mexican governor. An independent government was set up, and through the coöperation of Frémont with Commodores Sloat and Stockton, who had captured almost without a struggle the ports of Monterey, San Francisco, and Los Angeles, the whole of California, a possession of incalculable value, fell into the hands of the United States.

General Scott's campaign.

**262. Scott's Campaign; City of Mexico Captured.** (1847.) — It being clear that the Mexicans would be difficult to overcome, it was determined to attack the capital by a new route. A large naval force with twelve thousand troops sailed for Vera Cruz, the port of the city of Mexico. After a bombardment of four days, Vera Cruz, with the fort of San Juan de Ulloa, the strongest fortification in Mexico, surrendered.

About the middle of April, 1847, General Winfield Scott began his march to the city of Mexico from the very point and over nearly the route adopted so long before by Cortez. His discipline, skill, and intelligence, and the excellence of his troops, proved superior to the much larger numbers and great natural advantages of the Mexicans.

Mexicans driven back.

The only serious resistance the American army met on its way was at Cerro Gordo, about fifty miles from Vera Cruz. Here, after a short conflict, the Mexicans under Santa Anna were driven back, and the victorious army continued its march. After several sharp battles in the

having determined to attack the capital, withdrew many of his men, and he was forced to cease operations. Before long, feeling himself ill-used by the administration, he resigned his position. The United States, however, continued to hold northern Mexico.

**Taylor resigns.**




MAP OF THE MEXICAN WAR.

The expedition against New Mexico was entirely successful. By the summer of 1846 the region was controlled by United States forces, and Kearny, leaving part of his troops to retain it, set off for California; but before he

**New Mexico seized.**

אין צאָהל פון סאָלדאַטען, האָט בייגעקומען דיא מעקסיקאַנער ביי מאָנטערעי, און ביי בוענא וויסטא (דעם 27טען פעברואר, 1847); אָבער אַזוי וויא דיא רעגיערונג האָט בעשלאָסען צו אַטאַקירען דיא הויפּט שטאָט, האָט זיא צוריק געצויגען פיעלע פון זיינע סאָלדאַטען, און ער איז געצוואונגען געווען צו אונטערברעכען זיינע אונטערנעהמונגען. אַ קורצע צייט נאָכדעם, פיהלענדיג, אַז ער איז שלעכט בעהאַנדעלט געוואָרען פון דער רעגיערונג, האָט ער זיך אין גאַנצען ענטזאָגט פון זיין שטעלע. אָבער דיא פּעראייניגטע שטאַאטען האָט נאָך וויטער געהאַלטען נאָרד מעקסיקאָ.*)

דיא עקספּעדיציאָן געגען ניו מעקסיקאָ איז אין גאַנצען געווען ערפאָלגרייך. ארום דעם זומער פון 1846 איז דער געגענד קאָנטראָלירט געוואָרען פון דיא אַמעריקאַנער סאָלדאַטען, און קירני, איבערלאָזענדיג אַ טייל פון זיינע סאָלדאַטען, דיא פערנומענע פלעצער אָנצוהאַלטען, איז ארויס נאָך קאַליפאָרניא; אָבער איידער ער איז אַהין אָנגעקומען איז ערהאַלטען געוואָרען דיא נאַכריכט אַז קאַליפאָרניא איז שוין אין דיא הענד פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

---

*) דיא קאַרטע אויף דער ענגלישער זייטע 291 ציינט אַלע בעוועגונגען פון דיא ארמעען אין צייט פון דער מלחמה מיט מעקסיקאָ, און וואו דיא שלאַכטען זיינען פארגעקומען. טיילאָר׳ס מארשרוט, צום ביישפּיעל, זעהט זיך צו דער רעכטער האַנד אויף דער קאַרטע, דאָרט וואו דער מעקסיקאַנער גאָלף געפינט זיך. העכער ארויף, נאָרד, זעהט זיך קירני׳ס מארשרוט פון פאָרט לעווענוואָירט ארונטער-צו אין מעקסיקאָ. נידריגער ארונטער, פון ווערא קרוז ביז דער שטאָט מעקסיקאָ, זעהט זיך סקאָט׳ס מארשרוט.

דיזע קאַרטע גיט אויך אַ בעגריף פון דיא גרויס פון דער טעריטאָריע וואָס איז נאָך דער מלחמה אריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. דיא מלחמה האָט שטאַרק אָבגעגליקט דיא פעראייניגטע שטאַאטען. איהרע חיל האָבען בעזיעגט דיא מעקסיקאַנער ביי יעדען צוזאַמענשטויס. איינמאַל איז טיילאָר בעפאַלען געוואָרען פון אַ מעקסיקאַנער ארמעע וואָס איז געווען פיער מאָל אַזוי גרויס וויא ער האָט קאָמאַנדירט און דיא מעקסיקאַנער זיינען געשלאַגען געוואָרען. עס איז געווען אין דיזער מלחמה, וואו דיא שפּעטערדיגע גרויסע קאָמאַנדירען פון דעם שרעקליכען בירגער קריעג האָבען געקראָגען זייער פּראַקטישע ערפאַהרונג. צווישען דיא אָפיצירען וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט ביי דער בעלאַגערונג פון ווערא קרוז (דער "גיבראַלטאַר פון מעקסיקאָ") זיינען געווען לייטענאַנט יוליסעס ס. גרענט און קאַפּיטאַן ראָבערט ע. לי. זיבצעהן יאָהר שפּעטער האָבען דיזע צוויי קאָמאַנדירען געפיהרט גרויסע ארמעען איינער געגען צווייטען אויף דיא שלאַכט-פעלדער פון דעם בירגער קריעג.

צוויי פון דיא קאָמאַנדירען אין דיזער מלחמה זיינען שפּעטער ערוועהלט געוואָרען פּרעזידענטען פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. דער ערשטער איז געווען זעקאַרי טיילאָר; דער צווייטער, פּרענקלין פּיערס. דיא מערקווירדיגע זאַך וועגען טיילאָר איז דאָס ביז ער איז געוואָרען פּרעזידענט האָט ער זיך אין פּאָליטיק גאַרניט בעטייליגט אויף קיין שום אופן. ער האָט זאָגאַר קיינמאָל ניט געשטימט אין זיין לעבען. דער הויפּט קאָמאַנדיר פון דער מלחמה, גענעראַל סקאָט, איז אויך געלאָפען פאַר פּרעזידענט, אָבער איז ניט ערוועהלט געוואָרען.

מלחמה עקזיסטירט "דורך דיא האנדלונג פון מעקסיקאָ", און האָט בעאויפטראַגט דעם פּרעזידענט ארויסצולאָזען אַן אויפרוף פאַר פופציג טויזענד פרייוויליגע סאָלדאטען און האָט איהם אויך בעפאָלמעכטיגט צו מאַכען אויסגאַבען פאַר מיליטערישע פּראָוויאַנט און האָט בעוויליגט גרויסע סומען געלד צום דעקען דיזע אויסגאַבען.*) וועגען דיזען באָטשאַפט און נאָך צוויי שפּעטערדיגע, אין וועלכע דער פּרעזידענט האָט ווידערהאָלט דיא בעשולדיגונג אַז מעקסיקאָ האָט זיך אַריינגעריסען "אין אונזער לאַנד" און האָט פערגאָסען "דיא בלוט פון אונזערע בירגער אויף אונזער באָדען", האָט עס אייבּרעהעם לינקאָלן אין רעפּרעזענטאַנטען הויז אַריינגעבראַכט אין יאָהר 1847 זיינע "פּלאַטץ־רעזאָלוציאָנען", אין וועלכע ער פאָדערט אויף דעם פּרעזידענט אָנצוצייגען דעם ריכטיגען פּלאַטץ וואו דאָס האָט פּאַסירט, און צו לאָזען וויסען דעם רעפּרעזענטאַנטען הויז, צו דיא "בירגער" זיינען ניט געוועזען בעוואָפענטע סאָלדאטען, וועלכע זיינען אַהין געשיקט געוואָרען אויף'ן פּרעזידענט'ס אייגענעם בעפעהל.

260. מעקסיקאָנער פעלד־צוג; ניו מעקסיקאָ. (1846—1847) — דער גאַנצער פעלד־צוג האָט ענטהאַלטען פיער פּלענער: (1) אַן אָנפאַל אויף מעקסיקאָ פון נאָרדען — דאָס איז פערטרויט געוואָרען צו גענעראַל זעקארי טיילאָר; (2) אַן אָנגריף אויף דער שטאָט מעקסיקאָ — דאָס איז אָנגעפיהרט געוואָרען פון גענעראַל ווינפיעלד סקאָט; (3) אַן אָנגריף אויף ניו מעקסיקאָ, איינשליסענדיג דאָס וואָס איז יעצט בעקאַנט אַלס אַריזאָנאַ — דאָס איז געמאַכט געוואָרען אונטער דער לייטונג פון גענעראַל סטיפען וו. קירני; (4) אַן אָנגריף אויף קאַליפאָרניא דורך דער פלאָטע פון אַמעריקאַנער שיפען וועלכע זיינען געשיקט געוואָרען אַהין ווען מען האָט פאָראויסגעזעהן דיא מלחמה מיט מעקסיקאָ. אַלע דיזע פּלענער זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען.

גענעראַל טיילאָר, מיט אַ מאַכט געגען זיך וואָס איז געוועזען פיעל גרעסער

---

*) מען האָט דאַן געזאָגט, אַז "דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָט געזוכט צו קריגען בעצאָהלט דאָס וואָס עס האָט געקומט איהרע בירגער און האָט אין דעם ניט געהאַט קיין ערפאָלג". דיא גערעכטיגקייט פון דיזע פאָדערונגען איז אָם בעסטען פאַל געוועזען זעהר צווייפעלהאַפט, און מעקסיקאָ האָט געטהאָן איהר בעסטעס דיא שולדען צו בעצאָהלען. אָבער דער אונרוהיגער צושטאַנד פון לאַנד האָט געמאַכט אונמעגליך פאַר דער מעקסיקאַנער רעגיערונג צו קאָלעקטירען אַ הכנסה. ווען זיא האָט געדענקט אַז זיא זעהט דייטליך איין דעם מאָטיוו פון דער בעוועגונג צו מאַכען טעקסאַס פאַר אַן אונאָבהענגיגע שטאַאט, איז עס ניט געוועזען אוננאַטירליך אַז זיא זאָל אויפהערען צו צאָהלען.

promptly by declaring that war existed "by the act of Mexico," authorizing a call for fifty thousand volunteers and expenditures for military supplies, and appropriating large sums to meet the expenses.[1]

Mexican War begun.

It was in relation to this message and two later ones in which the President reasserted the charge that Mexico had invaded "our territory" and shed "the blood of our citizens on our own soil," that Abraham Lincoln, in the House of Representatives, introduced in 1847 his "Spot Resolutions," calling upon the President to indicate the exact spot where this had taken place, and to inform the House whether the "citizens" had not been armed soldiers, sent there by the President's own orders.

Mexican campaign.

**260. Mexican Campaign; New Mexico.** (1846–1847.) — The whole campaign embraced four projects: (1) an attack upon Mexico from the north — this was intrusted to General Zachary Taylor; (2) an attack upon the city of Mexico — this was led by General Winfield Scott; (3) an attack upon New Mexico, including what is now known as Arizona — this was made under the direction of General Stephen W. Kearny; (4) an attack upon California by the fleet of American vessels which had been sent there in anticipation of war with Mexico. All these plans were carried out.

General Taylor.

General Taylor, against heavy odds so far as numbers were concerned, defeated the Mexicans at Monterey, and at Buena Vista (February 27, 1847); but the government,

[1] It has been said that "the United States tried in vain to get a payment of what was due her citizens." The justice of these claims was very doubtful at best, and Mexico had done her utmost to pay them, the disordered condition of the country making it almost impossible to collect a revenue. When she thought she saw the meaning of the Texas negotiations, it was not unnatural that she should cease to make payment.

# CHAPTER XIII.

## THE MEXICAN WAR AND SLAVERY.

REFERENCES.

A. B. Hart, Source-Book, Chaps. xvi., xvii.; H. C. Wright, Children's Stories of American Progress, Chaps. xiv.–xvi.

259. **War with Mexico.** (1846.) — With the annexation of Texas, the United States succeeded to a quarrel with Mexico. Texas claimed the Rio Grande as her southwestern boundary, while Mexico insisted that the Nueces River was the true division line. President Polk sent an envoy to Mexico; but the Mexicans would have nothing to do with the envoy, and he returned from a fruitless errand. **Texan claims.**

Meanwhile, General Zachary Taylor, with a small body of troops, had been ordered to Corpus Christi, on the border of the disputed territory, and a little later to advance to Fort Brown (Brownsville), on the Rio Grande. The Mexicans naturally looked upon this as an invasion of their country, and ordered a body of troops across the river; an engagement soon followed, and the Mexican War was begun. This was April 24, 1846. **Mexican War begun, 1846.**

President Polk, as soon as the news reached him, sent a message to Congress, in which he said, "Mexico has passed the boundary of the United States, has invaded our territory, and shed American blood upon the American soil." "War exists, and notwithstanding all our efforts to avoid it, exists by the act of Mexico herself." Congress responded

## דרייצעהנטער קאַפּיטעל

# דיא מעקסיקאַנער מלחמה און שקלאַפעריי

259. מלחמה מיט מעקסיקאָ. (1846) — דיא אַנשליסונג פון טעקסעס האַט געפיהרט צו אַ מחלוקה צווישען דיא פעראייניגטע שטאאטען און מעקסיקאָ. טעקסעס האַט געטענה'ט אַז דער טייך ריאָ גרענד איז איהר נאָרדליכער גרענעץ, וועהרענד מעקסיקאָ האַט געזאָגט אַז דער טייך ניוקעס איז דיא ריכטיגע גרענעץ ליניע. פּרעזידענט פּאָלק האַט געשיקט אַ שליח נאָך מעקסיקאָ; אָבער דיא מעקסיקאַנער האָבען מיט'ן שליח גאָר ניט געוואָלט האָבען צו טהאָן, און ער האַט זיך צוריק געקעהרט פון זיין פרוכטלאָזער שליחות.

דערווייל איז גענעראל זעקארי טיילאָר, מיט אַ קליינער אָבטיילונג סאָלדאַטען, געשיקט געוואָרען נאָך קאָרפּוס קריסטי, אויף'ן גרענעץ איבער וועלכען דער סכסוך איז אָנגעגאַנגען, און אַביסעל שפּעטער האַט ער געקראָגען אַ בעפעהל צו געהן ווייטער נאָך פאָרט בראַון (בראַונזוויל), ביים טייך ריאָ גרענד. דיא מעקסיקאַנער האָבען נאַטירליך געקוקט אויף דעם אַלס אַן איינברוך אין זייער לאַנד, און זיי האָבען געשיקט אַן אָבטיילונג סאָלדאַטען אריבער דעם טייך; אַ צוזאַמענשטויס איז באַלד פאָרגעקומען און דיא מעקסיקאַנער מלחמה האַט זיך אָנגעפאַנגען. דאָס איז געווען דעם 24טען אַפּריל, 1846.

פּרעזידענט פּאָלק האַט אַזוי שנעל וויא דיא נייעס איז איהם אָנגעקומען געשיקט אַ באַטשאַפט צום קאָנגרעס, אין וועלכען ער האַט געזאָגט: "מעקסיקאָ איז אַריבער דעם גרענעץ פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, האַט זיך אריינגעבראָכען אויף אונזער לאַנד, און האַט פערגאָסען אַמעריקאַנער בלוט אויף דעם אַמעריקאַנער באָדען". "דיא מלחמה עקזיסטירט שוין, און טראָץ אַלע אונזערע אָנשטרענגונגען עס צו פערמיידען, עקזיסטירט עס דורך דיא האַנדלונג פון מעקסיקאָ אליין." דער קאָנגרעס האַט געענטפערט שנעל מיט אַן עקלערונג, אַז אַ

# A HISTORY OF THE UNITED STATES

BY

ALLEN C. THOMAS, A.M.

AUTHOR OF "AN ELEMENTARY HISTORY OF THE UNITED STATES," AND PROFESSOR OF HISTORY IN HAVERFORD COLLEGE, PENNSYLVANIA

NEW EDITION

REWRITTEN AND NEWLY ILLUSTRATED

VOLUME II

NEW YORK

JEWISH PRESS PUBLISHING CO., PUBLISHERS

1916

# געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען

פון


**עלען סי. טאָמאַס,** (מאסטער אוו ארטס)

פערפאסער פון „אן עלעמענטארע געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאאטען"
און פראָפעסאָר פון היסטאָריע אין הייווערפאָרד קאלעדזש, פענסילווייניא


איבערזעצט איז אידיש אונטער דער רעדאקציאָן פון

**וו. עדלין**

צווייטער באנד


ניו יאָרק

דזשואיש פרעס פּאָבלישינג קאָמפּאני, פּאָבלישערס

1916